וויקטאָר מאַרגעריט

# דיין קערפּער געהערט דיר

ייִדיש: פּועה ראַקאָווסקי

פאַרלאַג ש. גאָלדפאַרב

וואַרשע, 1928

# הקדמה.

מוסולמענער און ייִדן איז מען זיך נוהג
שליב היגיענישע צוועקן, צו באַשנײַדן,
טאָראָס זאָל מען נישט מאַכן אַ שביה
בײַ אַלע הײַדאָם ?

אַ יונגע דאָרפֿישע מיידל, וואָס האָט זיך דערצויגן בײַ אַ פֿעטער אַ פֿילאָזאָף, האָט זיך אַרומגעזען, אַז געוויסע פֿאַרמען פֿון פֿאַמיליען לעבן און געוויסע געזעלשאַפֿטלעכע יסודות זענען אַ פֿאַרפֿעסטעטע, פֿאַרשטיקטע געפֿענגעניש. זי אָבער איז פֿרײַ פֿון דידאַקטיק מאָראַלישע קייטן אַ דאַנק אירע אומגליקן און דער אייגענטימלעכער אַנטוויקלונג פֿון איר אינטעלעקט.

ווען נישט אירע אייגענע פֿעסטע איבערצייגונגען, וואָלט זי, פֿאַלענדיק אַלס קרבן פֿון אַ צופֿאַל, געוואָרן איינע פֿון יענע אומגליקלעכע מיידלעך,—מאַמעס—פֿאַרברעכערינס אָדער רעזיגנירטע באַשעפֿענישן—וואָס שלעפּן זייער עלענד לעבן, איבערגייענדיק פֿון איין פֿאַרשקלאַפֿונג אין דער צווייטער. איר דערציאונג קאָמפּליצירט בלויז אירע נסיונות, ווייל זי דערפֿירט איר צו באַוווסטזיניקייט, דעם שליסל פֿון אַלע געפֿענגענישן.

אַ נשמה אַ חיהשע, אַ פֿאַרגרעבטע, איז נענטער צו דער ריכטיקער אָפּשאַצונג פֿון די ווערטן. דער, וואָס דערנעטערט זיך אינסטינקטיוו צו דער נאַטור, אַנטלויפֿט פֿון שקר, דערהויבט זיך צום אמת.

איך בעט דער פּראָפֿעסיאָנעלער קריטיק—נישט אייך מײַנע פֿרײַנט—לעזער, וואָס איר זענט מיר נאָכגעגאַנגען, אין אַזאַ גרויסער צאָל, אין דער טרילאָגיע „די פֿרוי אונטערוועגס"—

נישט אַרויסטראָגן מיין העלדין קיין דעפיניטיוון אורטייל אויפֿן גרונט פון דעם ערשטן ראָמאַן „דיין קערפּער געהערט דיר" געהערט צוזאַמען מיט די אַנדערע צוויי ראָמאַנען, וואָס איך האַלט ביים ענדיקן, צו אַ צווייטער טרילאָגיע אונטערן געמיינזאַמען נאָמען: „דער וועג צום גליק".

עס איז געווען, אַז צוליב דער „בחורטע" האָבן די פּאָליטישע ליידנשאַפטן, פאַרקריפּלט מיין געדאַנק, איך פאַרלאַנג אַז „דיין קערפּער געהערט דיר" זאָל נישט אַרונטערפאַלן אונטערן זעלבן גורל. איך וויל צוגעבן, אַז פּונקט ווי איך האָב נישט פּרעטענדירט אין דער ערשטער טרילאָגיע צו שילדערן אַ ווירקלעכן טיפּ פון אַ מאָדערנער פּראָנצוויזישער מיידל, אַזוי האָב איך נישט געהאַט בדעה דורך אַ בילד פון איין ריכטער צו קריטיקירן אונזער גאַנצן געריכטס-וועזן, אָדער שילדערנדיק אַ בעדאָש, אַן אָוונט פון נואַפים און ליידיק-גייער—צו שטעמפּלען אין בלאָק די זיטן פון אַ צייט, וואָס לעבן אירע שרעקלעך, העסלעכע זייטן, פאַרמאָגט זי אויך גרויסע שיינקייט. איך געהער נישט צו יענע, וואָס באַהויפּטן: „לויט איינעם אורטייל אַלע". קיינער באַציט זיך נישט מיט קיין גרעסערן צוטרוי צו דער פּערמענענטקייט פון לעבן, וואָס האַלט זיך כסדר אין איין בייטן.

וואָס וויל איך מיט מיינע לעצטע ביכער?—אונטערשטרייכן דורך דער כאַראַקטער שוואַכער מאַניקע און אין דער ווילנספּעסטער אַניקע, די עטאַפּן, וואָס עס מאַכן דורך אַזאַ מאַסע פרויען נשמות, זוכענדיק זייער איך אין די שווערע שמאָלע וועגלען, וואָס פירן צו דער באַפרייאונג. „דער וועג צום גליק" דאָס איז דער ווילן זיך אויפצוהייבן העכער, צו באַגלייטן דעם לאַנגן שווערן וועג ווו, פאַלנדיק אונטער דער לאַסט פון דער מוטערשאַפט, גייט די פרוי מיט גרויס מי פאָרווערטס, פאַרטיידיקנדיק מיט אירע צאַרטע הענט דאָס ליכט פון דער מענטשלעכער האָפענונג...

אָט פאַרוואָס, אָן שום איבעריקע פּחדנותדיקע תירוצים, זיך שטיצענדיק אויף אַ פּאַקטישע, איבערגעלעבטע

…עשיכטע, אַטאַקיר איך אין דעמדאָזיקן נייעם ווערק זאַט, וואָס ס'איז אין מיינע אויגן דער גאָרדישער קנויל, וואָס צודריקט מיט זיינע פֿאַרוויקלטע קניפּ דעם פֿאַרשקלאַפֿטן געדאַנק פֿון די פֿאָלקסמאַסן. דער פּראָגרעס וועט אַזוי לאַנג בלייבן אַ פּוסטער קלאַנג, כּל זמן עס וועט נישט ווערן געלעזט צום נוצן פֿון דער פֿרוי און דער מוטער דאָס סעקסועלע פּראָבלעם. עס איז אַ פֿראַגע פֿון דער העכסטער וויכטיקייט! פֿון איר היינגט אָפּ דאָס סאָציאַלע פּראָבלעם, זי געפֿינט זיך אומעטום איז אַ רינג צונויפֿגעבונדן מיט די זיטן און געזעצן. די לייזונג: דאָ, אויף דעם אָרט מוז מען איר איבערהאַקן.

אין טאָג ווען עס וועט זיך ענדיקן פֿאַר אונזערע טעכטער די געפֿאַר צו פֿאַבריצירן, אויטאָמאַטיש, דאָס וואָס די קאָנסומציע פֿון דער אינדוסטריע רופֿט אָן, אונטער אַלע פֿאָרמען, דעם קריג אייַנגעשלאָסן מיטן שרעקלעכן נאָמען „ענטשן-מאַטעריאַל", אין דעם טאָג, און אויסשליסלעך אין דעם טאָג, וועט זיך ענדיקן די אַבסורדע אומגלייכקייט פֿון די געשלעכטער גלייכצייטיק מיטן איבערגעוויכט פֿון קלאַס.

דאָס שטים-און וואַל-רעכט פֿאַר פֿרויען איז בלויז אַ מיטל זיך צודערנענטערן צום ציל; ער וועט בלייבן אומדערגרייכבאַר אַזוי לאַנג, כּל זמן דאָס געבאָרן אַ קינד וועט נישט זיין דער פּראָדוקט פֿון אַ דורכגעטראַכטן פֿרייען ווילן. זאָל זיך זייער ווילן דורכדרינגען מיט דערדאָזיקער איבערצייגונג! כּל זמן זיי וועלן עס נישט פֿאַרשטיין:—זיך אָרגאַניזירן איז נאָך ווייניק, דער עיקר איז די באַוווּסטזיניקייט, וועלן זיי בלייבן אונטערגעוואָרפֿן דעם געזעץ פֿון מאַנספֿאַרשוין, דעם געזעץ וואָס פֿאַרוואַנדלט זיי אין תאווה-אַפּאַראַטן און שלעכטע רעפּראָדוצירער.

מוטערס לויט זייער אייגענעם ווילן—אויף זייער זייט וועלן זיין אַלע שאַנסן אַרויסצוגיין אַלס זיגערינס אים קאַמף מיט די שרעקלעכע פּלאָגן—פֿון שווינדזוכט ביז אַלקאָהאָליזם, פֿון סיפֿיליס ביז הונגער—וואָס האַלטן כּסדר און איין פֿאַרניכטן דעם שניט, וואָס זיי גיבן דער וועלט.

נישט בלויז צו די פֿרויען פֿון מיין לאַנד ווענד איך זיך

מיט דידאַזיקע זייטן, וואָס זענען העכער פון פּאַרטייאישקייט, פאַרפאָלגן אַ העכערן ציל. פון איצט אָן, אַ דאַנק דעם שטאַרקן אַנטוויקלטן אוניווערסאַלן פאַרקער, איז אַ נאַציע וואָס קאָנצענטרירט זיך בלויז אויף זיך אַליין נישט לעבענספעיִקער, ווי אַן איינזאַמער אינדיווידום אין דער געזעלשאַפט. דאָס האָט דייטלעך באַוויזן דער לעצטער קריג.

יעדער מענטש, וואָס זיין שטים הערט זיך ווייט, האָט די פליכט צו פּראָקלאַמירן: די פּרוכטבאַרקייט פון ערד-קויל האָט זיינע גרענעצן, די פּרוכטבאַרקייט פון מענטשלעכן געשלעכט איז אָבער אומבאַגרענעצט. קוים פאַרלירט זיך דער גלייכגעוויכט צווישן דידאָזיקע צוויי פּראָדוקציעס—מישט זיך תּיכּף אַריין איינער פון די מענטשלעכע פּלאָגן און גלייכט אַלץ אויס.

אויב מיר זאָלן אפילו צולאָזן דאָס—קעגן וואָס־ס פּראָטעסטירט שטאַרק יעדע מענטשלעכע נשמה—אַז צווישן די אומפאָראויסזעענדיקע פעלקער זאָל אויסברעכן אַ נייער קאָנפליקט, וועלן פאַרן זיך האָבן א באַדייטונג נישט די נומעריש שוואַכע קרעפטן, נאָר די דערפינדונג פון דער בעסטער מאַשין, אויף הרגענען מענטשן. עס וועט גענוג זיין איין איינציקער דערפינדערישער מוח אויף צו פאַרניכטן מיליאָנען מענטשלעכע עקזיסטענצן. אויף דעם אופן האָט דער נעאָ-מאַלטוזיאַניזם, וואָס ווערט באַשולדיקט אין אָפּשוואַכן די מענטשלעכע ראַסן, אפילו אין די אויגן פון די פּראָנצויזישע שאָוויניסטן נישט געדאַרפט אויסזען אַזוי שרעקלעך.

ווי זיינע פּאַראַמעטע עלטערן—דער אויגעניזם און די קולטור פון אומרייפן עלטער—וויל דער נעאָ-מאַלטוזיאַניזם קודם כל מאַכן דאָס לעבן פּרוכטבאַרער און שענער, אַזוי צו זאָגן ס'קאַנאַליזירן. אָבער דאָרט ווו די ערשטע צוויי וויסנשאַפטן קאָנען בלויז קורירן,—אפט טאַקע צו שפּעט,—זעט דער נעאָ-מאַלטוזיאַניזם אַלץ פאָרויס.

די דאָקטרינען פון מאַלטוס און דריסדאַל,—וואָס איז די קלאָרער זעענדיקסטער פון די ביידע—דידאָזיקע עכטע טעכטער פון בריטאַנישן געדאַנק—זענען אַדאָפּטירט אין ענגלאַנד, אמע-

ריקע, שוועדן, האָלאַנד און דייטשלאַנד, גאַנץ אָפּן דורך אַ רייע גרויסע געלערנטע, וואָס זייער צאָל ד״האַלט כסדר אין וואַקסן. און היפּקריטיש, צביעותדיק, אין דער שטיל אין אַלע אַנדערע לענדער, דורך אַלע הערשנדיקע קלאַסן.

אָבער דער אָפּיציעלער פאַרבאָט, אין פאַרשידענע לענדער איבערהויפּט, דער אומגערעכטער געזעץ פון 1920 אין פראַנקרייך לאָזט נישט אַריינדרינגען אין די מאַסען די ליכטיקע שטראַלן פון דידאָזיקע דאָקטרינען. אומזיסטע אַרבעטן קיין געזעץ איז נישט בכוח צו באַזיגן די ליכטיקייט.

ביסלעכווייז וועט זי אַריינדרינגען אין דעם געדיכטן חשך, ווו איר, אומוויסענדע, הכנעהדיקע זוכט אין דער פינסטער,—פאַנטאַזירנדיק צו שאַפן פאַר אונזערע קינדער אַ צוקונפט אָן דידאָזיקע אומגליקן. פון וועלכער איר האָט געליטן— און טאַקע איר, איר אַלע פרויען—אויב איר וועט עס נאָר באמת וועלן—וועט איר זיין די קינפטיקע שעפערינס פון אַלגעמיינעם פרידן.

מ. מ.

די ווערטער שטערן אונזער וועג.

ניטשע

מיר רופן אָן אונמאָראַליש יעדע מאָראַל, וואס
איז נישט אונזערע. אַלע די, וועלכע האָבן
געגעבן דער וועלט וויפל ס'איז נייע גוטסקייט,
זײַנען פאַראורטיילט אויף פאַראַכטונג פון ערלעכע
מענטשן.

אַנאַטאָל פראַנס

צעשטערנדיק די גרענעצן
אַלע פרויען
און די מענער מיטן גוטן חילן
ווידמע איך
דאָס מוזיקע בוך פון האָפענונג.

# 1

—אָ, גאָט!.. סאַראַ חמימה!—האָט אַ זאָג געטון, אויף איר פראָוואַנסאַלער דיאַלעקט, שאַרלאָטע אַרעלי, אָפּווישנדיק דעם שווייס פון איר שטערן. זי איז געשטאַנען אין אַ ווינקל פון שטאַל — אַ געזונטע ווי אַ נוס, מיט אַ פּאָר פעסטע פיס און האָט אויסגעשאָטן די ביינטע טאָטשקע, אַ פול אָנגעפּאַקטע מיט געלבלעכע, קנאַקעדיקע סאָסנע-קאָלקעס. זייער גרוך האָט זיך צענויפגעמישט מיטן ריח פון די קי אין שאָטן פון דער נידעריקער געביידע.

—טו אַזוי ווי איך, הויב אויף דאָס מעמד!—האָט ספּירי-טע געראָטן דער שוועסטער, נישט אויפהערנדיק צו האַקן מיט דער לאָפּאַטע, כּדי אויסצוגלייכן די שמעקענדיקע וואַלד-צווייג-לעך אונטער די פיס פון די בהמות. זיי האָבן געהאַלטן אַיין איין אָפּטרייבן מיט זייערע עקן די דערעסנדיקע פליגן.

—אַ דאַנק דיר פאַר דער עצה! האָט זיך געבעסט די צוקאָכטע שאַרלאָטע אַלס עלטערע שוועסטער האָט זי זיך גע-האַלטן בכּבודיק און געוואָרפן בייזע בליקן אויף דער יונגערער וואָס האָט זיך געפילט אַזוי מונטער אין איר אַרבעטס-בלוזע, אויפדעקנדיק ביי יעדער באַוועגונג אירע אָפּגעברענטע קינדע-רישע אַקסלען און די געשיקטע הענט ביז אונטער די אָרעמס.

מיט דער תמימות פון אַ קליין מיידל, אַ לעבעדיקע און

אַ געזונטע, וואָס זעט נישט קיין שום שלעכטס דערין וואָס זי ווייזט זיך—פיזיש און מאָראַליש—אַזוי ווי זי איז, האָט זי געענטפערט:

—אַ גרויסע מעשה! איך טו באַלד אויס די בלוזקע אויך! שאַרלאָטע, אַוועקפירנדיק די טאַטשקע. האָט איר שטרענג אַ זאָג געטאָן שטייענדיק אויפן שוועל:

—מער וועט דיר נישט פעלן!

יענע האָט געענטפערט מיט אַ גרימאַסע:

—און פאַרוואָס זאָל איך טאַקע נישט אַראָפּוואַרפן פון זיך די בלוזקע!—האָט זי זיך געפרעגט ביי די קי, רויקע און נאַקעטע אונטער זייער קורצהאָרציקער פעל... אייך איז גוט, איר דאַרפט נישט אַרויפשלעפן אויף אייער רוקן קיין באַרג שמאַטעס! אייער משפחה דערגייט אייך נישט דערמיט די יאָרן...

דער ראָד פון דער טאַטשקע און שאַרלאָטעס גראָבע פיס, בעת זי איז אַדורכגעגאַנגען די הויכע טעראַסע, האָבן אַ שיין געטאָן דורך דער עפּענונג, וואָס האָט אין בהמות-שטאַל געדינט אַנשטאָט אַ פענסטער. מיט אַ שנעלער באַוועגונג האָט ספּירי-טע באַפרייענדיק דעם האַלדז, אַראָפּגעריסן פון זיך די בלוזקע, אויסדרייענדיק איר אויף דער לינקער זייט ווי אַ פעלכל פון אַ קראָליק. זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קורץ געשוירענעם קאָפּ און אַ וואָרף געטאָן די לייכטע בלוזקע אויפן ווענטל, לעבן איר העמד.

—פּ-פו! אַזוי איז טאַקע בעסער...

ווידער האָט זי זיך אָנעם געטאָן צו די לאָפּאַטעס, זיי געהויבן אין דער הויך און אויסגעגלייכט דעם דיוואַן פון די קאָלקעס, גליקלעך מיטן פרייען שפּיל פון אירע גלידער. דער שלאַנקער מאָגערער קערפּער האָט זיך מוטיק באַוועגט אין פאַר-שטיקטן האַלבטונקל, ווי עס האָט נאָך דייטלעכער אָפּגעשלאָגן זיין גאָלדענער שיין!

גרייט מאָמענטאַל זיך אָנצוטאָן, קוים וועלן זיך דערהערן דער מוטערס טריט, פאַר וועלכער זי דהאָט מורא געהאַט נאָכן ברודער—אָבער לואי איז היינט אַוועקגעפאָרן נאָך מיטן

רעשטן צוג, פאַרבערענגען דעם זונטיק אין סען־ראַפּאַעל. כּ...
טע האָט אינדער שטיל געלאַכט צו זיך אַליין ביים געדאַנ־
קען דעם וואָס פאַר אַ מינע עס וועט מאַכן איר שוועסטע,
אַריינקומענדיק אין שטאַל...

עס האָט אַ סקרופּע געטאָן דער אָקס פון דער טאַטשקע.

אָ! האָט אַ געשריי געטאָן שאַרלאָטע, אַראָפּלאָזנדיק איר
משא. און מיט ווילדע קוות האָט זי שטייענדיק אויפן שוועל
גערופן דער מוטער:

—מאַמע, ספּי, איז שוין ווידער מוטער־נאַקעט.

—שפּיאָנקע!

די שאַרפע שטים פון מאַדאַם אַרעלי האָט פון דערווייטנס געקלונגען מיט פאָרוואורף:

—ספּיריטאַ!

אָבער שרייענדיק אויפן איבערקול: „מאַמע, ביי מיר
אויפן רוקן טאַנצט אַרום אַ גריל!" האָט זיך ספּיריטע גלייך אַ
וואָרף געטאָן אויף דער מסרטע אין איר ווי געהעריק מכבד
געווען.

—שמוציקע פליג! ווען איך זאָל דערציילן אַלץ וואָס
איך וויים וועגן דיר!

—איך האָב נישט וואָס מורא צו האָבן. איך ווייז נישט
מיין קערפּער דער גאַנצער וועלט!

—פאַרשטייט זיך! דאָס וואָלט זיין צו פריי! אָבער
דערפאַר לאָזטו זיך טאַפּן פון קוזין רעסי.

שאַרלאָטע האָט זיך אַ שטעל געטאָן. אירע אויגן האָבן זיך
אָנגעצונדן, די ליפּן זענען געוואָרן ווייס ווי קאַלך.

—דאָס וואָס איך טו, איז נישט דיין זאַך, גייט דיך
נישט אָן, דו ביזט נאָך פון ערד נישט אָפּגעוואַקסן! ניין, עס
איז שוין צופיל!... איך בין די עלטערע, נאָך מיט אַ יאָר
צוריק מינדיג געוואָרן.

—און דערנאָך?

—פאַרמאַך דיין מויל און טו זיך תיכף אָן.

צוועקשטעלנדיק זיך פעסט אויף די גרויסע פינגער פון

די פיס, אין דער פּאָזע פון אַ פּעלז־באָק, וואָס איז גרייט צום קאַמף—האָט ספּי חוצפּהדיק געענפערט...

—איך וועל זיך אָנטאָן ווען א י ך וועל וועלן! דער ענטפער אויף דעם איז געווען אַ פּליאַסק:

—אָט האָסטו!

איין שפּרונג, און ספּיריטע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער שוועסטער. זיי האָבן זיך ווי איינגעגעסן איינע אין דער אַנדערער. קונציק אינטערשטעלענדיק די פוס, האָט די יונגערע דער עלטערער אומגעוואָרפן. זי איז אַ פּאַל געטאָן אויף אַ בינדעל היי, וואָס איז געווען צוגעגרייט פאַר די בהמות אויף אָוונט-פּאַשע. אַמוזיסט האָט זיך שאַרלאָטע ווידער אַ וואָרף געטאָן אויף דער קעגנערן: דער מאָגערער קערפּער האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון אירע דיקע הענט. די עלטערע האָט גע־קרעכצט אונטער די מוראדיקע קלעפּ. די יונגערע האָט כסדר געהאַקט:

—אָט האָסטו דיר, וואַרט, איך וועל דיר אָנלערנען.

באַלד האָט שאַרלאָטע אָנגעהויבן אויפן קול יאָמערליך צו קלאָגען:

—מאַמע! ספּי וועט מיר דערשטיקן!

אויפן געשריי איז מאַדאַם אָרעלי געקומען צו לויפן.

—וואַרט איך וועל אייך באַווייזן!

דידאָזיקע דראָאונג איז געווען גענוג אויף אָפּצושטעלן דעם קאַמף, נישט וואַרטענדיק ביז די מוטער וועט קומען, האָט ספּיריטע אַ שפּרונג געטאָן צום פענסטערל, געכאַפּט פאַרבייטענ־דענדיק אירע זאַכן און, איידער מאַדאַם אָרעלי האָט זיך, אַ פאַרסאַפּעטע, באַוויזן אויפן שוועל פון שטאַל, איז זי שוין געווען פון דער אַנדערע זייט, פאַר־שווינדענדיק דורך דער עפענונג ווי אַ פלינקע קאַץ.

—אַ מין התפעלות האָט ווי פאַרשטיקט דער אַלטערס האַלדז, זי האָט געהאָלפן זיך אויפהויבן דער צעטומעלטער שאַרלאָטע.

—אויף ווידערזען, חברה־לייט! האָט זיך דערהערט פון

טעראַסע ספּיריטעס חוזק—שטים.—און איצט וועל איך אויף זיך אַנטשעפּען מיינע שמאַטעס אין גיין פרישטיקן צום טויף—פּאַטער.

—ספּיריטע! האָט די מוטער זיך געבייזערט, איך דערלויב נישט...

עס האָט זיך דערהערט אַ לידעל:

—לואי אַמוזירט זיך מיט הינער-שפּיל... דער פּאַטער מיט בילאַרד-שפּיל... און איך וועל זיך לאַנג ווײלן מיט מאַכן סטאַטועטקעס.

דאָס מיידל איז אַנטלאָפן ווי אַ פייל פון בויגן.

—אוי איז דאָס אַ סחורה! אַן אמתער טייוועל...

אין טאָן פון דער מאַדאַם אָרעלי, וואָס איז געווען לגמרי אַנמעכטיק מיט דער קליינער עפּעס צו מאַכן, האָט אויסער איר זיפצן אין התפעלות, וואָס זי האָט געבראַכט אויף דער וועלט אַזאַ מין פענאָמען, גלייכצייטיק אויך געקלונגען אַ נאָטקע פון ווילדן האַס און אומבויגזאַמען ווילן: זי וועט אים בענדיקן דעמדאָזיקן אייזל.

—ווייסט וואָס איך וועל דיר זאָגן, ליאָטע,—האָט זי פאַרענדיקט דעמדאָזיקן שמועס—שולדיק אין אַלעמען איז דער משוגענער סעבאַסטיאַן, ער פירט איר איבער, מאַכט פון איר אַ תל. דער טייוול זאָל צונעמען אַלע טויף-פּאַטערס! ווען נישט דערדאָזיקער פּעטער, וואָלט איך איר שוין לאַנג אָנגעלערנט!... אָבער האָב געדולד!

אַ פייערל האָט זיך אָנגעצונדן אין דער מוטערס גייזקאַלטע אויגן. יאָ, ווען נישט דערדאָזיקער פּעטער... דאָס הייסט ווען נישט זיינע טעלעכבס פו..

# 2

סעבאַסטיאַן פּאַקאָ, זשאַני אַרעליעס עלטערער ברודער, איז געווען דאָס כּפּרה—הענדל פון דער פערמערשע און דער איינציקער אין דער פאַמיליע, וואָס ספּי האָט אים אמת ליב געהאַט, נאָכן פאָטער, אַ שוואַכער אָבער פילענדער, קלוגער מענטש. זי האָט טאַקע ליבער געהאַט דעם, וואָס האָט זיך באַהאַלטן אונטער זיין שטרענגער אויסערליכקייט אין זיינע גרויליכע האָר, ווען דאָס גאַנצע שאַטאָ-רוזש האָט נישט גע-רופן אַנדערש ווי דער ווילדער שוויין.

נישט קוקנדיק אויפן שטאָלענעם בליק, וואָס איז אייך ממש אַריינגעדרונגען אין דער נשמה, האָט זיך דער פעטער פּאַקאָ תמיד באַצויגען צו איר מיט אַ געדולדיקער צערטליכקייט. די צוגעבונדענקייט פון צוויי באַשעפענישן, וועלכע עס טיילט אָפּ אַזאַ גרויסער שטח, איז שוין מער ווי געוווינהייט, ווי אינס-טינקט. זי האָט אָפּגעגעבן דעם אַלטן בחור די ריינסטע צערט-ליכקייט פון איר ספּאַנטאַנער נאַטור, פילענדיק, אַז אין זיינע אויגן פאַרקערפּערט זי מיט זיך אַלץ, וואָס ער האָט ליב געהאַט אויף דערדאָזיקער וועלט. ער פון זיין זייט—נישט באַגעגענדיק אויף זיין גאַנצן לעבנס וועג קיין איינציקע פרוי, מיט וועלכער ער זאָל זיך וועלן צונויפבינדן, כּדי צו שאַפן בייע לעבנס—האָט געזען אין ספּיריטן די טאָכטער פון זיינע טרוימען.

יעדן אָוונט אין פאַרלויף פון די לעצטע פּינף יאָר—
איידער זי איז אַרויסגעטרעטן פון שולע, כדי אָנצוהויבן אַרבע-
טן אויף דער פערמע, נאָכדעם ווי זי האָט באַקומען אַן צעטעס-
טאַט, אַז זי האָט געענדיקט, דעם קורס—פלעגט זי קומען צו
אים נאָך דער שולע לערנען די לעקציעס אויף מאָרגן. און
אויך איצט יעדן זונטאָג נאָכמיטאָג פלעגט ער מיט איר לערנען,
איר אַנטוויקלען און גלייכצייטיק פאַרווײַלן.

„פעטער, דו ביזט מיין אמתער פאָטער,״ פלעגט זי איִם
אָפטמאָל זאָגן, אויפהויבענדיק צו זיין זויערן און שמייכלדיקן
פנים איר לבעדיקע אומרויקע צורה.

און ער, וועלענדיק זיך רייצן מיט איר, פלעגט ענטפערן:

—ניין, דו ביסט אַן אמתע אָרעלי!.. ווי דיין שוועסטער,
דיין ברודער... אַן אָרעלי מיט די ביינער!...

אינסטינקטיוו פלעגט ער צוגעבן דעמדאָזיקן אויסדרוק אַן
אַקצענט פון אַ פאַראַכטנדיקן רחמנות-געפיל. אָבער ספּי האָט
זייער גוט געזען אין זיין כיטרן בליק, אַז זי איז געווען אַן
אויסנאַם און אַז דער פעטער גופא האַלט פון איר מער ווי
פון אַלע אַנדערע.

... סוף כל סוף פלעגט ער איר אַ גלעט טאָן אין באַק און
זאָגן:

פון דיר וועט נאָך אפשר פאָרט געלונגען עפּעס צו
מאַכן... אַרבעט! לערן זיך!

דער מוטערס טרוקנקייט, דעם פאָטערס שטערנדיקער
נישט-עקזיסטירן, און די ווילדע אומאָפּהענגיקייט פון דעראָזי-
קער קוים פערצניאָריקער מיידל—מיט איר אומגעוויינלעך אַנט-
וויקלטן פאַרשטאַנד און אַנגעבאָרענער אינטעליגענץ—האָט גע-
שאַפן פון איר אַזאַ מין בריה, וואָס איז געבליבן אַ רעטעניש
פאַר אירע עלטערן, וועלכע זענען אויסגעוואַקסן אין דער רו-
טינע פון דאָרפישן פאַרמלחמהדיקן לעבן—דאָס אַלץ האָט דער
פעטער פּאַקאָ אַנאַליזירט, אָפּגעוואויגן, אָפּגעשאַצט מיט יעדער
אומבאַגרענעצטער, אַלץ מוחלדיקער קלאָרזעעוודיקייט, וואָס ער

האָט געהאַט צו פאַרדאַנקען זיין פערזענליכן כאַראַקטער ווי אויך זיין פאַך אַלס זעע-מאַן.

אַ זון פון אַן אָרעמען פויער, וועלנדיק פאַרברייטערן זיין האָריזאָנט, האָט ער אין זיין פריסטער יוגנט פאַרלאָזן דעם דאָרף, איז אַוועק קיין טולאַן, זיך געגומען צו פאַרשידענע מלאכות, דורכגעמאַכט אַ שווערע לעבנס-שולע און דערנאָך אָנגעהויבן פאָרן אויף די שיפן פון אַ פּריוואַטער נאַוויגאַציע-געזעלשאַפט. צו פערציק יאָר, נאָך אַ לענגערן אויפענטהאַלט אין יאַפּאַן און הינדאָקיטאַי, וו ער האָט שטודירט זיידן-צוכט, איז ער געקומען צוריק און האָט זיך באַזעצט אין שאַטאָ-רוזש. באַקומענדיק אַ פּאָסטן אַלס אינספּעקטאָר איבער אַ ספּעציעלער קולטור פון פאַרשידענע זריעה-קערנער און גלייכצייטיק באַשטימט אַלס רעגירונגס קאָנטראָליאָר איבער דער זייד-אינדוסטריע פון גאַנצן וואַר, האָט ער געלעבט ווי אַ געלערטער, פון באַשיידענעם געהאַלט פאַר זיינע אַמטן און פון דער פרנסה פון זיין גאָרטן, וועלכן ער האָט קולטיווירט לויטן לעצטן וואָרט פון דער טעכניק פאַר מאָדערנעם גאָרטנבוי.

פון אַלעמען געליבט, האָט ער אויף דעמדאָזיקן באָדן פון זיין האָרעפּאַשנער יוגנט, געקאָנט ווערן איינער פון די פירער פון לאַנד, וואָס האָט דעמאָלט, אַ דאַנק דער עקספּלואַטאַציע פון באָקסיט*) אָנגעהויבן שטאַרק אויפצעבליען. אָבער ער האָט קיין מאָל נישט געוואָלט זיך באַשעפטיקן מיט פּאָליטיק און אָפּגעגעבן זיין גאַנצע פרייע צייט דעם שטודיום פון אַ מערקווירדיקער אינטערעסאַנטער, אָבער נאָך ווייניק אויסגעאַרשטער וויסנשאַפט.

דער חיהשער מאַגנעטיזם—יענע מיסטעריעזע פלוידן-פּאָליטיקייטן,—וואָס מאַכן פון מענטשלעכן וועזן עפּעס אַ מין געטלעכע באַשעפעניש, וועלכע זוכט זיך אַליין צווישן דעם פּיזישן און גייסטיקן פּאָלאָס, דידאָזיקע ראַדיא-אַקטיוויטעט פון דער נשמה, וואָס איז איינגעשלאָסן אין קערפּער ווי אַ בליץ אין דער נאַכט—אָט די אַלע אומאַנדעקטע קרעפטן, האָבן אים געצויגן ווי אַ מאַגנעט; נאָך זיין צוריקומען פון אָריענט, זענען

*) באָקסיט — עסיגזויער אַלומיניום, אלוין-ערד.

זיי געוואָרן זיין גאַנצעד לעבנס-אינהאַלט. פון זיי נעמט זיך אייגענטלעך דער זעלטזאַמער נאָמען פון זיין טויף-טאָכטער.

אינעמערקט אַלס טויף-פאָטער ווי נאָר ס'איז באַוווּסט געוואָרן, אַז זיין שוועסטער איז צום טריטן מאָל טראָגעדיק, האָט ער באַשלאָסן אַ נאָמען צו געבן דאָס קינד עקספּרי-גייסט— און עס מאַכן פאַר זיין יורש. דער פאָטער האָט אָבער דורכ-אויס געוואָלט אַן איטאַליענישן נאָמען, און פון עספּרי איז געוואָרן ספּיריטאָ... אַנשטאָט אַ יינגל איז אָבער געבאָרן געוואָרן אַ מיידל! און מ'האָט איר אַ נאָמען געגעבן ספּיריטע...

די מאָביליזאַציע איז פאַר סעבאַסטיאַן פּאַקאָן, ווי פאַר אַ סך אַנדערע רעפּובליקאַנער, געקומען ווי אַ דינער שלאַג פון אַן אומדערוואַרטן שטורם. ער האָט זיך געשפּירט ווי אַ בלאַט, וואָס איז אָפּגעריסן פון צווייג, און דער שטורמווינט טראָגט איר וווהין אים ווילט זיך. צוויי מאָל פאַרווונדעט—אַ לייכטן קויל אין די לונגען נאָך דער מאַרנע שלאַכט און אַ גאַז אַטאַקע אויף צמען דע דאם—ער האָט געמוזט פאַרלאָזן דעם פראָנט. זיינע ווונדן זענען געווען אַזעלכע ערנסטע, אַז מ'האָט אים אָפּגעשיקט אַהיים נאָך פאַרן וואָפן-שטילשטאַנד. ער איז צוריק-געקומען און באַלד זיך פאַרגראָבן ווי אַ מוילוווּרף אין זיין נאָרע.

פון יענער צייט אָן האָט ער דערשפּירט אַ שרעקלעכן עקל צום סאָציאַלן שקר, זיין איינציקער פאַרגעניגן איז באַש-טאַנען אין דעם, וואָס ער פלעגט חוזק מאַכן פון דער מענטש-לעכער טפּשות און רשעות; ער האָט זיך אינגאַנצן געווידמעט דער דערציונג פון זיין שוועסטערס טאָכטער, באַמיענדיק זיך צו אַנטוויקלען אין איר מצרעכטונג צו די פאַראורטיילן און גלייכצייטיק האָט ער אויך זיך באַשעפטיקט מיט זיין פילאָזאָ-פישער זעלבסט אַנטוויקלונג.

בלייבנדיק אָרעם, אין גלייכגילטיק צו געלט, האָט דער פעטער פּאַקאָ געשאָלטן דעם קריג, וואָס זיין שוועסטער האָט אים אַזוי געבענטשט: אַ דאַנק דער האָסע אויף די וויינטרויבן, האָט זי אנגעהויבן קלויבן געלט... דידאָזיקע וושענע! זינט זי

האָט חתונה געהאַט מיט איר מאַטעען—אַ ווייטער קרוב פון רעסי פון סען-ראַפאַעל, אייגנטימער פון וויינבערטנער און מעק-לער פון ספּירט-אויסאַרבייטונגען—איז ביי איר נישט געבליבן קיין זכר פון די אייגנשאַפטן פון איר געבורטס־אָרט, לגמרי געוואָרן אַן אַנדערע !

פּאַקאַ, זייענדיק אין ספּיריטען די פאַרקערפּערונג פון זיינע טרוימען, האָט איר נאָך שטאַרקער ליב געהאַט דערפאַר וואָס זי איז לחלוטין נישט ענליך געווען אויף די מיטגלידער פון איר פאַמיליע. לואי אַ טיפּישער ליידיק-גייער, אַ פויער, וואָס וואָלט זיך געממיתט פאַר אַ גראָשן! שאַרלאָטע, אַ האַרץ פאַרגאָסן מיט שמאַלץ, די פאַרקערפּערונג פון חניפה און צביעות און דער פאָטער, דער פאָליאַק מאַטעאָ, אומזיסט האָט ער באַלד נאָך זייער חתונה אנגענומען די פראַנצויזישע בירגער-שאַפט; זשאַנע און ער זענען ביסלעכווייז ביידע געוואָרן עכ-טע איטאַליענער! אַ נאַטירליכע דערשיינונג ביי פעלקער פון שכנישע לענדער, וואָס שטייען אין אַ פאַרמענענטן קאָנטאַקט.

פון אַ געשיקטן שעפער פון גיפּס-סטאַטועטקעס, פון האַלב-האַנטווערקער, האַלב-מאָלער, וואָס האָט גלייכצייטיק אויך אַרומ-געטראָגן אַליין פאַרקויפן זיינע אויסאַרבייטונגען—דאָס איז גע-ווען אין די טעג פון זיין יוגנט, בעת ער האָט פאַרפירט זיין איצטיקע פרוי—איז מאַטעאָ אַרעלי געוואָרן אַ פשוטער שטיינ-האַקער, וואָס האָט געאַרבעט ביי אַן אונטערנעמער, דאָרט איז ער געווען דער הויפּט-מייסטער, ביי זיך אינדערהיים—אַ שקלאַף. אונטערוואַרפנדיק זיך אינגאַנצן זיין מעגערע, וואָס אַנפאַנגס פלעגט ער איר הרגענען מכות רצח, איז זי געוואָרן דער מושל איבער אים—האָט ער זיך אַ נעם געטאָן צום שכורן און שפּילן און כמעט אינגאַנצן פאַרוואָרפן די אַרבעט.

און איצט, כדי צו האָבן די מעגלעכקייט וואָס מער צו טרינקען, האָט ער זיך פאַרשאַפט אַ קליין וועגעלע און אָנגע-הויבן האַנדלען מיט פעל און אַלטע אייזן... זיין ווייב וואָס האָט אים ממש נישט געקאָנט איבערטראָגן, האָט געזוכט אַ מאָטיוו פטור צו ווערן פון אים אויפן געזעצלעכן אופן. איר

איז געווען גאַנץ גלייך צי מיט דער הילף פון אַ גט, אָדער דורך זיין אַריינפאַלן אין געפענגעניש.

בלויז דער באָדן האָט פאַר איר געהאַט אַ באַדייטונג. זי האָט זיך געקלאַמערט אָן דער ערד ווי אירע אבות די בערג־איינוווינער—מיט אַלע אירע חושים, מיט איר גאַנצן מהות: מיט איר קאַנטיקן פנים, מיט אירע אויסגעבליאַקירטע אויגן און מיט די געשוואָלענע הענט. בעת ס׳איז אויסגעבראָכן דער קריג און מאַטעאָ האָט געאַרבעט אין די טראַנשעען—האָט זי איינע אַליין מיט אַן אַלטן באַטראַק געאַרבעט שווער און ביטער ממש פאַר זעקס. אויף אַזאַ אופן ווען דער ליטער וויין איז געשטיגן פון צוויי אויף צוואַנציק סו, און די דעסטילירמאַשינען האָבן כמעט אינגאַנצן נישט געאַרבעט, האָט זי געהאַט די מעגלעכקייט צו קויפן אַ פערמע און אַ גרויסן שטח באָדן, בערך אַ צען אַקער מיט אַ גאָרטן, מיט ווייגערטנער און אַ קליין וועלדל, וואָס די אלמנה פון פריערדיקן אייגנטימער, וועלכער איז געפאַלן ביי וואַקואָ, האָט אָפּגעגעבן פאַר אַ שיבוש, ממש פאַר אַ טאָפּ לינזן.

דערנאָך האָט זי געמאַכט שותפות מיט רעסי פון סען־ראַפאַעל אויפצוקויפן צוזאַמען דעם טרויבן־שניט פון דער גאַנצער אומגעגנט, שפעקולירנדיק מיט פאַרשידענע סאָרטן פון וועלכע מ׳האָט געזאָלט אויסאַרבעטן ספעציעלע עקסטראַקטן פאַר דער אויסגעמאַטערטער אַרמעע. אָנזאַמלענדיק אויף דעם אופן אַ דרייסיק טויזנט פראַנק, האָט זי פאַר צוואָנציק געקויפט חערט־פאַפירן פון דער מלוכה־אַנלייע, און צענטויזנט, אין גאָלד. באַהאַלטן אויפן דעק פון אַ ספעציעלער קאַסעטקע. נישט ענ־דערנדיק לגמרי איר פריערדיקן קמצנישן לעבנס־שטייגער, האָט מאַדאַם ארעל געהאַט בלויז איין אמביציע: טאָן רייכע שדוכים מיט שאַרלאָטן און לואין. זי פלעגט זיך איצט נישט שווערן אַנדערש ווי מיטן נאַציאָנאַלן בלאָק, זיך בויגן ביז דער ערד פאַרן מער—אַן אַדוואָקאַט אַ רעאַקציאָנער—און נאָך נידעריקער פאַרן גלח (כאָטש ער איז געווען אַ ליבעראַל.)

זי האָט פעסט געגלויבט, אַז געבנדיק דעם גלח פון צייט

צו צייט קלענערע נדבות, האָט זי געפונען לייטזעליקייט אין די אויגן פון באַרמהאַרציקן גאָט, מער נאָך דערמיט, וואָס זי האָט געצווינגן אירע קינדער דורכצוגיין דעם גאַנצן קורס פון קאַטעכיזים און דעם פּעטער אויף להכעיס, דורכאויס געפּאָ־דערט זיי זאָלן זיך קאָנפירמירן. זי איז געווען זיכער, אַז אי־רע באַציונגען מיטן גיהנום און מיט די פייערדיקע ריטער זענען איצט אין בעסטן אָרדענונג. פאַר סעבאַסטיאַנען איז עס געווען אַן אינטערעסאַנטע טעמע חוזק צו מאַכן פון זיין שוועס־טער דער שרעקלעכער קמצנטע.

—אָנשטאָט צו נעמען אַ היפּאָטעק אויפן סאַמען גן־עדן און זיך פאַרזיכערן דאָרט מיט אַ בעקוועמען אָרט—פּרווו זיך בעסער צו ווערן אַן עכטע קריסטין, זאָרגענדיק מער פאַר די וואָס געפינען זיך דאָ, אויף דער וועלט! קוקנדיק אויף דיר וועט מען בשום אופן נישט זאָגן, אַז דו ביזט אַ מאַמע!

# 3

ספּי, אויסגעפּוצט און איר שענסטער קלייד. — אַ קופּאַן אי־זייד, וואָס דער פּעטער האָט איר געגעבן אַ מתנה—האָט גרויסאַרטיק אַרומגעשפּאַצירט איבערן קירך—פּלאַץ. דער זייגער אויפן פּירקאַנטיקן טורם האָט אויסגעשלאָגן צען.

—אַ! ווי גוט, איך האָב נאָך אַזוי פיל פרייע צייט!

ווי יעדע זונטאָג האָט זיך דער פּעטער געריכט אויף איר ערשט נאָכמיטאָג... זי האָט זיך אַ לאָז געטאָן ווייטער, שפּרונגענדיק אויף איין פוס. ס'האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי אַ שפּרונג פון אַ פויגל, וואָס האָט פּלוצלינג איבערגעריסן זיין פליען. זי האָט באַמערקט פון הייטנס צווישן די קוילן־שפּילער אירע חבריה—בראַנכואַ קאָכמאַליע, דעם פּיעטערס זון, און קאָנסטאַנטין מוירעל, דעם ברודערן זון פון סטאָליער אין סען־טראָפּעז. אַלע זיינען זיי געווען שטאַרק פאַריינגעטן אין שפּיל, יעדער איינער האָט געוואָלט אַרויסגיין אַלס זיגער.

—אַ, דאָס ביסטו, זאַלץ־קערנדל! האָט איר אַ זאָג געטאָן דער פישער.

קאָנסטאַנטין האָט איר אָנגעקוקט מיט אַ שמייכל. אָבער, איבערצייגט אין איר מאַכט איבער אים, האָט זי אים לגמרי איגנאָרירט, און נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון פראַנסואַ'ן, וואָס האָט איר טרעטירט ווי אַ קליין מיידעלע! דידאָזיקע

גרינגשעצונג האָט איר ממש אָרויסגעפירט פון געדולד.

דו פאָרסט מיט אונז היינט נאָכמיטאָג? האָט געפרעגט דער יונגער פּאַרליבטער. פראַנסואַ וועט אונז פירן... איך בין אָהער געקומען מיטן אַלטן פראָספּער, אויסלאַדן באַלקענס.

פאַרוואָס נישט? אָבער איך וויל רודערן! וואָס זאָגסטו שיקולע?

יענער אָבער, פּאַרטיפּט אין שפּיל, האָט אַ קוועטש געטאָן מיט די באַרקעס.

—מיר וועלן שוין זען. טראָג זיך אָפּ, דו שטערסט אונז! ווי נאָר ס׳באַווייזט זיך אַ קליידל, תיכף ווערט אַן אומאָרדנונג!

מיט אַ געוויסער אויטאָריטעט האָט זי אַ נעם געטאָן קאָנסטאַנטינס קוילן, וועלכער איז געווען שטאַרק צופרידן מיטן דאָזיקן דעספּאָטיזם.

—עט וועל איך דיר גלייך באַווייזן, אַז די קליידלעך זענען געשיקטער ווי די יינגלעך! קוק זיך צו!

דאָס קיילכעל איז פאַמעלעך צוגעקומען צו דער עפענונג... ס׳האָט זיך דערהערט איר טריומפירדיקער, חוזק-געלעכטער.

פאַרשעמטע האָבן זיך די יינגלעך צוגערוקט נענטער און זיך קאָנצענטירט. אָבער זי האָט געשפּילט געשיקט און געלונגען קיינער האָט זיך נישט געקאָנט פאַרגלייכן מיט איר. פּלוצלינג ביים קאָנטראָלירן די גענג, איז זי געוואָרן אַן׳אַנגעצונדענע! איינער פון די יינגלעך, האָט זיך געמאַכט כלא ידע, און אויסמעסטענדיק די שטחים האָט—ער אירן פאַרקורצט.

—פאַר מיר איז שוין געגוג. אויף ווידערזען! איך האָב נישט ליב אַז מ׳שווינדלט.

אַלע יינגלעך האָבן אויפגעהויבן אַ פּראָטעסט, אויסער פראַנסואַ, וואָס האָט געזען דעם שווינדל. ער האָט געהאַלטן מיט איר און איז צוזאַמען מיט איר אָוועקגעגאַנגען.

—וואַרט אונטער אויף מיר! האָט אַ געשריי געטאָן קאָנסטאַנטין, וואָס אויפן וועג האָט אים פאַרהאַלטן אַ קליענט זיך וועלנדיק דערוויסן וואָס ס׳הערט זיך מיט זיין באַשטעלונג.

פפי האָט דערקענט דער מאַדאַם הויברוקס נייעם אויטאָ—

---

*) שטשיקע—פראַנסואַ.

טאַרפעדאַ, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקל ביים טרייב־פאַבריק. די אייגעגטימערין האָט אים איבערגעלאָזן אונטער דער אויפזיכט פון איר הונט, אַ פּרעכטיקער אירדעל וואָס איז געזעסן מיט אנגעשטעלטע אויערן, בייז געברומט—און גרייט געווען זיך וואַרפן אויף יעדן, וואָס וועט זיך דערוועגן צוגיין נאָנט צו דער מאַשין. פאַרבלענט פון ניקל-גלאַנץ, פון רויטן ד־האָלץ און פון די זעלטן שיינע פאַרצירונגען פון אראַנזש־לעדער־פאַבריקן האָט זיך די קליינע געדרייט אַרום אויטאָ־מאָביל, באַטראַכטענדיק אים פון אַלע זייטן. זיך אַראָפּזעצענדיק אויף די קני פאַרן ראַדיאַטאָר האָט פראַנסוא, דעריאָגענדיק איר, אָנגעהויבן נאָכזוכן די פאַבריק־מאַרקע.

—אַ יאָ, ס׳איז אָנהויסטאַן... איך קען זיי אַלע! האָט ער באַשטעטיקט זיך אויפהויבענדיק. און ער האָט זיך אָנגעבלאָזן, שטייענדיק שטאָלץ אויף זיינע באָרוועסע פיס.

אויפן גאַנצן ברעג פון ים־גאָלף איז נישט געווען קיין איינציקער, אויסער אים, וואָס זאָל קאָנען אָנרופן די נעמען פון דידאָזיקע כראָפּעדיקע מחבלים בלויז לויט דער פאָרם פון ראַדיאַטאָר—דעקל און נאָכן גערויש פון מאָטאָר.

אַ גרויסאַרטיקער אויטאָ! האָט אויסגעשריגען ספּי. וויפל פּיט, למשל, דאַרפסטו אָנכאַפּן, כדי צו באַקומען די מעגליכקייט זיך צו קויפן אַזאַ מין קאַרעטע!

—יאָ, האָט פראַנסוא מסכים געווען—אַזעלכע אויטאָס זיינען בכלל ניטאָ אויף דער וועלט קיין סך! דו ווייסט וויפל ער קאָסט?

ניין...

—טרעף, רוף אָן אַ סומע, בערך!

זי האָט נישט געוואגט: צענטויזנט? הונדערט טויזנט? פון וואַנען זאָל זי וויסן! פראַנסוא האָט אויסגעשאָסן מיט אַ טריומפירענדיקן געלעכטער:

—הונדערט פופציק טויזנט אין אפשר נאָך מער!

אָבער זי האָט אים איבערגעהאַקט מיט אַ גאַנץ גלייכגיל־טיקער מינע:

—איך שפּיי אויף דעם, געלט אינטערעסירט מיך בכלל נישט.

אויב אַזוי פאַר וואָס כאַפּסטו שטענדיק התפעלות פון דערדאָזיקער ווילדער בריה ?

מיטן דאָזיקן נאָמען האָט די אָרטיקע באַפעלקערונג פון דער גאַנצער געגנט געקרוינט דער אויסלענדערין—ווי פאַר איר עקסטראַוואַגאַנטער האַלטונג אַזוי אויך צוליב איר אומבאַשטימטער בירגערשאַפט.

—קיינער איז נישט אַזוי שיין און אַזוי גוט ווי זי !

זי האָט געזען אין דער מאַדאַם אויברוך דאָס אַכטע וואונדער פון דער וועלט זינט די מיליאָנערן האָט איר אין איין נייעם טאָג באַגעגנט אויפן וועג פון אַליוועטי זיך הרגענענדיק מיט אַ שכנס אַ ייִנגעל פאַר אַ קאַץ—זי האָט זיי פאַנאַנדערגענומען און אָבגעגעבן ספּיריטן דאָס חיהלע.

אַ געשידענע פרוי פון אַ קאָלאָסאַל רייכן אנגלאָ-זאַקסישן באַנקיר, וואָס איז אויך געווען היימלאָז—האָט די ווילדע (לויט איר אָפּשטאַמונג אַ מעקסיקאַנערין, וואָס דער גורל האָט איר פאַרוואָרפן קיין צענטראַל-אייראָפּא) געהערט צו יענעם טיפּ מענטשן, וואָס זיינען היימלאָז, וואָס זייער געלט שאַפט זיי אָבער די גלענצענדסטע נאַציאָנאַליטעט.

געוואוינט האָט זי צווישן גרימאָ און קאָנגאָלען, אַ גוט, וואָס איז געווען האַלב-שלאָס, האַלב-פערמע, און האָט געטראָגן דעם נאָמען „אַפּעלסינען וועלדעל". פאַר דער ווילע האָבן זיך כסדר אָפּגעשטעלט אויטאָמאָבילן מיט געסט. געלעגן איז די ווילע איבער שאַטאָ-רוזש אין זיין פּאַרט און גרויסגעקוקט אויף ושאַטאָ-רוזש און אויפן גאַנצן בלאַנקענדיקן ים-בוזען, פון סענ-טראַפּעז ביז סען מאַקסים, מיט זייערע מאַלערישע פונקט אויף די אנטקעגנגעזעצטע ברעגעס. איר הויז איז געווען אָפן פאַר אַלע, „איר בעט אויך, האָט דער עולם אונטערגעמורמלט, שטענדיק אָפן, אָריגינאַל", איז זי אָבער געווען שטאַרק געפּאַט אין

דער גאַנצער אומגעגנט: איר פאַרמעגן איז געווען נ׳שט אָפּ־
צושאַצן...

—ווי קומסטו אַהער מיידל?

מיט אַרעספעקט פולער צערטלעכקייט האָט ספי געגלעט די שיינע געשטאַלט. וואָס האָט זיך פלוצלינג באַוויזן פאַר אירע אויגן מאַדאַם אויבערוך האָט געזעצט דעם אויטאָ אין באַוועגונג. אָנגעטאָן איז זי געווען אין אַ באַד־קאָסטיום: אַ העל רויטן טאָרבאַן אויף די אַלאַ גאַרסאָן געשוירענע האָר, אויף די פיס רויטע גומי־סאַנדאַלן, נאַקעט, בלויז אין אַ רויטן זיידענעם טריקאָ, אַזאַ קורצן, אַז די שילטערן, דער ביוסט, די הענט און דער רוקן האָבן חוצפּהדיק אַרויסגעשטעלט זייער בראָנזע־נע פּראַכט. נאָר ווי נישט ווי האָט זיך געזען אַ ווייסער שטרייפן הויט, ווו דער טריקאָ האָט זיך אונטן געענדיקט, באַווייזנדיק די לאַנגע ליניע פון די אָפּגעברענטע, שיין געפאָרמ־טע פיס.

די ווילדע האָט דאָס יאָר איינגעפירט די מאָדע אַרומ־צושפּאַצירן אין אַזאַ קאָסטיום פון דער פּליאַזשע דירעקט אין די קאַפע־הייזער. ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז מיטן עפענען פון סעזאָן, האָט זיך שאַטאָ־רוזש פאַרוואַנדלט אין אַ שמוציקן טייך פול מיט זשאַבעס—אַזאַ איינדרוק האָבן געמאַכט די מענער אין די פרויען אַרויסגייענדיק פון זייערע ווילעס אין פונאַנדער גע־שפּילעטע שלאָפראָקן—פונקט ווי נאַקעטע מאָדעלן פון דער קינסטלער־אַקאַדעמיע.

—קום, זעץ זיך אַוועק! וואָס וואַרטסטו? דו קריגסט צען פראַנק אויב דו פאָרסט מיט מיר אויפן פּליאַזשע זיך באָדן מיט אונז ווי מיר אַלע און שפּילן די ראָל פון אַ פרייליין.

ספי איז רויט געוואָרן, פאַרשעמט פון דעמדאָזיקן כמעט מיט אַ מענערשן טאָן געמאַכטער פאָרשלאַג און פון פראַנסואַס לעכערליכן בליק.

—אַ דאַנק אייך. אָבער איך האָב אַ ראַנדקע.

—שוין אַזוי גיך!.. קליינע כלבטע, גיי זיך!

ס׳האָט זיך דערהערט אַ געלעכטער און וואַרפנדיק אַ

גאָלדרייטיקן בליק אויפן יונגן בחורל:—ער איז טאַקע נישט קיין פּראָפעסאָר!—האָט זי אַ זאָג געטאָן דעם אויסאָ אונטערן פּריילעכן בילן פון אירעדאַלן.

—אַ שיינער עסק פאַר מיר,! שפּילן מיט זיי די ראָל פון אַ פּריילן! קיין מאָל אין לעבן וועל איך זיך נישט גיין שווענקען מיט זיי אין זייער שמוציקער לוזשע! מיר האָבן אַן אייגענע פּליאַזשע—אַ בעסערע פון זייערע.

—פאַרשטייט זיך!.. גייען מיר אַהין? ראָזע און מעלאַניע וואַרטן שוין דאָרט!

—איך האָב נישט מיין קאָסטיום.

אין דעם מאָמענט איז אונטערגעקומען קאָנסטאַנטין.

—איך קאָן דיר באָרגן מיינע אונטערהויזן, איך האָב זיי אויפן שיף!

זי האָט זיך צעלאַכט:—נישט וויכטיק איך וועל זיך שוין אַן עצה געבן.

די פרישקייט פון די וועלן, באַפּוצענדיק מיט ווייסן שוים דעם פייכטן זאַמד, האָבן אַרויסגערופן אַ ציטער אין איר קער־פּער פון דעם באַפאָרשטייענדיקן פאַרגעניגן. פראַנסואַ האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער.

—פוי! איך מוז פריער צולופן אַהיים. איבערגעבן דעם פאָטער אַ פּאָר ווערטער.

—דו וועסט אונז אָניאָגן,—האָט אַ זאָג געטאָן ספּי, מיר ג'יען דערווייל ווייטער.

קאָנסטאַנטין, אַנציקט, האָט איר אַ שלעפּ געטאָן מיט זיך. ביים קאַזינאָ; לעבן דער באַריערע פון דער אַרומגעצוימטער פּליאַזשע, זענען זיי אַ ווײַלע געבליבן שטיין. פון דאַנען האָט זיך דייטלעך געזען דער מענטשן איבערפולטער ברעג: גאַנצע גרופּן האָבן זיך געפּליוסקעט ביים סאַמען ברעג צווישן די וואַסער געוויקסן אָדער זיך געוואַלגערט אויפן זאַמד, די טרי־קאָ־קאָסטיומען אַראָפּגעלאָזן ביזן טאַליע... אַן אמתע אויסשטע־לונג פון רויט־הויטיקע, אויסגעצויגענע ווי אויף אַ מין גרויסן מעשה־שאַפטלעכן מאַטראַץ אין אַלע מעגלעכע פּאָזעס און פּאַר־

מען—אַ געמיש פון לייבער, אויסגעשמירט מיט בוימאייל וואָס בראָטן זיך אויפן זון. און דאָרט ווייטער הונטער די בלויע קאַבינעס, ביי טישן אונטער טאַנגאָ-קאָלירטע שירעמס, אויפן טעראַסע פון קאַפעהויז, אויף ספעציעל איינגעאָרדענטע שוי-פלעצער ביים ברעג ים, אונטער די טענער טון דזשאַזבאַנד, האָבן זיך די נאָך פייכטע פאַרלעך צונויפגעמישט מיט די צו-שויער אָנגעטאָן אין ווייסן. ס'האָט אויסגעזען ווי עפעס אַ מין ווילדער שגעון זאָל האָבן אַרומגעכאַפּט דידאָזיקע מענטשן-מאַסע.

—אויב דאָס הייסט שפּילן די ראָל פון א פריילין—האָט ספּי אַ טראכט געטון ביי זיך מיט אַ פאַראכטונגספולער מינע, און זיך ווענדענדיק צו איר באַגלייטער, האָט זי געפרעגט :— נו, וואָס זאָגסטו דערצו? זיי זיינען אוועק פון דאַנען אויפן קורצסטען וועג צו זייער ציל.

חברים פון קינדהייז אויף, האָבן זיי זיך אויך איצט גע-האַלטען, ווי אַלטע גוטע פריינט. אים האָט כסדר געצויגן צו איר די לאַנגיערקע געוואוינהייט. זי אַ גייסטיק רייכע יונגע מיידל, האָט אָן אַ שום הינטער-געדאַנק, זיך באַצויגן צו אים, ווי צו אַ גוטן יוגנט-חבר. אויך קאָנסטאַנטין פלעגט אויסנוצן יעדע געלעגענהייט זיך צו טרעפן, וואָס איז צום גליק פאָרגע-קומען גאַנץ אָפט, אַ דאַנק די פאַרשיידענע באַשטעלונגען פון מעבל און טישלער-אַרבעט. און בעשטעלונגען זיינען געווען איבערן קאָפּ—באַזונדערס פון יענער צייט און זינט שאַטאָ-רוזש איז באַקאַנט געוואָרן מיט אַ קאַזינאָ און אַ פּאַלאַץ-האָטעל— פלעגן, ווי פון דער ערד, ווי אייזערנע שוואָמען, כסדר אויסוואַק-סען נייע געביידעס.

אויפן זייטיקן שטעג איז דער ווייסער קאַזינאָ-בנין, וואָס האָט אַזוי בולט אבגעשלאָגן אויפן אָרכע-פאָן פון שאַטאָ-רוזש— איינגאַנצן פאַרשווינדן...

—ס'אַראַ באַרג פלייש! דאָרט אונטן!

זיי האָבן אויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער, וואָס האָט זיך נאָך פאַרשטאַרקט, בעת זיי האָבן באַמערקט הינטער זיך אויפן זאַמד אַנ'אַלטע פּאָר, וואָס האָט גענומען זון-בעדער.

די פרוי—פון אַ יאָר פופציק—איז אינגאַנצן באַשטאַנען פון אַ מאַסע אראָפּהיינגענדיקע, פעטע פאַלדן. און דער מאַן—עלטער פון איר מיט אַ יאָר צען—האָט אויסגעזען, ווי אַנ׳אָפּגעשינדע-נער, באַדעקט מיט קניפּלעך פּונקט, ווי אַ פּעקל שטריק.

—אָ! ווי מיאוס ס׳איז די אַלטקייט!—האָט קאָנסטאַנטין אויסגערופן.

זי האָט זיך פאַרטראַכט... די רואינן פון אַ רוימישער ארקע, שפּורן פון אַנ׳אַלטער וואַסערלייטונג — דאָ זיינען אַמאָל פאַרגעקומען די העראָקלישע ים-קאַמפן—האָבן זיך געבויגן פאַר זיי מיט זייערע האַלב-איינגעפאַלענע געוועלבן. ספּי האָט אַ ווייז געטאָן אויף די מער באַדעקטע ציגל, צווישן וועלכע, אַנ׳אַלעפּע-סאָסנע, איינגעבויגן פון ווינט. האָט פאַרשפּרייט אירע וואָרצלען.

—דאָס איז אזוי אַלט, און פונדעסטוועגן איז עס שיין.

—פּאַ!

—יאָ! דאָס איז שיין. אָבער די אַלטע זיינען מיאוס, ווייל זיי פאַרשטייען נישט זיך צו עלטערן אַזוי ווי זאַכן!

העכסט איבעראַשט פון אַזעלכע געדאַנקען, האָט קאָנס-טאַנטין, איינס נאָכן אַנדערן, באַטראַכט מיט אַ פולשטענדיקער גלייכגילטיקייט די מאַיעסטעטישע רואינען אונמיט אַנ׳אומענדליכער אנטציקונג, די יונגע שיינקייט פון זיין אָפּגאָט... אָבער ספּי איז שוין געווען ווייט, זי האָט זיך אַ לאָז געטון לויפן, דערהערנדיק פון ווייטן די שטימען פון אירע קליינע חברטעס. קאָנסטאַנטין איז איר נאָכגעלאָפן, האָט איר אָבער דעריאָגט שוין ביים סאַ-מען ברעג פון א קליינעם ים-בוזן, ווי ראָזע און מעלאַניע, ביזן האַלדז אין וואַסער האָבן זיך געפּליוסקעט און געשריגן:

—קומט אַהער געשווינד. דאָס וואַסער איז אויסגעצייכנט!

ספּי האָט זיך פּלוצלינג דערמאָנט, אַז זי האָט נישט איר טריקאָ...

—בלייב אין דער העמד!—האָט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם אַ געשריי געטון מעלאַניע.

—די מעשה איז, אַז איך האָב קיין העמד אויך נישט!

—אויב אַזוי טאָ נעם מיינע,—האָט פאַרגעשלאָגן די אַנדערע

צו׳הערצנבגוטע מיידל.

און אַ סעקונדע אַרום איז כפי אַרויסגעקראָכן פון הינטער די בוימלעך אין ראָזעס העמד, וואָס איז געווען אויף איר צו לאַנג און צו ברייט...

געשווינד האָט זי זיך אַ וואָרף געטון אין וואַסער. אַנט־קעגן דעם שטראָם פון די קליינע וועלן ס׳האָט זיך דערהערט אַ ווילדער געלעכטער. ביי יעדן טריט, וואָס ספּי האָט געמאַכט פאַראויס, האָט דאָס וואַסער אויפגעהויבן דאָס העמד און ס׳אָנגע־בלאָזן, ווי אַ פּענכער... אַהער אַ האַנט, אַהין אַ האַנט, ספּי האָט בשום אופן נישט געקאָנט קיין זאַך באַהאַלטן, וואָס טיפער זי איז אַריין, אין וואַסער, אַלץ מער האָט זיך דאָס לייווונט געבלאָזן...

בונקט אין דעם מאָמענט איז אָנגעקומען פראַנסוואַ.

— דיין קאָסטיום איבערשטייגט אַלץ, וואָס איך האָב גע־זען!

ווידער איז אויסגעבראָכן אַ פריילעכער געלעכטער.. שאַר־לאָטע וועט שוין ווידער זאָגן, אַז איך וויז פאַר דער גאַנצער וועלט מיין... האָט אַ טראַכט געטון ס׳קינד, וואָס האָט שרעקליך פיינט געהאַט גערעדערייען. און אַ פאַרשעמטע האָט זי זיך געלאָזן שווימען. כּדי זיך אָבצוטראָגן, וואָס ווייטער. ס׳איז אָבער ערגער.

איצט האָט מען איר אין דורכזיכטיקן וואַסער געזען אינ־גאַנצן: אַ טענצערין, וואָס דאָס קליידל האָט אויף איר געהאָנ־גען אָנגעטאָט אַרום דער טאַליע, אונטער די אָרעמס.

שטאַרק אויפגערעגטע, וואָס מ׳מאַכט פון איר חוזק, האָט ספּי אַראָפּגעכאַפּט פון זיך די אומנוציקע שמאַטע, אַ וואָרף גע־טאָן ראָזען, וועלכע האָט זיך געהאַלטן ביי די זייטן פון לאַכן

— גיב אייך שאָקירט׳ט, קאָנט איר פשוט נישט קוקן, אַז איר ווילט נישט!

די לייטישע באַוועגונגען, וואָס זייער ריטם האָט אויפ־געדעקט די גאַנצע עלאַסטישע גראַציע פון איר קערפּער, איז זי

אוועקגעשווימען ווייט אין ים דאָ האָט פאַר איר קיין זאַך מער נישט עקזיסטירט, אויסער דער גענוס צו שפּירן איר יונגע קראַפט, פריי אין די געזאַלצענע וועלן. זי האָט זיך געוואָרפן צווישן צוויי וועלן, כדי זיך צו באַהאַלטן פון די,ז וואָס האָבן זיך געבאָדן, האָט זיך געהויבן, געוויגט, דערנאָך ליגנדיק אומבאַוועגליך, זיך געוויגט אויפן אויבערפלעך, פונקט ווי די וואַסער-געוויקסן. און אין פולער, גאַכלעסיק עלאַסטיציטעט האָט זיך געשפּירט עפּעס אַזוינס, וואָס האָט ווירקליך דערמאָנט אַן דעם וויגן זיך פון וואַסער-געוויקסן—אָדער אָן אַ פישעלע מיט פּערלמוטערנע שופּן, וואָס ראַטעוועט זיך דורך אַנטלויפן און פון גרויס פרייד האָט זי צופרידן אונטערגעזונגען אַ באַשטימטער מעלאָדיע. זי איז געווען די פאַרקערפּערונג פון געזונט, אומשולד און ענערגיע.

ס'זענען אונטערגעשווימען די יינגלעך, זיך אויסדרייענדיק אויפן בויך, האָט זי זיי באַגעגנט פּנים אל פּנים און ענטפערנדיק מיט אַ מרוקענעם: „זייער גוט!” אויף פראַנסואַ'ס וויצן. האָט זי אים איבערגעלאָזט מיט קאָנסטאַנטינען, דערלויבנדיק אים צו ווייזן פאַר אַנדערע זיין געשיקטקייט און דרייסטקייט און אַליין זיך געשווינט אַ לאָז געטאָן, ווי אַ פייל פון בויגן, צום ברעג און פאַרשווינדן געוואָרן צווישן די קוסטעס.

אין אַ וואָך אַרום ווערט זי פֿופֿצן יאָר... שוואַך. אינגאַנצן אַ קנויל נערוון, בראָנזפאַרביק פון דער אַרבעט. ספּי האָט נישט אויסגעזען אַזוי פאַרהאַרטעוועט ווי זי איז געווען אין דער ווירקלעכקייט. זי שטייט אויף באַגינען און לייגט זיך שלאָפן מיט זונען-אונטערגאַנג. ס'קומט די נאַכט און פאַרטרייבט די מידיקייט—אַ שלאָף אָן חלומות נאָך אַ שווערער טעגלעכער אַרבעט... אַ נאָרמאַל געזונט לעבן... אַ דאַנק דעם פּשוטן אונטעריכט, וואָס דאָס מיידל מיט איר געזונטן פאַרשטאַנד און דורך איר שטענדיקן אָבסערווירן די ערד און די יאָרעס-צייטן, זיך צוגעוויינט אַליין צו מאַכן פאַרשידענע אַנדעקונגען און בעסער צו פאַרשטיין פיל זאַכן.

אָבער שוין אַ געוויסע צייט פילט זי זיך עפּעס נישט מיט אַלעמען. מיט אומגעדולד וואַרט זי אָפּ דעם אָוונט, כדי זען זיך אָן עצה האַלטן מיטן פּעטער און ווינשן אים אַ גוטע נאַכט.

—הער פּעטער,—זאָגט זי אים זייער פאַרטרוילעך,—מיט מיר איז עפּעס געשען, איך בין נישט מיט אַלעמען.

ער קוקט איר אָן אַ ביסל באַאומרויִקט:

—אמת, דו ביזט עפּעס זייער בלייך! וואָס פעלט דיר אייגנטלעך?

—צלך טוט מיר וויי.

—האסטו זיך פארקילט?

—ניין.

זי טוט א ווייז אויפן בויך און אויפן קרייץ.

—אט ווי מיר טוט וויי... און איצט טו נאך א מיע וועסטו זען ווי מיין ביוסט איז עפעס געוואָרן אזוי האַרט.

—אוי! איך האב זיך שיער נישט צעקלאפט!..

און זיך צעלאכנדיק, שאקלט ער מיטן האנט.

—שרעק זיך נישט, עס איז נישט קיין ערנסטע זאך.

—איך וועל באלד ווערן א גרויסע מיידל. אמת?

—געוויס. און צוזאמען מיט דער מענסטרואציע, וועלן זיך אנהייבן דיינע אומגליקן.

—פארוואס עפעס?

ער האט איר אויספירלעך דערקלערט דעם גאנצן פראָצעס פון סעקסועלער רייפקייט און אירע פאָלגן,—וועגן וואס ער האט שוין מיט איר נישט איין מאל גערעדט,—דערנאָך וועגן די פארשידענע פאזען פון דער מענסטרואציע ביזן קלימאק-טערישן פעריאָד. די לעבנסלוסטיקע אָפנהערציקייט פון פע-טער פאקא, וועלכער פלעגט תמיד אָנרופן די זאכן און פאקטן מיט זייערע ריכטיקע נעמען, באזונדערס זיין שטענדיקער שטרעבן צו פארפולקאָמונג—האבן זיך קיינמאל נישט אָפגעשטעלט פאר דער אָרנטלעכקייט פון דער נאטירלעכער דערציונג אפילו אין סעקסועלן זין.

זייענדיק אין דער מיינונג אז ס׳רוב סאָציאלע פראגן זענען אָפהענגיק פון סעקסועלן פראָבלעם, און אז פון ריכטיקן געזונטן פארשטיין דעם לעבצן, הענגט אָפ די גליקלעכע לע-זונג פון די ערשטע—האט ער מיטן מאָמענט פון כפיריטעס אויפגעוואכטער גייגעריקייט זיך באמיט צו לייגן דעם גייסט פון זיין שילערן צו דער קלאָרער, ווי דער טאָג, ריינקייט פון אלץ פארשטיין.

אויף דעם אופן האט זי נישט געקענט די ליידן פון אומוויסנהייט. זי האט געוווסט ווי מ׳ווערט געבאָרן די פלאנצן

און היות און האָט געפונען פאַר גאַנץ נאַטירלעך די נעזעצן, לויט וועלכע דער מאַן און די פרוי זעצן פאָר זייער געשלעכט־זאָרגן פאַרן קיום המין. נישט שפּירנדיק נאָך קיין באַדערפעניש, האָט זי נישט צוגעגעבן קיין באַדייטונג דעם אונטערשייד פון די געשלעכטער און דאָס באַנוצן זייערע אָרגאַנען האָט נישט אַרויסגערופן ביי איר קיין שום הינטערגעדאַנק.

מיט אַ קלאָרן בליק האָט זי אַ פרעג געטאָן:

—אמת, פעטער, אַז ס'איז אומגעזונט, אַז מיידלעך שפּילן צווישן זיך.

—אומגעזונט, פון דעם איז שוין אָפּגערעדט, ס'איז פּשוט מיאוס.

—ביי מיר רופט עס אַרויס אַן עקל. דו ווייסט. פאַר־גאַנגענעם זונטיק האָב איך געמוזט אַוועקשטעלן ראזן אויף איר אָרט.

—דו האָסט זייער גוט געטאָן. אַז זי וויל זאָל זי זיך איבערפירן איר אייגענעם געזונט. דו וואָלסט פארלאָרן די פרישקייט פון דיין געזיכט. דיין פרייליכקייט, דעם חשק צו אַר־בעטן—און אָן דעם אַלעמען איז דער מענטש גאָרנישט ווערט.

—בעת איך האָב איר אַ זאָג געטאָן, אַז מיר עקלט פון איר, האָט זי מיר געענטפערט, אַז איך בין נאָך ערגער פון איר, ווייל איך באַהאַלט קיין זאַך נישט. און אַלץ צוליב דעם וואָס איך האָב איין מאָל ביים באָדן זיך, געוויזן מיין גאַנצן קערפּער!

ער האָט געקוועטשט מיט די באַרקעס. ס'איז טויזנט מאָל בעסער די ריזיקע פון פולשטענדיקער פרייהייט, וואָס איז אַנפאַנגס אפילו פאַרבונדן מיט אַ געוויסער עקסטרעמיטעט, איידער די צביעותדיקע בורזשואַזע קאָנצעפּציע, דער קאָווענציאָנעלער; שקר, דער פאַרקרופּעלטער, אומגעלומפּערטער באַגריף וועגן דעם „אורשפּרונגלעכן חטא!" די גרעסטע קאָרופּציע האָט אַרויסגערופן די אנציענדיקע קראַפט פון פאַרבאָטענעם פרוכט... און דער פאַרדעכטלעכער באַגריף מכוח מיסטעריע אין וועלכער די קירך האָט אַריינגעטראָגן די „אידעע וועגן „קערפּערלעכער

תאוה״ פֿאַרשעלטנדיק גלייכצייטיק איר דערשיינונג... [illegible]! באַהאַלט די ברוסט, איך זאָל איר נישט זען, באַפֿעלט טאַרטיף בעת ער גלעט כּסדר איר רונדקייט...

ספּי. אַ פֿאַרטראַכטע, האָט געשוויגן. ער האָט ווייטער גערעדט:

—קודם כּל, מיין טייערע, האָט אונזער קערפּער קיין שום אַזעלכעס נישט, פֿון וואָס מיר זאָלן דאַרפֿן רויט ווערן. שענדלעך איז בלויז דאָס, וואָס ראָזע. האָט דיר פֿאַרגעשלאָגן בסוד די אַנטיקע וועלט, וואָס האָט פֿאַרמאָגט גרויסע מאַלער, באַרומטע קונסטלער, הויכע געלערנטע און גרויסע פֿילאָזאָפֿן, האָט נישט אָפּגעטיילט די נאַקעטקייט פֿון דער שיינקייט... גיב זיך אָפּ ווייטער מיט ספּאָרט. אַנטוויקל, פֿאַרפֿעסטיק, פֿאַרשענער דיינע פֿאָרמען—פּשוט, אויף אַ גאַנץ נאַטירלעכן אופֿן. דאָס שטרעבן צו עלעגאַנץ און די געוווינהייט צו ריינלעכקייט איז די בעסטע גימנאַסטיק אויך פֿאַר דער קולטור פֿון גייסט. די קליידונג איז אונז בלויז נוצלעך בלויז אין אי הינזיכט: צו באַשיצן אונז פֿון קעלט... מ׳דאַרפֿט זיין אַ צבוע ווי אַ קאַרמעליטן־שוועסטער, אָדער פֿאַלש און פֿאַרדאָרבן ווי אַ יעזואיט—צו צו שרייבן דעם קערפּער די אידעע פֿון זינד, און דעם שלייער די אידעע פֿון אומשולד!.. מ׳דאַרף נישט צונויפֿמישן די צניעות מיטן באַגריף וועגן פֿיינקייט, וואָס איז נישט מער ווי אַ סאָציאַלע באַדינגונג. זי ענדערט זיך כּסדר, אין צוזאַמענהאַנג מיטן קלימאַט, מיט דער צייט און מיט די זיטן. עס איז נישט מער ווי אַ מאַסקע וואָס פֿאַרדעקט זייער אָפֿט אַן אָפּשײַלעך פּנים!.. אָבער אָנגעטאָן צו נאַקעט—דאָס איז נישט קיין גרונט, אַז ייִנגלעך מיט מיידלעך זאָלן זיך אויפֿירן ווי די הינט איופֿן גאַס.

זי האָט זיך צעלאַכט. ער האָט פֿאָרגעזעצט:

—דיין קערפּער געהערט דיר. אָבער נישט כּדי מיט אים צו מיסברויכן, נאָר כּדי צו מאַכן אים ווירדיק פֿאַר דער נשמה, וואָס ער האַלט איר אַרום. די נשמה און דער גוף זענען לגמרי איינס—ביז צום מאָמענט, וואָס דער טויט טיילט

פֿון דעם רוה פֿון חומר... דאָס לעבן רעפּראָדוצירט ווידער פֿון שטאָף, גייט באַשעפֿענישן און דער גייסט קערט צוריק צו זיין אורשפּרונגלעכן קוואַל, באַרייבערט אָדער פּאַראָרעמט — אין צוזאַמענהאַנג מיטן קיים פֿון גוטס אָדער שלעכטס בעת זיין פֿריערדיקן לעבן. זיי ווייסן דעריבער, אַז שאָדן דעם קערפּער הייסט שאָדן דער נשמה, — ס׳איז אַ קעגן זייטיקער פּראָצעס. אונזערע עבודות, מיין קינד, — זענען רינגעלעך פֿון אַ קייט אײַבער אַ ברונעם. איז ס׳אייזן פֿעסט, פֿון אַ גוטער קוואַליטעט, קען מען זיך אָן אים אָנכאַפּן, די קייט וועט זיך נישט איבעררייסן. אויב נישט, איז קאַפּוט !.. און איצט גענוג מוסר ! איך האָב באַקומען נייע פֿילם-בילדער ! פֿונף מינוט קינאָ ! גרויסע רייזן ביי זיך אין דער היים... וואַרט, וויקל פֿונאַנדער דעם עקראַן, בינד אָן דעם עלעקטרישן קאָנטאַקט, און איך וועל דערווייל פֿאַרמאַכן די לאָדנס. ביז מיטאָג האָבן מיר גענוג צייט צו מאַכן אַ רייזע אין לאַנד פֿון די בלויע צעדער-ביימער. ביסטו פֿאַרטיק ? אויפֿמערקזאַם, איך הייב אָן.

און גלייכצייטיק מיטן דערשינענעם טעקסט האָט ער, צום שלוס, געמאָלדן :

„אַן אומבאַקאַנטע וועלט״.

פֿון גרויס התפּעלות האָט זי געפּאַטשט מיט די הענט.

רויז, בלוי, גאָלדפּאַרב. ליכט-וואַקלענישן אונטער די טעפּ
געשלאָסענע ברעמען... ספּי, איז כמעט פאַרשכורט געוואָרן פון
טרוקענעם, דורכדרינגנדיקן גערוך פון פרישן היי. זיך אויס-
ציענדיק אָפּצורוען אונטערן דאַך פון היי-שייער. דער דאַך
ברענט ווי פייער. נאָר וואָס, האָט זי אַ קרעפּטיקע און מונ-
טערע, צונויפגעוואָרפן מיט איר לאָפּעטע גאַנצע היי-בערג.
איצט דרעמעלט זי מיט פאַרלייגטע הענט, אַ צעמאַטערטע פון
דער שטאַרקער היץ. אירע נאַקעטע פיס האָבן אויפגעהויבן דאָס
קורצע קליידל... דער שווייס פערלט צווישן אירע פייכטע ברוסטן.

נאָכן באַזוך ביים פעטער פאַקאָ שפּירט זי זיך כסדר
נישט איינגאַנצן. היינט אָבער איז זי באַזונדערס נערוועז און
אויפגערעגט. זי דערמאָנט זיך דעם פעטערס ווערטער „צוזאַ-
מען מיט דער מענסטרואַציע וועלן זיך אָנהויבן דיינע צרות...
אויב דאָס מאַטערט מיך אַזוי, און אויב יעדן מאָנאַט וועל איך
זיך אַזוי פילן—איז עס אַ שלעכטער עסק!—און ווידער דער-
מאָנט זי זיך אָן פעטערס עצה. זיינע ווערטער קלינגען אין
איר פוסטער קאָפּ, ווי אַ קיילכל אין אַ פויק... אַ קייט פון אַ
גיט געשמידן אייזן... און אַז זי זאָל זיך איבערייסן אַט
קאַפּוט?

ספּי איז איינגעשלאָפֿן, מיט אַן אמת און פּלוצלינג אויפֿגעשפּרונגען מיט אַזאַ אימפּעט, פּונקט ווי זי זאָל האָבן אַריינגעפֿאַלן אין אַ טיפֿן, שוואַרצן טייך. אָבער ניין! די היי-שטיבעלעך קיצלען איר אויער, דער וווּנדערבאַרער אַראָמאַט נעמט איר נאָך כּסדר אַרום פֿון אַלע זייטן ווי ער זאָל איר צערטלען... דעם צווייטן זונטיק—אין דריי טעג אַרום איז אַ פֿאָלקס יום-טוב... נאָכמיטאָג וועט זי גיין העלפֿן סערווירן דעם טיי פֿאַר די געלאַדענע געסט ביי מאַדאַם אויבּרוק, און אין אָוונט, אַלס אַן אויסנאַם, בלייבן אין שאַטאָ-רוזש און טאַנצן ביז האַלבע נאַכט, ווי אַ דערוואַקסענע... די באַל-לאַמפּען לייכטען אויף פֿיל פֿאַרביקע בלומען-גירלאַנדעס... לואי דרייט זיך, פֿירנדיק מיט זיך מעלאַניען, — קאָנסטאַנטין דערנאָך פֿראַנסואַ, נעמט איר אַרום, אונטער די טענער פֿון גראַמאַפֿאָן מיט זיינע אומגעלומפּערטע מעלאָדיעס... עס איז איר אַנגענעם צו שפּירן לייגן זיך די קערפּערס פֿון אירע אַדאָראַטאָרן, דאָס אַרומנעמען, וועלכן זי גיט זיך אָפּ, זיך צודריקנדיק צו אים, אויב ס'איז פֿראַנסואַ!..

קלערנדיק וועגן דעם טאַפּט זי איר ביוסט. עפּעס אַ מין שטורעם שפּירט זיך אין דער חמימה פֿון טאָג. זי ציט אויס די פֿיס זיך אַריבערבייגנדיק אויף די צענויפֿגעלייגטע אָרעמס. עס לויפֿט אַ דורך איבער איר קערפּער ווי אַ מין עלעקטרישער טאַק. ס'דוכט זיך איר פּלוצלינג, אַז איבער די פּולסירענדיקע אַרטעריעס אין די ציטערדיקע אָדערן טראָגט זיך אַ ברענענדיקער שטראָם, וואָס פֿאַרגיסט איר אינגאַנצן... אַ שרעקלעכער קאָפּשווינדל, נאָך וועלכן עס ווערט איר אָבער באַלד לייכטער.

—אָ! סאַראַ שמערץ,—קרעכצט זי—ענדלעך איז עס געקומען.

זי טוט זיך אַ הויב, באַקוקט זיך. בלוט! זיך נישט וווּנדערנדיק, ציט זי זיך ווידער אויס אַפֿוין שמעקנדיקן היי, און אַ צופֿרידענער שמייכל באַדעקט איר געזיכט. ענדלעך! ענדלעך איז זי געוואָרן אַ פֿרויענצימער ווי איר שוועסטער שאַרלאָטע! חי ראָזע! חי מעלאַניע... אַ פֿרויענצימער!

צוגעגרייט פון פריער צו דערדאָזיקער געשעניש, פילט זי נישט, נישט קיין שרעק, נישט קיין איבעראַשונג. פאַרקערט, זי האָט געוואַרט דערויף! דער בעסטער באַווייז, אַז זי איז באַוווּסטזיניק. זי קאָנצענטרירט זיך... זי שטעלט זיך נישט פאָר וואָס פאַר אַ מאַטעריעלע אָפּהענגיקייט עס שאַפט פאַר איר דאָסדאָזיקע פעריאָדישע אינטערוואַרפן זיך די געזעצן, וואָס באַהערשט די וועלט. זי האָט נישט די קלוגסטע אַנונג וועגן דער שווערער לאַסט פון טראָגן, וועגן די איבערמענטשליכע ליידן פון האָבן, וואָס ס'לעבן איבער די מוטערס, די שעפע-ניגס פון נייע לעבנס.

זי שפירט זיך פריש און רויק ווי אַ געוויקס וואָס הויבט אָן צו אַנטוויקלען און דער אָוונט ווערט כּסדר העלער, שענער... רויז, בלוי, גאָלדקאָליר... אין דעם פראַכטפולן גלאַנץ, וואָס לאָזט זיך איצט אַראָפּ אויף דער ערד און אויפן ים און דעמדאָזיקן ריטם פון דער נאַטור. מיט וועלכער זי שפירט זיך איצט נענטער ווי ווען נישט איז. גייט פאַרביי פאַר אירע אויגן איר גאַנצע קינדהייט... דרימלענדיק טראָגט זי זיך אין שטורם פון די דערינערונגען, פאַר שכרות פון פאַקט, אַז דאָס איז זי שוין נישט זי... רויז, בלוי, גאָלדקאָליר... זי פאַרלירט דאָס באַוווּסטזיין אין מאָמענט פון איר ערשטן נסיון, בעת אויסער-לעך שיינט די זון, וואָס גיסט אירע שטראַלן, אויף דער גע-חלשטער זיך רויטלענדיקער ערד און אויפן לילאַ-קאָלירטן הימל...

—ספּיריטע ! ספּיריטע !

דער מוטערס שטרענגע שטים האָט איר אָוועקגעשטעלט אויף די פיס. אַרויסקוקנדיק דורכן פענסטערל, האָט זי גע-ענטפערט:

—איך גיי!

דער אומפּילבאַרער, גאָלדיקער שטויב פון בין-השמשות האָט פון דערהייטנס ווייכער געמאַכט די בערג-מאַסן ביים גאָלף, וועל-כע האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין דער גרינליכער הימל-בלויקייט פון ים. נאָך איין מאָמענט האָט זי זיך צוגעקוקט צום האָריזאָנט: אַ טונקעלער סאָסנע-שטרייפן אויפן צונויפגעשטוקעוועטן טעפּיך

פון ווײַנגערטנער, וואָס זייער אמאראנט-קאָליר גרינס האָט אָנ-געהויבן ווערן געלבלעך אויפן פּאָן פֿון באָדן מיט אַ טונקל-רויטער שאַטירונג. פון דער דאָזיקער אָבסערוואַציע, פּונקט אויפן קליינעם פּערמע-סורעם האָבן זיך געזען די דעכער פון שאַטאָ-דוזש, וואָס האָבן זיך מאַסעגוויז מיט די קרומע זייטן פון זייערע רויטע דאַכאָחקעס, געשווינד אַראָפּגעלאָזן כמעט אין ים אריין. ספּי האָט באַמערקט, אַז דער אומענדליכער וואַסער-שפּיגל, פּאַר-באַפּנדיק אויך אַ שטיקל פּאָרט, האָט זיך פֿאַרצויגן מיט אַ קים באַמערקבאַרן זילבערנעם אָוונט-קרויזל.

—ס'גייט אַ מיסטראַל! (צפון-מערבדיקער ווינט)

די שיפלעך אויפן ברעג האָבן אָנגעהויבן אונטערטאַנצן. זי האָט דערקענט נאָך די אָראַנזש-קאָלירטע זעגל קאָסטאַנלעטס שיף, ס'האָט זיך איר אפילו געדוכט, אַז זי זעט פון דערווייטנס פראַנסואַ פּאַטער.

—ספּיריטע!

זי האָט אַ כאַפּ געטון אירע לאָפּעטעס, איר מיט קלושן ארומגעפלאָכטענע קורבים-פלעשל און ,שטעלנדיק איין באָרוויסן פוס נאָך דעם אַנדערן, אנגעהויבן אַראָפּגיין פון דער לייטער. אויפן פערטן שטיגל האָט זי אראָפּלאָזנדיק די אויגן, פּלוצלינג אינסטינקטיוו זיך אַ כאַפּ געטאָן פארן קליידל.

אונטן האָט דער אַלטער באַטראַק רומאָ, זיך צוקוקנדיק צו איר אראָפּשטייגן, געמאַכט עפּעס משונהדיקע העויות פון דעמדאָזיקן בלק, וואָס האָט איר כמעט ווי פיזיש אָנגערירט, איז זי געוואָרן אַזוי אויפגערעגט. אַז זי האָט אים געדראָט מיט דער לאָפּעטע.

—אַוועק פון דאַנען, באָק!

אין דעם מיידעלע האָט אויפגעוועקט די בתולה.

## 6

די פאָלגענדיקע דריי יאָר זיינען אזוי אוועקגעלאָפן, אַז ספּי האָט לחלוטין נישט באַמערקט די שנוי, וואָס איז פאָרגעקומען אין איר גופא און אין דער סביבה אַרום איר; די טעג אין אָליוועט זיינען זיך געגאַנגען מיט זייער געוויינלעכן טריב, נישט ענדערנדיק קיין שום זאַך אין פאַמיליען-קרייז. בלויז די צייט האָט בולט אונטערגעשטריכן אומבאַמערקבאַר פאַר די אַרומיקע, דעם כאַראַקטער פון יעדערן באַזונדער, פאַרטיפענדיק איס אָדער לגמרי פאַרווישענדיק זיינע אײנצעלנע שטריכן.

דער טויט פון אַלטן באַטראַק רופא... שאַרלאָטעס אָפּפאָר נאָך איר חתונה מיטן קוזין רעסין (רעסי-באַזאר, אַזוי אָט מען אים גערופן, ווייל ער איז געווען אַ קונה הכל, געהאַנדלט מיט אַלץ אין דער וועלט.) דעם פאָטערס כסדר וואַקסענדיקע פרעמדקייט, שטענדיק האַלב-שיכור פלעגט ער האַלטן אין איין אַרומפאָרן צוליב זיינע קנאות און קומענדיק אַהיים, ממש פאַרפלייצן דעם הויף מיט זיינע גאַנצע בערג אײזערנע אַלטוואַרג און פאַרהילכן די שטוב מיט די שכורע קולות און געוואַלדן... דאָס זיינען מער אָדער ווייניקער געווען די פאַקטן, — ספּי האָט זיי צומאָל נישט באַמערקט — וואָס האָבן אָבער שרויס גערופן אין איר אַ שטאַרקן שנוי און באַאיינפלוסט איר נשמה און געהיסערבאַטן אויך איר פיזישע אַנטוויקלונג.

אַ פעטער גייסט, פאַרטיפט אַ דאַנק איר שטענדיקן פֿריינטראַכטן, און אַן׳ענערגישער געזיכט, פאַרשענערט דורך דער פיזישער אַרבעט. די ליבע? נישט געקוקט אויף אירע זיבעצן יאָר האָט זי נאָך פון קיין ליבע-יסורים נישט געוווּסט. קאָנסטאַנטין, פראַנסואַ, חברים. אויפן באַל אָבער, האָט איר נאָר דער קאָנטאַקט מיט פראַנסואַן פאַרשאַפט פאַרגעניגען. דערדאָזיקער געפיל האָט איר אויף מאָרגן, אומעטום, אויף די פעלדער, אין די וועלדער, אַרויפגעפירט אויפן אָנגענעמען געדאַנק וועגן קומענדיקן זונטיק.

נאָכדעם ווי איר שוועסטער האָט זיך איינגעאָרדנט, איז די גאַנצע אַרבעט געפאַלן אויף איר, פונקט ווי אויף לואי׳ן די אַרבעט פון באַטראַק רומאַ. זי און איר ברודער זיינען איצט געווען די איינציקע שטיצע, די איינציקע אַרבעטס-קראַפט אויף דער פערמע. אַ מין העכערע מדרגה אַרבעטס-פי, אינטעליגענטע בהמות, וואָס האָבן געאַרבעט זעלבסשטענדיק אָדער לויט די אָנווייזונגען פון דער מוטער, העלכע איז איצט געווען די איינציקע לייטערין פון דער גאַנצער ווירטשאַפט. גערעכנט האָט זיך אָבער די מוטער, פאַרשטייט זיך מער מיטן זון, ווי מיט דער טאָכטער... די דאָזיקע אומגערעכטיקייט האָט ספּריטען שטאַרק אויפגעבראַכט נישט אַזוי צוליב איר גרויסער ליבע צו דער פאַמיליע, ווי אויפן גרונט פון איר שטאַרקן שטרעבן צו גלייכבאַרעכטיגונג.

ביסלעכווייז האָט זי זיך אַלץ מער דערווייטערט פון דער פאַמיליע און נאָך שטאַרקער זיך צוגעבונדן צום פעטער פּאַקאָ— איר געדאַנקען—חבר און פאַרטרויער פון אירע פאַנטאַזיעס. ער האָט איר כסדר איינגערעדט זי זאָל האָבן געדולד:

—קודם כל באַמי זיך צופאַרפעכטיקן דיין געזונט... דיין צוקונפט—דאָס איז שוין מיין זאַך.

—אָבער וואַרטענדיק אויף דער צוקונפט, וווּהין פירט מיר דערווייל דאָסדאָזיקע לעבן? האָט זי געפרעגט ביי זיך אַליין, בלייבנדיק אַהיים פון שטאָט-רוזש מיט די צוויי גרויסע איצט ליידיקע קערב אויף די אַקסלען...

יעדן טאָג, פון ענדע פרילינג אָן, פלעגט זי גיין צו פיס

פון פערמע אין שטעטל מיט אַ שווערער משא. קערב פרישע קאַרשן, אָדער פרישע מאָרעלן. אַזאַ משא האָט ס'האָט בלויז געקאָנט פאַרשלעפּן אַן אייזל—איז אומעגליך געווען צו פירן אויפן וועלאָסיפּעד! אַך! ווען איך זאָל געוועסט זיין ביי מאַדאַם זויברון!—די ווילדע האָט איר שוין צום צווייטן מאָל געמאַכט דעם פאָרשלאַג אָנצונעמען ביי איר אַ פּאָכטן אַלס שטוב-מיידל.

—אויף!

אַ פאַרצאָרנטע האָט זי אַ שטעל געטאָן די קערב אויפן טיש. אויך גערויש האָט מאַדאַם אָרעלי אויסגעדרייט דעם קאָפּ. זי האָט איינגעלייגט אין שראַנק די וועש—גיב אַהער ס'געלד. דו האָסט זיך פאַרשפּעטיקט! אַן אויפגערעגטע פון אומפאַרדינטן פאָרווורף, האָט ספּי, נישט ענטפערנדיק קיין וואָרט, אַ קוק געטאָן אויף דער מוטער, דערנאָך, אויסליידיגנדיק די קעשענע, האָט זי אַ זאָג געטאָן:

—צייל.

די קמצנטע האָט איבערגעציילט די סומע, אַ סו נאָך אַ סו, אַ פּאַפּירל צו אַ פּאַפּירל! דערהערנדיק דער טאָכטערס זיפץ האָט זי אַ הייב געטון דעם קאָפּ אין מיט כעס געפרעגט:

—וואָס אַזוינס איז דיר אייגענטלעך צוגעקומען? ס'פּריילין וואָלט בעסער וועלן זיך אַרומדרייען מיטן בעזעם ביי דער וועלדער? יאָ, דאָס איז טאַקע לייכטער ווי טראָגן פרוכט דער שוועסטער אין שטאָט אַריין!

שאַרלאָטע רעסי פלעגט אין איר געוועלב, אויסער די פאַרשיידענע סחורות אין מאָדע אַרטיקלען אויך פאַרקויפן די פרישע פרוכטן אין גרינסן פון אָליוועט. כפי ד'האָט חוצפּהדיק געענטפערט:

- אַזעלכע שטרעקעס! אָדער אפשר איז ביי דיר בלויז אַ פאַרשפּייז צו דער שווערער אַרבעט, וואָס וואַרט איצט אויף מיר דאָ! דו ביזט פּונקט ווי שאַרלאָטע! פאַר צען פראַנק פאַר קאָנסטו אויסשעכטן אַ וועלט מענטשן.

—אויסוואורף!

מאַדאַם אָרעלי איז אויפגעשפּרונגען און האָט אַ דרויב

געטאָן די האַנט. ספּי איז אָבער אָפּגעשפּרונגען אַ טריט צוריק און אַוועקגעשטעלט צווישן זיי ביידען דעם טיש.

—פּרוּוו נאַר!

די מוטער האָט אַ קוועטש געטאָן מיט די באַקעס, דערנאָך זיך צעוויינט אויפן קול.—איך מאַטער זיך מער פון אייך. איך קוועל זיך מיין גאַנץ לעבן... אָבער אין דיינע יאָרן בין איך פון דעסטוועגן נישט געווען אַזוי פויל ווי דו. נעם אַ ביישפּיל פון דיין ברודער, ער קומט זיך נישט וואָס ער דאַרף אַרבעטן! מעגסט זיך טאַקע ביי אים לערנען!

אויף איר געלן פּנים האָט זיך באַוויזן אַן אויסדרוק פון צערטליכקייט, איר זון, דער בכור, דער מאַנספּאַרשוין!.. יאָ, אַ מאַנספּאַרשוין, וואָס אין איר מאַן האָט זי עס נישט געפונען. זי האָט פאַרגעטערט און אים זיין קאַרגשאַפט, זיין קמצנות, וואָס א דאַנק איר איז איר געלונגען צו פאַרגרעסערן די קיילעכדיקע סומע, וועלכע זי האָט מיט אַזוי פיל מי און מאַטערניש קויםם צונויפגעקלאַפּט. האָט אים מוחל געווען אַלע זיינע שטיק, האָבנדיק די זיכערקייט, אַז זיי וועלן נישט לייכטער מאַכן איר ביטל, נישט אַרויפוואַרפן אויף אים קיין שום פאַרפליכטונגען... זי האָט אונטערגעברומט:

—גענוג, ענדיק דאָס רוימען. דערנאָך וועסטו גיין אָנרייסן באָב.

אָבער ספּי האָט זיך אַוועקגעשטעלט פאַרן אַלטן, פון פליגן פאַרשמוצטן בופעט—שפּיגל, וואָס צוזאַמען מיט אַ שראַנק א דיישע אויף די ברויט און אַ קאָרעטע איז עס געווען די גאַנצע מעבלירונג פון אַן אומגעהייער גרויסן שטוב וואָס האָט גלייכצייטיק געדינט אַלס קוך און אַלס עסצימער אויסערדעם האָבן זיך נאָך דאָ געפונען עטלעכע הינקעדיקע שטולן און אַ לאַנגע באַנק און אַ ווענטל. אַ פאַרבליבענע האָט מאַדאַם אָרעלי זיך צוגעקוקט צו איר טאָכטער, האָט מיטן האַנט אַ פיר געטון איבער אירע קורצע האָר און געשמייכלט צו איר מונטערן, פרישן בילד אין שפּיגל.

—דו האלסט זיך טאַקע פאַר אַ שיינע? האָט די אַלטע אַ פרעג געטאָן מיט אַן איראָניע. מיט פאַראַכטונג האָט ספּי אַ

דאָרף געטאָן אַ בליק אויפן פּליטע ווי ס'האָט זיך געקאָכט אַ טעפּל זופּ און דורכן אָפענעם פענסטער צו די מוילבערבוימער אויפן הויף. לאַנג וועט זי דאָ נישט בלייבן! אויסער ס'ביסל עסן און אַ געלעגער וואָס האָט זי דען דאָ נאָך? קיין גראָשן נישט. און וואָס איז דער תּכלית?... וואָס וואָלט זי דען אַרויסגעטראָגן פון דער שולע ווען נישט דעם פעטערס ביכער?.. דאָס לעבן, די וועלט—דידאָזיקע ווערטער וועלכע זיינען אַזוי פּוסט אָדער פאַרקערט אַזוי פיל, לויטן זין וואָס ס'לייגט אין זיי אַריינס האַרץ און דערגייסט—האָבן איר געצויגן צו זיך מיט זייערע אַנלאָקענדע בילדער. וואָס שטעלט מיט זיך פאָר, אין פאַרגלייך מיט זיי אָליוועטע אַ מיסט בערגל אָנגעוואָרפן דורך אַ מיל-וורף.

—אָנשטאָט זיך צו דרייען פאַר אַלע שפּיגלען, וואָלסטו בעסער געדאַרפט אַ קלער טאָן ווי אַזוי אויסצובעסערן די ווירטשאַפט פון פערמע. איבער אַ יאָר גייט לואי אַוועק דינען. דו וועסט אים מוזן פאַרבייטן. — ניין. איך האָב באַשלאָסן צו גיין אויף אַ פּאָסטן:

—זאָג בעסער פּראָסט פּשוט, אַז דיר שפּאַרט וואָס גיכער קאָנען אַ לעב טון!

—איך בין אַזוי אָרענטעך ווי דו!

זי איז אַריין צו זיך אין צימער און צוגעהאַקט די טיר.

פאַרדעכטיק האָט איר מאַדאַם אָרעלי צוריק אַנ'עפן געטאָן זי האָט בשום אויפן נישט פאַרשטאַנען פון וואַנען נעמען זיך דידאָזיקע, ענערגיע-עקספּלאָזיעס, וואָס לעצטענס ווערן זיי כּסדר עפטער.. אַז ספּיריטע שפּילט ווי אַלע ליידיגגייער אין קעגלין, אָדער אין קוגלן אויפן שפּיל-פּלאַץ, אַז זי קאָן פירן דעם זעגל שיף נישט ערגער פון פראַנסואַ קאַסטאַלען גופא, אַז זי קעמפט זיך מיט ליאָן נאָך יעדער שפּיל אין איבעריאָגן איינער דעם אַנדערן—דאָס אַלץ זיינען בלויז באַווייזן פון איר איבערשפּאַנטן גייסט. און איר פריזור! אין די קליידלעך ביז די קני—אויב זי וויל שוין עפּעס אויף זיך אַרויפוואַרפן!!

אַנ'אומרויִקע האָט זיך די מוטער געריבן דעם שטערן.

אַנקומענדיק אויף אַ שטעלע, צי וועט איר ספּיריטע אָבגעבן אַ טייל פון אירע שכירות? זי האָט געמורמלט:

—איך דאַרף דיך דאָך האָבן. וואָס וועל איך טון אָן דיר, לואי וועט אוועק דינען?

—דו ווייסט דיגגן טאָג־אַרבעטער.

—דו ווייסט, וואָס דאָס קאָסט אָפּ?

ספּי האָט חוזק געמאַכט:

—יאָ, געוויס, טייערער, ווי איך און לואי!

—אויסוואורף!

דער כעס האָט איר געשטיקט, די שטים האָט געציטערט אונטערן שטריק־נעץ פון די האַלדז־אָדערן. די קאַלטע אויגן האָבן אויסגעזען ווי שטיקער אייז, אויפן פּנים, וואָס ס'איז געוואָרן אין גאַנצן גרין פון שרעקלעכן גיפט. מאַדאַם אָרעלי האָט אויסגע־רעכנט, אַז צוויי אַרבעטער צו פינף און צוואַנציק פראַנק מאַכט אויס כופציק פראַנק אַ טאָג—1300 פראַנק אַ מאָנאַט,—און 15600 אַ יאָר...

—אויף אוועקצוגיין, מיין טאָכטער, דאַרף מען אַז איך זאָל דאָס וועלן. אָן מיין הסכמה קאָנסטו קיין זאַך נישט טאָן... ביז איין און צוואַנציק יאָר...

—און אויב דער פאָטער דערלויבט?

—וואָס? דער פאָטער?—מיט אַן אַנטשיידענדענער האַנט־באַוועגונג האָט מאַדאַם אָרעלי פעסטגעשטעלט דעם פּרינציפּ: זי איז אין דעם פאַל די איינציקע פאָרשטערין פון מענליכן אױ־טאָריטעט.

און אויב איך וועל אַנטלויפן?—האָט ספּי אַ פרעג גע־טאָן.

—איוף דעם זענען פאַראַן זשאַנדאַרמען... און איצט צו דער אַרבעט. קיין איין קערנדל זאָל נישט בלייבן, ביז ,פריש־טיק, אויף די זעקס בייטן בעבלעך.

אויפן אַנדערן טאָג, באַקומענדיק פון דער שוועסטער דאָס געלט פאַר די אָפּגעלייזטע יאַגאָדעס,—אַראָפּרעכנדיק פאַר זיך אַ געוויסן קאָמיסיע־פּראָצענט—האָט זיך ספּי נישט געאײלט גיין אַ

הים. אין געוועלב זענען כסדר געקומען נייע קונים.

זי האָט געהאלפן שאַרלאָטען, וואָס צו דריי און צוואַניק יאָר האָט זי געוויגן אכציק קילאָ, אָראָפּנעמען פון אַ פּאָליצע, פולגעפּאַקט מיט פערשידענע שטאָפן, אַ שטיק געבלומטע זיידענס. די קויפערין איז גראָד געווען די מוטער פון איר חברטע ראָזע, רעסי, שטייענדיק ביי דער ביורקע, האָט זיך געוויצלט:

—זאָג נאָר יוסטינע, דאָס גרייטסטו זיך שוין צו דיין טאָכטערס חתונה?

די פישערין—אַ דיקע נקבה מיט אַ גרויסן בויך, מיט אַ באָרד כמעט אַ מענערישן, וואָס האָט נאָך אַליין אויך הנאה געהאַט אַ לעב צו טאָן מיט די שיף אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך געיאָגט נאָך אַ ביליקן פאַרגעניגן. האָט זיך שטאַרק אָנגעבלאָזן.

—פאַר וואָס פרעג איך זיך נישט ביי דיר, ווען דו וועסט חתונה מאַכן דיין שוועגערין?

—באמת, זי איז שוין באַלד אַזוי רייף ווי ראָזע.

אָפּשאַצנדיק דעם וויץ, האָט דער אוניווערסאַל-הענדלער זיך אנגעהויבן אויפמערקזאַם צוקוקן צו זיין שוועגערין. אַ קורצפּיסיקער, מיט אַ פלאַטשיקער צורה האָט ער תאוהדיק אנגעשטעלט אויף איר זיינע קיילעכדיקע, אויסגעגלאָצטע אויגן פון אַ הונט!

די פישערין האָט באַצאָלט, זיך געכעסט וואָס ס'קאָסט אַזוי טייער, ווי אַלע סוחרים אין שאַטאָ-רוזש, ווי זי אַליין אויך—האָט רעסי גענומען אומברחמנותדיקע פרייזן. שטייענדיק אויסער יעדער קאָנקורענץ, האָבן זיי פאַרשטאַנען ווי דאָס אויסצונוצן און אויפגעשרויפט די מקחים ביזן הימל. דער יקרות וואַקסט פון טאָג צו טאָג, האָבן זיי אַלע געקלאָגט, אַ אָנשטאָפּנדיק פולע טאַשן.

די טיר האָט זיך פאַרמאַכט הינטער די קינות פון די אַלטע פישערין.

אַ ווײַלע זענען זיי געבליבן אַליין. אַ פּאַסנדן מאָמענט:

—הער אויס, שאַרלאָטע!

—וואָס, למשל, ווילסטו מיר זאָגן?

—איך האָב זיך נעכטן דורכגעשמועסט מיט דער מאַמען. אַזוי קאָן עס ווייטער נישט בלייבן. איך נעם אָן אַ פּאָסטן אין אָראַנזשע.

—דאָס וועלן מיר נאָך זען.

זי האָט צוגעגעבן, אַז פּונקט ווי זי, וויל זיך אויך די יונגערע נישט איינוואָרצלען אין אליוועט, אָבער אָנשטאָט צו ווערן אַ דינסט ביי דער ווילדער, פאַרוואָס, האָט זי באַלד אויס גערעכנט, זאָל זי בעסער נישט אָנקומען צו איר אַלס געהילפען אין געשעפט? זי וואָלט איר געצאָלט פּערציק, לאָמיר זאָגן פינפציק פראַנק אַ מאָנאַט... אַ גלייכע זאַך און אַ גוט געשעפט! אויף דעם אופן וואָלטן זיי טאָקע געהאַט אַ שיינע פאַרקוי־פערין, וואָס וואָלט צוגעצויגן קונים. די קליינע געפעלט איר מאַן, אויך קיין בייז נישט. אַ דאַנק איר שיינקייט האָט זי געגנוג עלעגאַנטערע און אינטערסאַנטערע אַדאָראַטאָרן. וואָס אַנ־באַלאַנגט שאַרלן, וואָלט מען בלויז גענאָרפט אַ ביסל אַכטונג געבן אויף אים... אַנ׳אַנלאָקענדע מעגליכקייט. מאַדאַם רעסי האָט זיך אָבער באַמיט קונציק אויסצושפּילן איר ראָל.

—איך וועל רעדן מיט דער מאַמען. שוועסטער דאַרפן איינער דער אַנדערער העלפן... אָבער הער אויס... פאַרוואָס זאָלסטו, איידער גיין צו דער מאַדאַם אויבריק, נישט אנקומען בעסער צו אונז? דאָ וועסטו זיך דאָך פילן ווי ביי זיך אין דער היים. און, אַז דו וועסט אַרבעטן? וועסטו דאָך, באַקומען ערליך באַצאָלט. און וואָס פאַר אַנ׳עסן! ווי מיינסטו רעסי?

ער האָט איינגעוויליגט: ממש אַ געווינס! אָבער ספּי האָט געשפּירט, אַז פאַרן איבערבייטן די קנעכטשאַפט וועט זי זיכער באַקומען אַ גאַנץ קליינעם געהאַלט.

—און וויפיל וועסטו מיר צאָלן?

—אַ מאָדנע פראַגע!

—וויפיל, למשל?

אַז די שוועסטער האָט איר אָנגערופן די סומע, האָט ספּי מיט פאַראַכטונג זיך אַ נעם געטון צו אירע קערב. רעסי באַזאַר

האָט איר תּיכּף פאַרשטעלט דעם וועג.

—ס׳איז צו ווייניק?

—געוויס.

שאַרלאָטע האָט אַ פרעג געטון מיט כּעס:

—און וויפיל גיט דיר יענע?

—פיר הונדערט פראַנק.

—צום טייוול! מ׳זעט אַז געלט איז ביי איר בלאָטע!... באַקלער זיך, פאַר דיר איז אַ סך גלייכער צו זיין אַ פּאַרקויפערין ביי אונז, איידער צו זיין אַ דינסט ביי אַ פרעמדער.

—דאָ, ביי אייך, וועל איך זיין אַ דינסט!

—אָט ס׳אַראַ אומדאַנקבאַרע! גיי צו מאַדאַם אויבריק, מיין טייערע, גיי! מיר ווייסן וואָס דיך ציט אַהין.

—וואָס, למשל? זאָג אַז דו ווייסט!

—דאָרט איז דאָ געגנוג. און ס׳איז נישט אומעטיק; ווי מיינסטו, רעסי?

—ווי די קעכין דערציילט קומען דאָרטן. פאַר מוראַדיקע זאַכן, מעשים תּעתּועים! היט זיך פאַר אָראַנזשע, מיין טייערע! דאָרט זאַמלט מען מער פרוכט ווי בלומען. שאַרלאָטע האָט צו-געגעבן!

—מיר וואָרענען דיר!

ספּי האָט זיך פאַרטיפט אין געדאַנקען און איז אַוועק אויפן וועג צום פעטער פאַקאָס גאָרטן... ווירקליך האָט פאַר׳אָרן איינע פון מאַדאַם אויבריקס קאַמער-פרייליינס געמוזט פאַרלאָזן ס׳לאַנד, כּדי צו האָבן דאָס קינד ביי אירע קרובים אין דראַגיניאָן. דער פאָטער? מ׳ווייס נישט ווער?.. זי איז דאָך יאָבער נישט אַזאַ אידיאָטין ווי יענע! קיינער וועט איר נישט צווינגען צו טאָן דאָס, וואָס זי וועט אַלייך נישט וועלן...

עמיצער האָט איר אָרוף געטון, דאָס איז געווען פרוי קאַסטאַלע, פראַנסואַס מוטער. זי האָט זיך, אַ פאַרוואונדערטע, אָפּ געשטעלט.

—הער, מיין טייערע, זאָג דיין פעטער, אַז די שיף מיט די ברעטער פאַר זיין שטאָל קומט מאָרגן באַשטימט..

די שיף! ביים דאָזיקן וואָרט איז ווי אַ לעבעדיקער גע־
שטאַנען פאַר אירע אויגן דער דרייסטער סילועט פון פישער,
וואָס ליגט אויסגעצויגן אויף די ברעטער... פראַנסוא!... זי איז
געווען אַזוי פאַרטיפט אין אירע געדאַנקען אַז זי איז פאַרביי־
געגאַנגען. לעבן גאַראַזש און כמעט נישט באַמערקט, אַז דאָרט
אַרבעט קאָנסטאַנטין.

אָט אַזוי לויפסטו דאָס פאַרביי און באַמערקסט אפילו נישט
דיינע אַלטע פריינט?

נאָך מיט צוויי יאָר צוריק האָט ער, נישט געקוקט אויף
דער פאַרצווייפלונג פון אַלטן מאָרעל, פאַרלאָזן סען-טראָפּעז
אוועקגעוואָרפן זיין סטאָליאַר־פאַך און זיך געלערנט פאַר אַ
מעכאַניק. געבראַכט האָט אים דערצו קודם כל זיין שטרעבן צו
זיין נענטער צו ספּיריטען, וועלכער ער איז געבליבן טריי די
גאַנצע צייט, צווייטנס, האָט ער געוואָלט פּרוּוון זיין גליק אין
אַ בעסער באַצאָלטן פאַך.

—איך אייל זיך זייער, טענטען!

—ווּהין גייסטו, אייגענטליך?—האָט ער אומרויק און איי־
פערזיכטיק אַ פרעג געטון.

זי האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און איראָניש צוגע־
געבן:

—דו ביסט צופיל נייגיריק!

זי איז שוין געווען ווייט...

פּלוצלינג האָט זי זיך געמוזט אָפּרוקן אין אַ זייט, כדי
דורכצולאָזן אַ ווייסן אויטאָ. ביים רודער איז געזעסן אַ פרוי
אין אַ רויטער וועסט, זי האָט גליק, זי איז רייך! אָבער צו
איז זי באמת רייך? ס׳קאָן גאָר זיין, אַז זי איז איינגעטינקט
אין חובות איבערן קאָפּ!... איך קאָן פונקט אַזוי וויסן וועגן
עשירות. ווי אַנדערע, למשל,קאָנען אורטיילן מכח מיין רייכטום,
אָדער אינערליכער אָרעמקייט. אָבער יעדערער אורטיילט און
גיט עצות. ס׳איז טפּשים די מענטשן זענען, באמת!

—גיט אַ נדבה, האָט רחמנות!

זי איז געוואָרן אַ פאַרציטערטע.

פאַר איר איז געשטאַנען אַ פרוי, מיט אַ קאָפּ שוואַרצע האָר און אויסגעצויגן די האַנט. ספּי האָט זיך צוגעקוקט צו דער אומבאַקאַנטער: יונג, נישט קיין קראַנק אויסזען..״ פאַר וואָס לייגט זי, סומולירט ?.. זי איז פאַרבײַ געגאַנגען, דער־הערט אָבער הינטער זיך אַן׳אויסרוף:

—ס׳אַראַ שמוץ! איך בין נאָר וואָס ארויס פון שפּיטאָל, און קיינער וויל מיר נישט העלפן!

פלוצלינג שטאַרק גערירט, האָט זיך ספּיריטען געדוכט, אַז די זון האָט מיט אַמאָל פאַרלוירן איר ברענענדיקע היץ. זי האָט זיך אומגעקערט, איז צוגעלאָפן צו דער שנאָרערין, וועלכע איז שטאָלץ ווייטער געגאַנגען איר וועג...

—פּסיט!—יענע האָט זיך אָפּגעשטעלט, געוואַרט אַ פאַר־וווּנדערטע.

—איר זענט נאָר וואָס אַרויס פון שפּיטאָל ?—!דאַן האָט די אומגליקליכע, זעענדיק אַ מעגליכקייט זיך אָנצופּערטרויען, אויסגערופן:

—אוי, צרות מיינע גרויסע! צוויי חדשים בין איך אָפּ־געלעגן אין שפּיטאָל. אַ קאמפּליקאַציע נאָכן געבורט. היינט פרי האָט מען מיר צוזאַמען מיטן קינד ארויסגעוואָרפן אויפן גאַס. איך האָב עס איבערגעלאָזן מיט מיין מאַמען אויפן וואָקזאַל... נישט מיר האָבן וואָס צו עסן, נישט קיין געלט צו קויפן אַ בילעט קיין סען-ראַפאַעל.

ספּי האָט איר אָפּגעגעבן וויפיל זי האָט געהאַט. דאָס גאַנצע געלט, וואָס זי האָט באַקומען פאַר די קאַרשן! צוואַנציק פראַנק... אַ שלעכטע מעשה! פון דער מאַמען וועט זי כאַפּן די ריכטיקע עליה, אָבער דערפאַר וועלן דאָך דידאָזיקע אומגליקליכע נישט קרעפּירן פון הונגער.

—גאָט זאָל אייך באַצאָלן פאַר אייער גוטקייט; ווילט איר, אַז אַלס דאַנק, זאָל איך אייך פאָראויסזאָגן אייער צו־קונפט?

זי האָט אַ נעם געטון איר האַנט——אוי, עלנדע, עלנדע אַלע זענען מיר געבוירן אויף צרות... אייך וועט אויך קיין

קרענקונג נישט פעלן, היט זיך פאָר א יונגן מענטשן, וויל ער וועט אייך דערפירן דערצו, צו וואָס איך בין דערגאַנגען... איך, איר וועט רייזן... איר וועט האָבן... איין... צוויי קינדער

מיט פאַרוואונדערטע אויגן האָט זיך ספי צוגעקוקט צו איר האַנט, וואָס אַנטהאַלט אין זיך אַזוי פיל זאַכן! ווו באַהאַלט זיך דאָס אַלץ? זי האָט אויפגעהויבן איר געזיכט צו דער ציגיינערין.

—צי וועל איך זיין גליקליך?

—דאָס ווייסט נאָר גאָט אַליין. איך ווינש עס אייך מיטן גאַנצן האַרצן.

ווי נאָר זי האָט אַנ'עפן געטון דאָס טירל פון גאָרטן, האָט זי גלייך דערזען דעם פעטער. ער האָט רעפּיקירט אַ בייט סאַלאַטע.. זי האָט אים איבערגעגעבן איר באַשלוס צו פאַר־לאָזן אַליוועט און אַוועקגיין קיין אָראַנזשע—ווי מיט אַ קאַלטער דוש, האָט ער איר אָפּגעגאָסן מיט זיינע שאַרפע פּראָטעסט־אויסדרוקן.

דער פעטער איז כסדר געוואָרן אויפגערעגטער, וואָס ווייטער ס'זענען געוואָרן זיינע האָר. אַ כראָנישער אישיאַס האָט אים געמאַטערט צום טויט. באַקומענדיק אַ פאַרגרעסערטן אַר־בעטס-געביט אויף צו קאָנטראָלירן די זוימען-קולטור און די־זיידן-צוכט, האָט ער איצט פיר מאָנאַטן און יאָר כסדר געמוזט אַרומפאָרן איבער דער גאַנצער געגנט און האָבן די אויפ־זיכט איבער דער זיידנס-אינדוסטריע פון סרינ יאַל ביז סען ראַפאַעל. זיין נייע לאַגע האָט געהאַט פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע זייטן. דאָס פּאָזיטיווע איז באַשטאַנען דערין, וואָס ער האָט באַקומען די מעגליכקייט צו פאַרגרעסרן די קליינע ירושה, וואָס ער האָט געוואָלט איבערלאָזן ספּיריטען. דאָס נעגאַטיווע: דער מוז זיך צו דערווייטער פון זיין טויף טאָכטער גראָד אין דעם עלטער, ווו ווערנדיק אליין אַנ'היימזיצער, וואָלט ער זיך אין גאַנצן געקאָנט איבערגעבן איר ווייטערדיקער אַנטוויקלונג... אַ מענטשליכער גייסט, מער נאָך ווי אַ גאָרטן—ער פלעגט ווערן אַ צוקאָכטער זעענדיק, אַז זיין גאָרטן איז פול שלעכטע געוויקסן—פּאָדערט, באַזונדערס אין פעריאָד פון זיין פאָרמירן זיך,

אַ טעגליכע פּלעגע... אויסערדעם האָט־אים דאָס קולטורווירין ספּיס גייסט—אַ רייכער און קאָמפּליצירטער באָדן—געגעבן אַ סך מער ווי די קולטור פון זיינע גרינסן. ער האָט געהאַט די פעסטע איבערצייגונג, אַז אין איין שיינעם טאָג וועט ער אומבעדינגט דערזען די פּראַכטפולע פרוכט—דעם רעזולטאַט פון זיין געדולדיקער דערציונג.

—אַ שטוב־מיידל ביי דער מאַדאַם אויבריק! אַ פיינע פּערספּעקטיוו!

—פאַרוואָס? עס איז א פאַך נישט קיין ערגערער פון אַלע אַנדערע.

—גאַנץ ריכטיק. ער איז אָבער גוט פאַר אַזעלכע, וואָס האָבן קיין מעגליכקייט נישט זיך ווייטער צו אַנטוויקלען. דו קאָנסט אבער דערגרייכן עפּעס בעסערס און דאַרפסט טאַקע טאָן.

—אָבער וואָס, למשל, פּעטער? ווירטשאַפט? נייען?

ער האָט אויף איר אַ וואָרף געטון אַ בליק פול איראָניע.

—ווירטשאַפט! נייען! ס׳אַרא אמביציעס!... דאָס פירט אוועק ווייט, איבערהויפּט דעם, וואָס וויל באמת לעבן און וויסן.

—ריכטיק! אַ קאַמער־פריילין, איבערהויפּט ביי אַן אויסלענדערין, איך וועל ארומרייזן, וועל קאָנען פארגלייכן, אורטיילן וועגן מיינע אַספּיראַציעס, מיינע געשמאַקן.

—און איצט אריענטירסטו זיך דען נישט אין זיי? צו ווייסטו באמת נישט וואָס דו ווילסט?

—ניין! איך ווייס בלויז איינס. אַז איך וויל נישט וועגעטירן אין שאַטאָ־רוזש!

דערדאָזיקער ווידערווילן האָט איצט אין איר געוואַקסן זינט האָט אים געערכטפערטיקט אין אירע אייגענע אויגן דורך העכערע, שטאָלצערע מאָטיוון, ווי דורך דער אויסזיכט אויף אַ גרינגן לעבן ביי מאַדאַם אויבריק, דער אנציענדער לוקסוס און די זענזוכט נאָך עפּעס לגמרי אומבאַקאַנטעס.

דער פּעטער האָט אויפגעהערט זיך צו כעסן און מיט איין

ייס אויפן רידעל, האָט ער געזאָגט:
—האָב נאָך געדולד. איך בין געפאַלן אויף אַן אידעע. איך האָף, אַז אין עטליכע חדשים ארום, ווי נאָר דער נייער דירעקטאָר וועט באַטרעטן זיין אַמט, וועט מיר זיכער געלונגען דיר איינצואָרדנען אויף איינער פון די פערמעס פאַר זיידנס-אינדוסטריע אין לאַ ראָק. דאָרט וועסטו האָבן די מעגליכקייט צו ווערן אומאָפּהענגיק און איינאָרדנען דיין פּערזענליכן לעבן לויט דיין אייגענעם געשמאַק...
—אָבער דאָס פּערעקשנטע מיידל האָט אומעטיק אַ געטון:
—ניין, ניין, פאַר מיר איז שוין גענוג!
דערהערנדיק איר אויפגערעגטקייט, האָט ער געוואָלט חיסן די סיבה.
—זיי אָפּנהערציק! זאָג וואָס איז דיר איינגעפאלן?
—קיין זאַך נישט! איך וויל זיך לערנען.
—וואָס?
—אַלץ ס'לעבן...
—דאָס וועסטו זיך אויסלערנען נאָך פריער ווי מען דאַרף, און צוליב דעם דאַרף מען נישט גיין צו מאַדאַם אויבריק. דאָס לעבן! צום טייוול!... מער נישט ווי דאָס! אויב די ביכער, וואָס איך האָב דיר געגעבן, זענען נישט אום שטאַנד דיר אויפצועפענען די אויגן, וועל איך דיר געבן אַנדערע, קום מיט מיר!
ער האָט איר אריינגעפירט אין שטוב און אַראָפּגענומען פון איינער פון די פּאָליצעס פון פּאָרצימער,—וואָס איז געווען אָנגעפּילט מיטן נודנעם ריח פון די זיידן-קאָקאָנען—אַ בוך מיט אַ צוריסענעם איינבונד:
—פּרוּוו קודם כל דאָס, איידער דו גייסט קלערן וועגן עפּעס אַנדערש. נאָכן דורכלייענען קום צו מיר, איך בין רויק.
זי האָט אויפגעעפנט דעם בוך און איבערגעלייענט די ערשטע זייטל: „אַ קאָכעדיקער טאָפּ"
—אויב דאָסדאָזיקע אַלטע בוך, וועט נישט אַרויסטרייבן פון דיר דיין שגעון צו ווערן אַ שטוב-מיידל—ביסטו נישט מער מיין טויף-טאָכטער.

# ז

דעם צווייטן דינסטיק נאָך פרישטיק האָט ספּי. שוין צום אַנדערן מאָל אין דעמזעלבן טאָג, געשלעפּט אויף אירע אַקסלען צוויי קערץ מאַרעלן צו איר שוועסטער קיין שאַטאָ-רוזש. זיי זענען צייטיק געוואָרן אַלע מיט איין מאָל און זענען געווען אַזוי שיין און גוט, אַז מ'האָט זיי ממש געריסן פון די הענט. אָבער דערפאַר זענען זיי געווען אַזוי שווער, אַז ספּי האָט פאַרשאָלטן דאָס געביין פון דער מאַמען צוזאַמען מיט דער שוועסטער, וואָס האָבן זיך ביידע גענומען צו איר און זי טרעטירט ממש ווי אַ גאַסן-מיידל. אפילו לואי איז איבערגעגאַנגען אויף זייער זייט, און דערשפּירנדיק זיין מאַכט, אַ דאַנק דעם פּאָטערס שוואַכקייט איז ער געוואָרן דער גאַנצער באַלעבאָס!

זינט איר באַזוך ביים פּעטער פּאַקאָ אין גאָרטן—פּונקט מאָרגן ווערט צוויי וואָכן—האָט ספּי אַ סך נאָכגעטראַכט. דער פעטער האָט גוט אויסגערעכנט, אַפּעלירנדיק צו איר שטאָלץ. אויסערדעם האָט איר איצט גאָר אַן אומגעריכטע סיבה אויפגעהאַלטן אין אַליוועט. איר פּאָטער איז אויסלאָדנדיק דאָס אַלטע אייזנוואַרג, אַראָפּגעפּאַלן פון וועגל און זיך צעבראָכן דעם שינביין... דאָס ווייב און זיין זון—„דער קלאַן" ווי ער פלעגט זיי געווינלעך רופן—האָבן אים נאָך אַ מחלוקת, פאַרוואָס זיי

האָבן אים נישט געוואָלט קויפן קיין שום רפואות, איבערגעלאָזן אליין ווי אַ הונט.

שפּירנדיק זיך אינגאַנצן אַרויסגעשטופּט פון שטוב, האָט זיך דער אַלטער, נאַטירלעך, צוריק צוגעבונדן צו זיין ספּיריטען כסדר איר געדופן צו זיך צום בעט, און ליגנדיק מיט אַ פאַרגיפּסעוועטן פוס, האָט ער זיך געהאַלטן אין איין דענער-ווירן. נישט טאָרן זיך אַ ריר טאָן, דער עיקר—נישט טרינקען—דאָס האָט אים פּשוט אַרויסגעבראַכט פון די כּלים.

די גאַנצע צייט האָט זי געמוזט לעבן אים זיצן און לייענען צייטונגען און זשורנאַלן.

נישט דעם קראַנקנס גוטער שמייכל,—און ווי זאָל זי אים אין אַזאַ מאָמענט טאַקע איבערלאָזן אַליין?—וואָלט זי שוין פון דאַנען לאַנג אַנטלאָפן!..

—בלייב דאָ,—האָט ער איר נעכטן שטאַרק איינגערעט—נאָך דעם ווי זי האָט אים פאַרטרויט דעם סוד, אַז זי וויל אַנטלויפן... טו אַזוי ווי איך, שעלמע! לייד און שווייג! אָבער אויב ער האָט איינגעווילקט צו שלעפּן דעם יאָך זיין גאַנץ לעבן, צו וואָס זאָל זי, אַ יונגע, אַ לעבעדיקע, וואָס קאָן נאָך אַלץ אין לעבן דערגרייכן; נאָכטון זיין ביישפּיל? וואָס זאָל זי אַלזאָ טאָן? חתונה האָבן? קיין איינציקער פון אירע אַדאָראַטאָרן איז נאָך דערצו נישט ראוי.

קאָנסטאַנטינס קרענקלעכער געזוכט, מיטן בליק פון אַ געטרייען הונט, האָט אַ שיין געטאָן פאַר אירע אויגן—כּדי תּיכּף אָפּגעטריבן צו ווערן, נאָך אַ גאַנץ דייטלעכן באַשלוס. פּראַנסוא?.. זי האָט געפּרוווט פאַרטרייבן זיין בילד. איר האָט געצויגן צום פישער. ער האָט געבליט פון שמחה בלויז פון באַוווסטזיין, אַז ער לעבט. זיין לעבעדיקייט, זיין קראַפט, זיי האָבן איר באַצויבערט. אָבער עפּעס אַ מין פאָרגעפיל האָט איר אָנגעוויזן אויפן וואַקעלדיקן אומזיכערן באָדן און זי האָט זיך נישט געוואָלט אַריינלאָזן אין אַזאַ מין אַוואַנטורע... די אידעען, וואָס דער פעטער האָט איר איינגעאומפּט פון קינדווייז אויף, דאָס געפיל פון אַן אינערלעכן, העכערן לעבן. וואָס זיי-

אויסגאַנגס-פּונקט איז דער קערפּער און דאָך איז ער אָפּגעטיילט פון אים, דערדאָזיקער „גייסט פון דער מאַטעריע", וואָס ער האָט אונטערגעשטראָכן זיין עקזיסטענץ, וועלנדיק דורכאויס דערגיין זיינע סודות—דידאָזיקע אידעע האָבן איר כסדר געמאַטערט, און זי האָט זיך אפילו וועגן דעם אַליין נישט אָפּגעגעבן קיין רעכענונג.

זי איז דערגאַנגען, נישט ווייסנדיק אַליין ווי אַזוי, ביז צום קוואָר-שטעג, פון וואַנען דער וועג, אַרויסגייענדיק פון פּעראָ-וואַלד, האָט געפירט צו שאַטאָ-רוזש. אַ שטאַרק מידע, האָט זי צופּגעלאָזן אירע קערבּ אויפן באַרג-אָפּהאַנג. זי האָט זיך נאָר צוועקגעזעצט, כדי אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם, האָבן זיך פּלוצלינג פון הונטער די פעלזן באַוויזן די ערשטע שעפּסן פון אַ גרויסער סטאַדע און דערנאָך די אַלץ פּאַרפּלייצנדיקע גאַנצע סטאַדע גופא, לעבן איר אַ הונט, וואָס האָט געהאַלטן אין איין שטויסן די בהמות אויף רעכטס, נענטער צו דער באַרג-וואַנט.. מיסטו! זי האָט אים גלייך דערקענט נאָך זיינע לאַנגע געקרויזטע האָר און זיינע כמעט מענטשלעכע אויגן. הייסט עס, אַז יאָזעף סערווין איז אויך נישט ווייט פון דאַנען! אָט איז ער מאַקע דאָ.

דער לאַנגער סילועט, פּאַרדאַפּירט אין זיין אייביקן גראָבן וואָלענעם מאַנטל, איז יאָזעף סערווין, מיטן צונאָמען „חכם", מיט זיין ערנסטן געזוכט און ווי אָפּוועזנדן בליק, געווען פאַר דעם מיידל אַ מין אומטיילבאַרער חלק, פון דעמדאָזיקן באָדן, פּונקט ווי די פעלזן ביים וועג און די שירמפאָרמדיקע סאָסנעס זיין פעראָ וואַלד. זי האָט אים געקענט פון איר פריסטער קינדהייט אָן—אומפאַרענדערלעך מיט יענער אַרט מיסטישער שטרענגקייט וואָס ס'באַזיצן די וועגן וועלכע גיסן זיך צונויף מיט דער נאַטור... זי האָט אים, ווי תמיד, פריינטלעך געגריסט.

—דו שטייגסט אויף די בערג?

ער האָט איר געענטפערט, אַז יאָ.

עס איז געווען די צייט, ווען דאָס פי פלעגט געוויינלעך אַנטלויפן פון דער חמימה אין פלאַכלאַנד און עמיגרירן אויף

די בערג. מיט אַ בליק פון אַ פריינט האָט זי זיך צוגעקוקט צום שפּרינגען פון די שעפּסן. דאָסמאָל איז נישט געווען קיין שום רויטער קרייץ אויפן דאָרן פון די קרבנות: זיי האָבן זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צום שלאַכטהויז זענען צוועק אויף די לאָנקעס, זיך פּאַשען, כדי צוריקקומענדיק, אַרונטערצופאַלן אונ-טערן מעסער... מוסטו האָט אונטערגעיאָגט די אָפּגעשטאַנענע, בילנדיק כמעט לעבן זייערע הינטערשטע פיס. ביים קרייץ-וועג איז פאַרשווונדן געוואָרן דעם פּאַסטוכס הויכע געשטאַלט.

זי איז געוואָרן אַן אויפגעציטערטע. אימיצער, וואָס זי האָט אים לגמרי נישט געהערט קומען, איז מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן לעבן איר. זי איז אויפגעשפּרונגען אין האָט אויסגעשריען:

—פראַנסואַ!

—וואָס פאַרא מין באַגעגעניש!—האָט ער זיך אָפּגערופן מיט איינעם פון זיינע אַנגענעמסטע שמייכלען...—דו פאַרנעמסט זיך, הייכט עס איצט מיט צושטעלן סחורה?

זי האָט אים אָנגעקוקט מיט פאַרוווּנדערונג.

—און דו? וווהין גייסטו מיטן דאָזיקן זאַק?

—איך טראָג קיין באַסטידע לאַנגוסטן.

ער האָט אַ הויב געטאָן דעם נאַסן זאַק, ווו זיי זענען געלעגן פרישע אונטער די ים-געוויקסן: די פיסלעך און פיל-הערנער האָבן זיך באַוויזן אין דער לאַנגזאַמער אַסיפיקסיע.

—דעק זיי צו, אויב דו ווילסט זיי ברענגען לעבעדיקע.

—איך האָב זיי ערשט אין דער פרי אָנגעכאַפּט! זיי זענען פריש ווי דיינע אויגעלעך!.. און דו וואָס טראָגסט?

ער האָט אַראָפּגעלאָזן דעם זאַק און אַריבערגעבויגן אי-בער די קערב זיין בלויזן קאָפּ.

זי האָט איינגעאָטעמט אין זיך דעם ריח פון זיין אָפּגע-ברענטער הויט, פון זיינע געדיכטע געקרייזלטע האָר, יענער ים-גערוך, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען פון זיין שטאַרקן קערפּער און פון זיינע גראָבע מלבושים... פון אונטער די וויינ-טרויבן-בלעטער האָבן די זאַפטיקע מאָרעלן באַוויזן זייער אַנ-

בנענדיקע רונדקייטן א שטארקער מבין האָט ער געקנאַקט מיט'ן צונג.

—אמתע ווענערא-ברוסטן !.. זיי זענען ווירקלעך פּראַכטפול.

ער האָט זיך געחכמעט, ווארפנדיק אויגן אויף ספּיס ביוסט:

—אָבער נישט אַזעלכע שיינע ווי דו וואָס דו באַהאַלטסט!.. ווייז אַ קוק !..

ער האָט שוין געהאַט אויסגעצויגן די האַנט, געטאַפּט אונטערן קאָרסאַזש די הארטע ברוסטן מיט די סטירטשענדיקע וואָרצלען. זי איז פּארציטער׳ט געוואָרן ווי פון אַ ברען און מיט איין שפרונג זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ פארטיידיקונגס-פּאָזע. זי האָט אַ נעם געטאָן איינס פון די פרוכט, עס געהאַלטן אין דער אויפגעהויבענער האַנט, גרייט צו ווארפן אים אין פּנים אַריין.

—גיי דערציילן עס ראָזען!

—אַלץ מיט דער צייט.

ער האָט זיך דערנענטערט נאָך אַלץ זיך וויצלענדיק. אָבער די האַנט האָט זיך אויפגעהויבן, דער קויל איז געפלויגן... געטראָפן אים פונקט אין שטערן. זיין פּרוּוו צו פלירטעווען, אויסגעלאַכט—האָט זיך פארוואַנדעלט אין אַ ווילדן צאָרן. און זיין לייכטזיניקער פארלאַנג אין עקשנות! אַ צעקאָכטער איז ער צוגעלאָפן צו איר.

וואַרט!

ער האָט אויך אַ כאַפּ געטאָן פון קאָרב אַ מארעל, און נאָך איידער זי האָט באַוויזן אויפצוהויבן די הענט, כדי זיך צו פארטיידיקן, האָט ער איר אַ וואָרף געטאָן די רייפע פרוכט צווישן די אויגן. דאָס שמעקעדיקע זאַפט האָט זיך צוגאָסן אי־בער איר געזיכט. אַ פארבלענטע, האָט זי זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן אויף די פיס. דאַן האָט ער איר אַרומגעכאַפּט מיט די אָרעמס... אַרום, קיין לעבעדיקער נפש. ער האָט איר צוגע־צויגן צו זיך, מיסברויכנדיק זיין קראַפט, הגם אַז ספּי, דער־שפּירנדיק זיך פלוצלינג אין זיינע אָרעמס, האָט זיך כמעט מער נישט געווערט. בלויז אויסדרייענדיק דעם קאָפּ, האָט זי זיך

באַמיט אויסצומיידן זיין מויל, וואָס האָט דווקא געוואָלט זיך צונויפגעגיסן מיט אירע ליפּן. זי האָט אַליין נישט געוווסט וואָס עס ווילט זיך איר מער, צי אַ שליידער טון אים און בייסן — אָדער זיך אונטערוואַרפן דעם נסיון פון קוש און זיך אויפהענגען אים אויפן האַלז.

אונטערן דרוק פון זיינע תאוהדיקע ליפּן האָט זי פּלוצלינג אַן עפּן געטאָן אירע... דאָס זאַפט פון מארעל האָט אָפּגעפרישט זייערע ברענענדיקע מיילער. אַ דערשיטערטע, האָט זי געענטפערט אויף זיינע קושן מיט אַזאַ ברען, אַז פראַנסואַ איז געווען נישט בלויז איבערראַשט, נאָר האָט זיך גלייכצייטיק אויך געשפּירט זייער געשמייכלט און ער האָט איר געהאַלטן פאַר אַ קלוגע.

נו, מילא, וואָס קאָן עס שאָדן?

ער האָט נאָכגעלאָזן זיינע אָרעמס.

אויפן וועג, אין דער ריכטונג פון שאַטאָ־רוזש, האָט זיך דערהערט דאָס קלאַפּן פון רעדער. ספּאַרירט, אָבער אייבער קעגן אַנדערן, האָבן זיי געמאַכט דעם איינדרוק ווי זיי זאָלן זיך נאָר באַגעגנט.

אָבער בעת פראַנסואַס אויגן האָבן געגלאַנצט מיט אַ חוצפּה־דיקער באַפרידיקונג, האָבן ספּיס, פּאַרקערט, געפלאַמט מיט אַ פינסטערן פייער.

—טראָג זיך אָפּ פון דאַנען! לאָז מיך—האָט זי זיך געבעטן, ווישנדיק דאָס פּנים, און מיט אַזאַ ערנסטע מינע, אַז ער איז געבליבן אַ צוטומלטער, ווי פון דעם אומגעריכטן שטערער.

רעסי־באַזאַר, זיצנדיק אין דער הויך אויף זיין וועגעלע סחורה, וואָס ער האָט אַרומגעפירט צו פאַרקויפן, האָט פּלוצלינג אָפּגעשטעלט זיין אַלטע, אויסגעמאַטערטע קליאַטשע.

געפינענדיק דעם שווערגערין צוזאַמען מיט קאַסטעלן אויפן וועג, — צוטומלטע, — וואָס האָט נישט געלאָזן קיין שום צווייפל וועגן זייער נאָענטקייט—האָט ער. פאַרשטייט זיך, זיי חושד געווען אין עפּעס מער ווי דאָס, וואָס ס'איז באמת געווען. — זיין

איבערראַשונג איז געווען אַזאַ שטאַרקע, אַז ער האָט אַליין נישט געוווּסט ווי אַזוי אויף דעם צו רעאַגירן...

—זייער שיין! אויפן וועג!.. קיין חרפּה, קיין בושה האָט איר נישט!

זיינע אַנטוישטע, תאוהדיקע האָפענונגען האָבן זיך מאָמענטאַל פאַרוואַנדלט אין אַ געפּיל פון כלומרשט מאָראַלישער אָפּפערונג. ער ד׳האָט זיי געדראָט מיטן בייטש. דער מאָפּס, וואָס נעכטן האָט זיך אים אַליין שטאַרק געוואָלט מיט איר זיך אַ שפּיל טאָן, האָט היינט מיט כעס געטשירעט די ציין:

—געשווינט אין געשעפט אַריין! און קומענדיק קיין אָליוועט ריכט זיך אויף אַ פּאָרציע! אויב דיין פאָטער, דער פּחדן, דערלויבט דיר זיך אַרומצוטרייבן מיט בתורים וועלן אָבער דיין מוטער אין לואי דיר צוזינגען אַן אַנדער לידל! איך וועל זיי אַלץ דערציילן... און דו וווילער יונג טראָג זיך אָפּ! איר לאָז צורו!

—וואָס קאָכסטו זיך אַזוי, מאָפּס! מ׳טאָר שוין גאָר מיט איר קיין וואָרט נישט אויסריידן וואָס?... מיר זענען דאָך נישט קיין פאַרהייראַטע, מיר! צי דען שפּיאָניר איך דיר נאָך צי דו נאָרסט אָפּ דיין חייב?

—גענוג! מער זאָלסטו זיך מיר אויף די אויגן נישט ווייזן, מערדער!

ער האָט אַ מאַך געטון מיטן בייטש.

—און דו, ליידיג-גייער, אייל זיך צו !שאַרלאָטע וואַרט אויף דיר...

דאָס וועגעלע האָט זיך אַ טראָג געטאָן.—אויף ווידערזען, מיין טייערע, האָט פראַנסוא אַ געשריי געטאָן, צווישקגייענדיק חייטער מיט זיין וועג... נעם זיך נישט צום האַרצן מיר וועלן איינער דעם אַנדערן געפינען!

נאָך אַן אומזיסטן באַזוך ביים פּעטער וואָס איז אָבגעפאָרן קיין סען—טראָפּעז, האָט ספּי גייענדיק צוריק אַ היים לגמרי נישט געקלערט מער, נישט וועגן קאָמישן צאָרן פון איר שוואָגער, נישט מכח די קאָנסעקווענצן פון זיין מסירה... אַן אַנדער ספּירי

טע האָט איצט פאַרנומען דעם פּלאַץ פון דער פריערדיקער, האָט יענער להלוטין ערימינירט... די פריערדיקע איז צוגעגאַנגען געוואָרן ווי ווייכער וואַקס אונטערן דרוק פון א נייער עמאָציע: אַ גענוס, וואָס איז איר ביז אַהער געווען לגמרי פרעמד, וואָס איז אָבער געלעגן באַהאַלטן אין די טיפעניש פון איר קערפּער. ס׳האָט דערוואַכט אין איר די פרוי. מיט איר מיסטישן רעליעף.

דערדאָזיקער נייער געפיל האָט איר פאַרכאַפּט אין גאַנצן, בלויז ביי דער דערינערונג אין אים פלעגט זיך דורכטראָגן דורך איר גאַנצן קערפּער אַ מין עלעקטרישער שטראָם — זי האָט זיך דערשפּירט לגמרי אַן אַנדערע... איר האָט זיך געדוכט, נישט געקוקט אויף איר ביז איצטיקער מיינונג, אַז זי לייענט אַ נייַ, להלוטין אומבאַקאַנט בוך... זי איז אַריינגעדרונגען אין אַ פייער־דיקן, אָרעאָל ווו ס׳איז געווען פונקט אַזוי פיל שאָטן ווי ליכט.

זי איז נאָך געווען אַזוי פירבערהאַפט אויפגערעגט, האָט זיך אַזוי שטאַרק געניויטיגט אין אַ פולשטענדיקער רויקייט, אַז דערגייענדיק ביז די ראַזמאַרייען בוימער ביים אַריינגאַנג, האָט זי זיך אומגעקערט און איז אַוועק לענגאויס דעם פּאַרקאַן אין סאָסנע וועלדל אַריין.

אַז זי איז געקומען צו זיך, איז שוין די צייט, וואָס מען האָט געדאַרפט געבן די קראָליקעס גראָז, געהאַט לעגג צריבער. געשהינט האָט זי אָנגעריסן אַ פולן שיך גראָז אין איז אַוועק דורכן לאָנקע. די מוטער האָט אויף איר געוואַרט ביים הינער־שטייג:

—ס׳איז נישט צו פרי! האָט זי אַ זאָג געטאָן. ענדיג דיין אַרבעט... דערנאָך דאַרפן מיר זיך מיט דיר דורכריידן, דיין ברודער און איך.

זי האָט איר צוגעהאָלפן פונאַנדערצוּעפענען די שטייג־אָפּ־טיילונגען, פון וואַנען אַ גאַנצע מחנה קליינע קראָליקעס, באַוועגנדיק די אויגן און די אויערן, האָבן זיך שפּרינגענדיק, אַ וואָרף געטאָן צום גראָז און געפרעסן מיט גרויסע אַפּעטיט.

—און איצט אהיים! געגוג זיך אַרומשלעפּן! זי האָט איר

געזיידעלט מיט אַן האַרטער שטים. איר צאָרן איז געוואַקסן צוזאַמען מיט ספּי״ס עקשנותדיקן שווייגן. אַז זיי זיינען אַריין אין שטוב האָט שוין מאַדאַם אָרעלי נישט געקאָנט אויסהאַלטן;

—צי וועסטו ענטפערן, גאַסן-מיידל?—זי האָט איר אַ טרייסל געטאָן און לואי וואָס האָט אונטערפייפענדיק געהעבלעוועט אַן הענטל צו אַ גראָב אייזן, איז אויפגעשטאַנען און איר געדראָט:

—איז׳ס, הייסט, ס׳אמת, אַלץ וואָס שאַרל׳ האָט אונז איבערגעגעבן!

—וואָס למשל?

—אַז דו שלאָפסט מיט פראַנסואַן.

—ניין.

—אבער וואַרטענדיק אויף דעם, לאָזטו זיך טאַפּן אויף אַלע מעגלן ווי די לעצטע גאַסן מיידל, ס׳קאָן זיין אַז דו ביסט נאָך גאַנץ, אָבער ביי אַזא אויפירונג וועט ס שוין לאַנג נישט דויערן. איך וויל דיר בעסער זען אַ טויטע איידער אַן אומאָרענטליכע.

—וואַרט אויף אַ צווייטער געלעגנהייט, איצט איז נישטאָ פאַרוואָס זיך אויפצורעגן. איך האָב קיין שום שלעכץ נישט געטאָן.

—שווייג! האָט לואי אַ געשריי געטאָן.

—איך וועל שווייגן ווען מיר וועט זיך גלוסטן.

—מאַדאַם אָרעלי האָט געפּישטעט:

—איך וועל דיר אַרויסיאָגן פון שטוב ווי אַ הונט! דאָס וועט זיין אין גאַנצן אַן אי עריקע זאַך... אַדיע.

אָבער צוהעלפענדיק דער מעגערע, האָט איר לואי אַ כאַפּ געטאָן פאַרן האַנט, בעת זי האָט אַ נעם געטאָן די קליאַמקע. אַ צעקאָכטע, האָט זי אים אַ שליידער געטאָן פון זיך.

—דו, טשעפּע זיך פון מיר אָפּ!

אַ צעטומעלטער, האָט ער איר אָבער באַלד ווידער אָנגעכאַפּט און צוגעדריקט דעם האַנטגעלייַנק.

—אויסוווּרף, לאָז אָפּ, מ׳מוט מיר שרעקליך װיי! ער-

האָט איר אָפּגעלאָזן און זיך אָנגעבלאָזן פון באַוואוסטזיין, אַז ער איז שטאַרקער פון איר.

—דו גייסט נישט פון דאַנען! מיידלעך ווערן נישט אַזוי זיך צו פאָלגן.

—נישט איך! און נישט דיר!... פאָטער!

—דו ווילסט. הייסט עס, אַז ער זאָל נאָך אַמאָל צוברעכן די פיס איצט אויפשטייענדיק, האָט מאַדאַם אָרעלי געשריגן.

זי איז געשווינט אַריין אין שלאָפצימער און געצוואונגען דעם קראַנקן, וואָס האָט זיך געהאַט אַוועקגעזעצט אין בעט, צוריק זיך אַוועק צו לייגן. „די קינדערריידן זיך דורך—נאַרישקייטן!” זי האָט פאַרשלאָסן די טיר אויפן שליסל און איז אַריין צוריק, גרין און געל פון כּעס. צוגייענדיק צו דער טאָכטער האָט זי ממש געשאָטן מיט פייער:

—דו ווילסט דווקא שפּילן די ראָל פון אַ מאַנספּאַרשוין! איר ווילט זיך גאָר דיקטירן געזעצן. דערדאָזיקער בריה, וואָס קען קיים פאַרדינען פאַר זיך אויפן שטיקל ברויט. יאָ, אָט דאָס זענען די פרוכט פון דיין פעטערס קלוגער דערציונג!... איצט אָבער וועל איך זיך צו דיר אַ נעם טאָן.

און איר האַנט האָט זיך צו געשווינד אַראָפּגעלאָזן, אַז ספּי זאָל קאָנען אויסמיידן דעם קלאַפּ.

—אַך! האָט זי בלויז באַוויזן אַרויסצוברענגען און זיך אַ כאַפּ געטאָן פאַרן באַק, וואָס איז געוואָרן רויט ווי פייער.

פון איר זייט איז די פונקט אַזוי געשווינט צוגעשפרונגען צום טיר, איר אַן עפן געטאָן אין צוגעהאַקט הינטער זיך, אַז נישט די מוטער נישט לואי, האָבן נישט באַוויזן זיך אַ ריר צו טאָן פון אָרט. דאָסדאָזיקע אַנטלויפן אָן אַ שום טענה, אָן איין וואָרט האָט מאָמענטאַל באַרויקט די ווילדע פאַנאַטיקער. צעטומלט האָבן זיי געקוקט איינער אויפן אַנדערן.

— זי איז פּעניק אויף אַלץ, — האָט געמורמלט די מוטער.

—לאָז געמאַך! האָט לואי אַ זאָג געטאָן. אַ קליינער שפּאַציר וועט איר באַרויקן אויב זי איז זאַט מיט ליבע, איז עס אָבער

פאַר אונז נאָך נישט קיין מאָטיוו, אַז מיר זאָלן צוליב איר לאָזן איבערשטיין דעם עסן. די פּאַמידאָרן זיינען שוין אַוי אויך צוגעברענט...

ער האָט אַראָפּגענומען די פאַן פון פייער. אָבער דער געדאַנק, אַז זי קאָן עפּעס אָפּטאָן אַ שטיקל, האָט מאַדאַם אָרעלי דאָך נישט געלאָזן רוען. זי האָט זיך דעצעדירט אַראָפּצושלונגען עטליכע ביסן, אַוועקגעגעבן די געהעריקע פּאַרציע „דעם ליידיק-גייער מאַטעאָ׳ן״ אַ נעם געטאָן דעם מאַנטעל און אומרויק גע-זאָגט צו לואין:

—שפּ׳ן איין דיין וועגל דו וועסט צופאָרן צום פּאָרט, און איך וועל אריינגיין צו די קאָסטאַלערס.

דאָס זוכן איז געווען אומזיסט, דער וויזיט אָבער האָט געבראַכט אַ געוויסן נוצן. די פרוי קאָסטאַלע האָט צוגעזאָגט ווירקן אויף איר זון ווי נאָר ער וועט אַהיים קומען נאָכן אַרויס-שלעפּן די נעצן.

—ער איז אַוועקגעפאָרן מיטן פאַטער אויף אַ שעה פיר. מאַכט זיך נישט קיין אומזיסטע קרענקונג. די קליינע וועט איבם נישט געפינען זי זאָל אים אפילו אַרומזוכן ביז מאָ־גן... אַך, האָבן מיר פון איבם צרות!... אַרומטרייבענדיק זיך כסדר מיט ווייבער, וועט ער סוף כל סוף מיאוס אַריינפאַלן... היינט ביים אָוונטברוי־ט וועל איך אים אַריינזאָגן אַ פּאָר שאַרפע ווערטער... אָבער, וואַרט, אָט איז ער דאָך!

ס׳איז אָבער געווען לואי, וואָס האָט ביים פּאָרט קיינעם נישט געפינען. זיי האָבן נישט געוואָלט וואַרטן און זענען צו-געפאָרן ביז צום פּעטערס גאָרטן.. די שטוב פּאַרהאַקט.

זיי זענען געפאָרן אַהיים, זייענדיק זיכער, אַז זיי וועלן איר אַנטרעפן אויפן וועג קיין אליוועט... דאָס צימער ליידיק. די בעט נישט גערירט...

—לאָמיר גיין ש׳אָפן,--האָט זיך לואי געכעסט.—זי וועט זיך אומקע־ן צוריק... און מאָרגן דאַ־פסטו זיך מיט איר אַוי זעהעריק אָפּרעכענען און צווינגען איר, זי זאָל באַרויקן די נערוון.

די מוטער, צושליסנדיק די טירן, האָט אָנגעהויבן איינ־שלאָפן. פלוצלינג האָבן זיך דערהערט טריט אונטער איר פענ־סטער.

—דאָס איז זי!—האָט זי זיך געטראַכט, און אַ באַרויקטע זיך איבערגעדרייט אויף איר מאַטראַץ, איינשלאָפנדיק מיט גע־באַלטע פויסטן, פול מיט נקמה־געפילן.

ספי האָט געקלערט איבערצונעכטיקן ביים פעטער... אָ, ווען זי זאָל אין גאַנצן קאָנען בלייבן ביי אים! זי האָט אָבער אויך געפונען געשלאָסענע לאָדנס...

—ער איז היינט פרי אוועקגעפאָרן אויף צוויי טעג. — האָט איר איבערגעגעבן אַ שכנטע. קיין דראגיניאָן, זיך זען מיטן אינספעקטאָר... ער האָט מיך געבעטן, אייך צו אינפאָר־מירן, אויב איר וועט קומען...

אַ צוטראָגענע איז זי אַוועק און דהאָט זיך אַרומגעדרייט ביים ברעג ים.

דערנאָך, באַמערקנדיק אין אַ ווינקל אַ שיפל, פון וועלכן מען האָט נישט צוגענומען די וויזאָסלעס, האָט זי זיך גלייך דע־רין אַריינגעזעצט. דער אייגנטימער איז געווען דעם פעטערס אַ גוטער פריינט, און וועט נישט האָבן דאַגעגן.

זי האָט זיך געטראָגן איבערן וואַסער, האַסטיק גערודערט מיט די וויזאָסלעס אַזוי לאַנג, ביז די ריטמישע באַוועגונג האָט איר לגמרי באַרויקט.

אַן אַנגענעמע בין־השמשות־שטילקייט. ס׳הערט זיך בלויז דאָס לייכטע פליוסקן אָן שווערן שיף. דער געשמאַק פון פרוכ־טיקן קוש האָט נאָך אַלץ אָנגעפילט איר האַרץ. זי האָט טיף גע־אָטעמט, זיך אָנזעטיקנדיק מיט דער געזונטער לופט פון דער נאַכט. וואָס האָט זיך פאַרשפרייט איבער דער ים־ט פעניש. לענג־אויס רעם ים־ברעג האָבן זיך אָנגעצונדן פייערלעך. אַ הימל פול מיט שטערן, וואָס האָבן געווימעלט ווי די מוראַשקעס.

בעת זי איז צוריק קומענדיק, אַ מידע, אַ פייכטע, פאַר־ בייגעגאַנגען פאַרן קאזינא, דהאָט עס געגלאַנצט מיט אַלע זיי־נע פייערן. זי האָט זיך אָפגעשטעלט אויף אַ מינוט. כדי אַ קוק

צו טאָן אויף אַ פּרוּוו, וואָס איז אויסגעשטיגן פון אַ גרויסאַרטי־קער לימיזינע, און איר׳ע הענט זענען פון עלנבויגן ביז׳ן האַלז, געווען פול באַהאָנגען מיט בריליאַנטענע רייפן. ס׳איז געווען מאַדאַם אויברוך, אין דער באַגלייטונג פון אַ גאַנצער מחנה יונגע דאַמען און עלעגאַנטע פראַנטן. מיטן בלויזן קאָפּ, מיט פּערל אויפן האַלז און איר באַרימטער גאָלדגעשטיקטער קלייד אונטערן סאָבאָל־מאַנטל; די ווילדע האָט איר צוגערופן:

—דאָס ביסטו, קליינע!... וואָס ביסטו אַזוי פאַרצאָרנט?

ס׳האָט זיך איר פּלוצלינג פאַרוואָלט אויסריידן איר ביטער האַרץ און זי האָט דערציילט וועגן איר אַנטלויפן און דעם פעסטין באַשלוס זיך נישט אומצוקערן מער קיין אליוועט.

—ניין! גראָד פאַרקערט, דו דאַרפסט גיין צוריק אַהיים—און טאַקע וואָס גיכער!—אין עטלעכע טעג אַרום וועל איך זיך צונויפריידן מיט דיין מוטער און אַלץ איינאָרדענען. איך קאָן דיר פאַרזיכערן, אַז אויף דער צווייטער וואָך וועסטו שוין נעכ־ס׳קן אין אראַנזש׳... איך האָב עס געוווסט, אַז סוף כל סוף וועל איך דיר האָבן ביי מיר אין שטוב!—

ספּי האָט איינגעווילקט, זי האָט געהאָפט, אַז זייענדיק דאָרט וועט זי לייכטער געפינען אַן אויסוועג...

קומענדיק, אַ באַרויקטע אַהיים, האָט זי געפונען פאַרהאַקט אַלע שלעסער און ריגלען. זי האָט זיך אַרומגעדרייט אַרום הויז, געטאַפּט אַ וואַנט... בּאַ! ס׳איז דאָך נאָך פאַראַן א בוידעם! דאָרט איז אַ מחיה צו שלאָפן! דאָס היי שמעקט ווונדע־באַר, און דורכן קליינינקן פענסטערל זעט מען דרעמלענדיק, דעם אויסגעשטערנטן הימל...

זיך אויפכאַפּנדיק פאַרטאָג, האָט מאַדאַם ארעלי דערזען ווי איר טאָכטער לאָזט זיך אַראָפּ פון בוידעם, שטעלט אוועק דעם לייטער און נעמט זיך צו איר טעגלעכער אַרבעט. א יס־מעלקנדיק די קי, האָט ספּי אַוועקגעשטעלט אויפן שטענדיקן אָרט די פרישע, וואַרעמע מילך.

זי האָט געהאַט אַזאַ גרנכטן אויסזען, אַז מאַדאַם ארעלי זיך אַליין געפרעגט: וואָס, למשל איז זי אַזוי פאַרטראַכט?

ה

דער אָרקאַדן-פּלאַץ. דער שאָטן פון די געל געוואָרענע ביימער פאַרן קאַפע שאַנלאַ, האַלט אויף אַן אומגעהייער גרויסן צעמענטירטן פורעק. ווי יעדן זונטיק, זייגער פיר נאָכמיטאָג, גיט דאָ די זשאַטאָ- רוזשער לירע אַ קאָנצערט און דערנאָך אַ באַל. אונטער די קלאַנגען פון קופּער טרייסלט זיך דאָ אין ווילדע טענץ די גאַנצע יוגנט.

גרויסע שוואַרצע וואָלקן האָבן זיך געטראָגן איבערן גרויען הימל ווו די זון איז געזעסן אומבאַוועגלעך.

די היץ האָט געברענט, פון צייט צו צייט זענען אַראָפּגעפאַלן איין, צוויי טראָפּנס און זיך אָפּגעקלאַפּט אין שטיינערנעם קוואַדראַט. אונטער די בליקן פון טרינקער, פון בחורים אין קאָסטיומען פון קאָנפעקציע-געשעפטן און מיידלעך אין קורצע שמאָלע קליידלעך, מיט געשווירענע האָר, שטאָלץ אויף זייערע זיידענע זאָקן און כימישע פּאַרפומע, האָבן זיך צענויפגעקליבן אַלע איינוווינער פון שטעטל—אַלץ וואָס בעטלט און אַמוזירט זיך.

די אָרטיקע, די איינגעבאָרענע האָבן זיך געהאַלטן אָפּגעזונדערט, נישט געקוקט אויף דער אינפילטראַציע פון די פרעמדע!... יונגע פראַנטן און עלעגאַנטע דאַמען מיט קורצע אָזיער קינסטלערישע פריזורן. אַ גאַנצער אַגרעסיווער באַטאַליאָן

פון אַנדרוגינוסן — ווייבלעכע מענער און מענלעכע ווייבער — וועס מ׳האָט זיך געמוזט גוט צוקוקן, כדי צו אונטערשיידן דאָס געשלעכט. זיי האָבן געטאַנצט בלויז צווישן זיך חוצפּהדיק לאָרענטירנדיק די היימישע.

ספּי האָט געשוועבט צווישן די טישן, גרופּן פון אירע חברים. זי האָט זיך געמוזט אָפּשטעלן צווישן די ביימלעך אויף דער טעראַסע לעבן אַ גרויסן פּלאַטאַן און נישט ווילנדיק האָט זי באַמערקט איר שכן, וואָס האָט זיך אָפּגערוקט כדי צו מאַכן איר פּלאַץ... אַ צוואַנציק יעריקער — נישט מער, מיט אַן אויסזען פון אַ גלאָב-טרעטער, איז ער געווען זייער שיין מיט זיינע בלאָנדע האָר, גלאַט פאַרקעמט אויף הונטן, מיט זיין בלייכן שטרענגן פּראָפיל ווי אויף אַ מעדאַל.

— איך אַנגאַזשיר אייך צום צווייטן טאַנץ, פריילן, אויב איר זענט פריי?

— איך האָב נאָר וואָס...

— אָבגעמאַכט הייסט עס?

זי האָט נישט געענטפערט. נישט האָבנדיק דעם מוט זיך צו אַנטזאָגן און נישט וועלנדיק אַקצעפּטירן.

זיין בליק, זיין שמייכל זענען געווען אַזוי צודרינגלעך, אַזוי חוצפּהדיק אומגעצווונגען, אַז זיי האָבן ביי איר אַרויסגערופן אַמפּערונג:

— די זאַך איז אַזוי...

אַ מענטשן מאַסע האָט זיי סעפּאַרירט. זי האָט זיך געפונען אין דער ערשטער רייע צושויער, זיי האָבן זיך נייגעריק צוגעקוקט, איינאָטעמענדיק דעם ריח פון די פרויען, וואָס האָבן זיך באַוועגט נאָכן ריטם פון דזשאַז, מיט די נאַקעטע הענט און פייכטע קאַרסאַזשן. איר ברודער האָט איר פאַרטשעפּעט, נישט זעענדיק ווער דאָס איז, אַזוי איז ער געווען פאַרנומען מיטן צודריקן צו זיך דער כמעט פאַרחלשטער מעלאַניען. פראַנסואַ האָט געטאַנצט מיט ראָזען... דער פישער האָט זיך, די ס שיינט, גוט אַמוזירט און געקלערט וועגן ספּין נישט מער זי וועגן אַן אַראָפּגעפאַלענער בלאַט.

ס׳האָט איר פאַרדריקט דאָס האַרץ...

די סאַקסאָפאָנען האָבן געמאָלדן דעם אָנפאַנג פון אַ טשאַרלסטאָן.

—פריילן!

דער יונגער מענטש מיטן חוצפהדיקן שמייכל האָט זיך פאַר איר אַ בייג געטאָן. זי האָט געוואָלט, אַז פראַנסוא זאָל איר באַמערקן, אָבער ער האָט שוין ווידער אַרומגעכאַפּט ראָ־זען. דאַן האָט זי אַ נעם געטאָן דעם אָרעם פון אומבאַקאַנטן.. נישט געקוקט אויף זיין טרוקענעם בליק האָט ער אין זיך גע־האַט אַ מין צערטלענדיקע זיכערקייט, צי איז ער איר סימפאַ־טיש?.. דאס האָט זי נישט געקאָנט זאָגן, פילנדיק זיך געשמייכלט, איז זי אָבער געבליבן אין אַ דעפּענזיווער פּאָזע. אויסניצנדיק דעם ריטם און די שרעקלעכע ענגשאַפט, האָט ער איר געדריקט מיט אַזאַ דרייסטקייט, אַז זי האָט זיך אָפּגעזאָגט פון טאַנצן. אויסערדעם זענען די טענצער געווען אַזוי צענויפגעפּרעסט און פון אַלע זייטן האָבן איר געשטויסן אַזוי פיל עלענבויגנס, קני, בייכער און רוקנס, אַז זי האָט זיך בשום אופן נישט אָריענ־טירט פון וועלכער זייט באַקומט זי דעם שטויס.

—ס׳איז אונמעגלעך צו טאַנצן!

—ניין, אָבער דאָך.

נישט ענטפערנדיק האָט זי זיך באַפרייט.

—מאַכט מיר וויניגסטנס דעם פאַרגעניגן און קומט אויס־טרונקען מיט מיר און מיט מיינע פריינט אַ גלאָז שאַמפּאַניער.

—ניין, איך דאַנק אייך.

—טו זאָגט מיר וויניקסטנס צו, אַז איך וועל אייך נאָכ־אַמאָל זען.

זי האָט איראָניש געשאָקלט מיטן קאָפּ.

—דאָס וואָלט מיך בשום געוואונדערט.

—יאָ, יאָ! ווען? פון וואַנען זענט איר? וואָס טוט איר?

—אַזוי! צי דען האָב איך ביי אייך עפּעס געפרעגט?

—איר האָט געקאָנט פרעגן וויפל אייער האַרץ גלוסט, איך בין סעקרעטאַר ביי אַ געוויסן באַנקיר, וואָס אינטערעסירט

זיך מיט באָדן-איינקויף, מיר צאָלן גוטע פרייזן. אפשר ווייסט איר ווער ס׳וויל פאַרקויפן... ניין? גאָרנישט? אַ שאָד, מיר האַלטן זיך געטיילט מיט די פּראָוויזיע...

—פאַרלירט נישט די צייט!..

—איך, קיינמאָל נישט. איך בין ס׳ערשטע מאָל אין שאַ-באָ-רוזש. אָבער איך קום ווידער... ספּעציעל, כּדי אייך נאָך איין מאָל צו זען. ווייל איר זענט מיך שטאַרק געפעלן... אַ!

ער האָט זיך אויסגעדרייט. אַ פיינע האַנט, באַדעקט מיט רינגען, האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף זיין אַקסל:

—נאָך איינע! איך האָב דיר געפּאַקט, פאַרפירער!

די אָנגעקומענע האָט זיך מיט אויטאָריטעט געווענדט צו ספּין.

—הערט זיך נישט איין וואָס ער רעדט. פריילן, ער ראָ-מאַנסירט מיט דער גאַנצער וועלט!

ספּי האָט קיין צייט נישט געהאַט צו פּראָטעסטירן. זי האָט קוים באַוויזן צו זען ווי עס זענען פאַרשוווּנדן אין דער מענטשן-מאַסע דער געשוירענער נאַקן פון דער פריילן און די געדיכטע פריזור פון יונגן מאַן... דער פאַרפירער האָט איר מאָמענטאַל געוואָרפן.

—היי! ספּי! האָט איר צוגערופן קאָנסטאַנטין

... אָבער זי האָט נישט געזען קיינעם אויסער פראַנסוּ-אַן, וואָס איז צוגעגאַנגען צו איר און איר אַרומגענומען.

—וואָס מאַכסטו. מיין טייערע?

קאָנסטאַנטין האָט זיך געמוזט באַנוגענען מיט ראָזען, וואָס האָט טרויריק נאָכגעקוקט דעם פישער. דער אויסגעפּראַנטעוועט-טער לואי האָט ווידער געטאַנצט מיט מאַלאַנען. רוסאָטאַ האָט נישט געטאַנצט מיט קיינעם נאָר מיטן יונגן אָרעלי, האָפענ-דיק, אַז סוף כּל סוף וועט ער זיך פאָרט דעצידירן מיט איר חתונה צו האָבן. אָבער פאַר דער גאַנצער צייט. וואָס ער דרייט זיך אַרום איר, איז איר נישט געלונגען אַרויסצוקריגן פון אים קיין איין דעצידירנדיקן וואָרט, זי האָט זיך אָבער געהאַלטן מיט אים אַזוי, אַז ס׳זאָל נישט גיין ווייטער איבער די גרע-

בעצן פון יעדן געוויינלעכן אַדאָראַטאָר, איבערהויפט קענענדיק אים אַלס אַזאַ פויגל, וואָס לאָזט נישט דורך קיין איין מיידל וועלכע ס׳מאַכט זיך.

פיל וויכטיקייט פונקט ווי זיי זאָלן האָבן אויסגעפירט עפעס אַ מין ריטואַל, זענען די פּאָרלעך געגאַנגען אין רייען איבערן טאַנק-פּלאַץ, שלעפנדיק אַ קרייז. אָפּגעשוואַכטע פון דער היץ, האָבן זיך די מיידלעך געהאַלטן פרייער.

—איך אַנגאַזשיר דיר צום צווייטן טאַנץ האָט אַ זאָג געטאָן פראַנסואַ, אַן אָנגעצונדענער פון יונגן קערפּער וואָס האָט זיך צוגעדריקט צו אים אין ווירבעל פון טאַנץ.

—אויב דו ווילסט האָב איך גאָרנישט דאַגעגן!

—ס איז געווען גוט יענעם טאָג בעת מיר האָבן זיך געטראָפן. וואָס זאָגסטו?

זי האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ גליקלעכער אערטלעכקייט.

—טאַנץ נישט מער מיט ראָזן!

—אונמעגלעך, איך האָב איר צוגעזאָגט.

זיין צווידייטיקער, ווילערישער שמייכל האָט ביי איר אַרויסגערופן עפעס אַ מין שרעק.

—ס׳איז נישט שיין.

—דערפאַר אָבער מאַכט מיר צוליב איר קיינער קיין סצענעס נישט!

אַ באַליידיקטע. האָט זי זיך געוואָלט פון אים באַפרייען ער האָט איר אָבער פעסט אַ נעם געטאָן..

—מאַך נישט קיין קונצן! דו ווייסט גאַנץ גוט אַז דו געפעלסט מיר!

ער האָט געפונען ספּי לויט זיין געשמאַק, באַזונדערס נאָך יענע קושן אין פּעראָ-וואַלד. אָבער אַזוי ווי ראָזע איז געווען זיין געליבטע—נאַטירלעך, האָט דערפון קיינער נישט געוווּסט—האָט ער געפונען פאַר ריכטיק נישט אַוועקצוואַרפן דאָס זיכערע צוליב אַ צווייפלהאַפטער פאַנטאַזיע.

יאך די טענץ זענען זיך די דריי פריינט צונויפגעקומען צוזאַמען. פּלוצלינג האָט אַ כליאַפּע געטאָן אַ שרעקלעכער רעגן.

בליצן, דונערן... א'ן איין מאָמענט איז דער פּלאַץ געוואָרן ליידיק.

—קומט צו מיר. האָט פּראָפּאָנירט ראָזע, בעת מעלאַניע האָט שוין געהאַט אַ שלעפּ געטאָן לואין אויפן טעראַסע פון קאַפע, דער פּישערקעס שטוב איז געווען דערלעבן. אַוועקשלעפּענדיק די גאַנצע באַנדע צו זיך, האָט ראָזע געוווסט וואָס צו טון: די מוטער איז אַוועק פון שטוב אויף אַ גאַנצן טאָג. אין אַ מינוט שפּעטער האָבן זיך אַלע פיר, לאַכנדיקע און דורכגענעצטע געשפּירט גליקלעך. האָבנדיק אַ דאַך איבערן קאָפּ.

—אַ גלעזל וויין—האָט ראָזע פאָרגעשלאָגן. היינט בין איך מכבד, ווייל איך בין איצט די ווירטן.

—דו ביסט אַ ווויל מיידל, קום דו קריגסט אַ קוש!—האָט אַ זאָג געטאָן פראנסואַ.

אַרויספּאָדערנדיק האָט זי אים אויך אונטערגעשטעלט די צווייטע באַק.

—איך האָב גאָרנישט דאַגעגן. אהער ווייטער!

קאָנסטאַנטין געררייצט דורך זיין פאַרלאַנג, וואָס האָט זיך פאַרשטאַרקט אַ דאַנק דעם שטורם. איז אונטערגעגאַנגען צו ספּין.

—קומט לאָמיר פאָלגן זייער ביישפּיל!

זי האָט זיך אומגעדולדיק אָפּגערוקט, באַליידיקט און געקוועלט פון ראָזעס פּראָוואָצירנדיקער האַלטונג און פראַנסואַס חוצפּהדיקער רויקייט... ער האָט אַ נעם געטאָן דער הויכער ברונעטקע פאַרן טאַליע, זיך צוקלויבנדיק צו איר בוזעם. ראָזע האָט געשמייכלט. זיירע ליפּן האָבן זיך צונויפגעגאָסן.

—איר האָט זיך געמעגט איינהאַלטן!—האָט אַ זאָג געטאָן ספּי, נישט קענענדיק מער זיך באַהערשן.

זי איז אומעטיק געוואָרן, נישט וויסנדיק אַליין פאַרוואָס. היינט פאַרוואָס האָט ער איר אין יענעם טאָג אַזוי ליידנשאַפטלעך געקושט, אויב ער האָט זי נישט ליב? ריכטיק עס איז אַרויסגעקומען דערפון אַ גאַנצע געשיכטע. אָבער זי איז דאָך אין דעם נישט שולדיק. און דעריבער האָט ער טאַקע נישט

קיין גרונט אין איר געגנוואַרט אַזוי זיך צו האַלטן מיט אַנ-דערע...

נישט אַרויסלאָזנדיק איינער דעם אַנדערן פון די אָרעמס, האָבן זיך ראָזע און פראַנסואַ, ביידע פונאַנדערגעלאַכט.

איר באַליידיקטע אייגענליבע, די אויפּהאַכענדיקע איי-פערזיכט—ספּי איז געוואָרן אַזוי אויפגערעגט, אַז נאָך אַ ווייל וואָלט זי זיי זיכער אָנגעהויבן זידלען—אָבער קאָנסטאַנטין, נישט קענענדיק מער אויסהאַלטן, האָט איר האַסטיק אַרומגע-כאַפּט. אַ צעקאָכטע האָט זי אָפּגעדרייט דעם קאָפּ. די ליפּן וואָס האָבן געזוכט איר מויל, האָבן קוים אָנגערירט איר באַק.

—לאָז מיך אָפּ! האָט זי אַ זאָג געטאָן מיט אַ פעסטער שטים.

—פּאַקסען!—האָט אויסגעשריגן ראָזע, פאַרבייגייענדיק לעבן זיי אַרומגענומען מיט פראַנסואַן אין אַנדערן צימער. איר מו-טערס שלאָפצימער.

—לאָז מיך אָפּ, טענטען, איך בעט דיר!—האָט ספּי ווי-דערהאָלט.

דאָס האַרץ האָט איר שיער נישט געפּלאַצט פון ווייטיק.

—דיר געפעלט בעסער פראַנסואַ? נישט געקוקט אויף דעם, וואָס דו ווייסט, אַז ער איז נישט פעיק דיך צו ליבן אַזוי ווי איך, פון קינדווייז אָן!... איך האָב תמיד פאַנטאַזירט בלויז וועגן איין זאַך: צונויפבינדן מיין לעבן מיט דיינעם!

זי האָט געקוועטשט מיט די באַרקעס. ער האָט אַראָפּגע-לאָזן דעם קאָפּ, אַ צובראָכענער, גרייט זיך פאַנאַנדערצווויינען. אָבער זי האָט נישט געזען דעם שמערץ, פון וועלכן זי איז געווען די סיבה—אירע געדאַנקען זענען אויסעליסלעך גע...ען באַשעפטיקט מיט דעם וואָס ס'טוען איצט יענע, דאָרט, אין צווייטן צימער אונטערן שלאָס. דאָס געפיל, וואָס האָט אין איר דערוואַכט, האָט איר ממש אַראָפּגעפירט פון זינען, האָט אָנגע-פילט איר האַרץ מיט אַזאַ ביטערקייט, אַז זי איז מער נישט געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אירע עובדות.

זיי וועלן זיכער אַזוי גיך פון צימער נישט אַרויס!

זי האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר, געפּרוּווט איר עפענען. דער שליסל האָט געשטעקט פון אינעווייניק. זי האָט גערופן. מען ענטפערט נישט. ס׳האָט זיך בלויז געהערט אַ כראָפּן, זיס, ווי דאָס גורן פון אַ טויב...

—נו! גוט! דאָס הייסט עס, איז אַ מאַנספאַרשוין!

די טיר האָט זיך אַ טרייסל געטאָן אונטערן טראַסק פון איר פויסט. זי האָט אַ געשריי געטאָן:

—אַזאַ שווינעריי!

און אַ צעקאָכטע איז זי אַרויסגעלאָפן פון צימער, פאַרגעסנדיק לגמרי אָן קאָנסטאַנטינען. אַ צוטומלטער איז ער איר נאָכגעגאַנגען ביזן שוועל. זי איז געלאָפן מיט אַזאַ אימפּעט, אַז אין איין מאָמענט איז זי פאַרשוווּנדן געוואָרן.

## 9

—דו ביסט דאָ, פעטער!

—קום אַריין.

פּאַקאָ, זיצנדיק אויפן פּאָטעל, האָט געליייענט א בוך און גלייכצייטיק אכטונג געגעבן דורכן אָפענעם פענסטער. אויב די אַרבעטער, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט מיטן בוי פון אַ קליינער ווילע אין אַ ווינקל פון גאָרטן... אַ גוטע אינוועס-טיציע פאַר זיינע אָפּשפּאָרונגען.

פאַר אַ ווילע מיט מעבל צאָלן די אויסלענדער גוטע געלט; אַ נייע מעגליכקייט צו פאַרטאָפּלען די הכנסות און פאַרגרעסערן ספּיס קאַפּיטאַל. ער האָט אויפגעהויבן זיינע ברילן און אַ קיק געטון אויף דער טויף-טאָכטער. זי האָט אים אַ קוש געטאָן, ווי געוויינליך.

—איך האָב דיר געבראַכט שוואָמען. איך האָב זיי אָנ-געקליבן גייענדיק דורכן פּערא-וואַלד.

זי האָט אויפגעבונדן ס׳טיכל און אויסגעשאָטן די אָנגע-קליבענע שוואָמען. ער איז אויפגעשטאַנען, געוואָלט איר בעסער זען... וואָס איז געשען? איר אויסזען, איר באַזוך באַלד אין דער פרי...

—גייענדיק דורכן וואַלד, נישט געקוקט אויף די שווערע קערב פרוכט!

—ס'הייסט... איצט!.

ער האָט איר שאַרף אַ קוק געטאָן אין די אויגן, זי האָט זיי תיכף אראָפּגעלאָזן נישט קאָנענדיק אויסהאַלטן זיין בליק.

—וואָס, איצט?

—איך קום אָן צו פרוי אויבריק.

—אַ!

איבערגעבנדיק אים איר באַשלוס, האָט זיך ספּי געפילט פרייער.

—זי האָט זיך נעכטן צונויפגערעדט מיט דער מוטער; זי איז איינגעגאַנגען מיטן באַדינג צו באַקומען אַ טייל פון מיין בעהאַלט.

—אַ שלעכט געשעפט!

—מיר איז אַלץ איינס... איך מוז דיר זאָגן...

ער האָט הילפלאָז אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

מאַך ווייטער דיינע עקספּערימענטן פאָלג דיין געשמאַק! האָט ער געברומט...—אויב דיר געפעלט דאָס דאָזיקע פאַך, איז עס אַ דייטליכער באַווייז, אַז דו האָסט קיין מאָל נישט געהאַט קיין העכערע שטרעבונגען. איך זע דעריבער נישט קיין גרונט דיר צו שטעלן אַנדערע פאָדערונגען ווי דו שטעלסט זיך אליין. גיי צו מאַדאַם אויבריק.

כאָטש ספּי האָט זיך געריכט אויפן פּעטערס פאָרווורפן, האָט זי אָבער נישט געוואָלט ער זאָל זיך דערוויסן, אַז זי צו דעמדאָזיקן שריט האָט איר איצט געטריבן אַ גאַנץ נייע אורזאַך. זי האָט אים איבערגעגעבן די סצענע מיט דער מוטער און לואין.

—כּסדר אויסהערן זידלערייען און באַקומען קלעפּ. איך האָב עס שוין גענוג! איך האָב געמוזט געפונען עפּעס בעסערס.

—וועגן דעם האָב איך טאַקע צו דער צייט געזאָרגט.

פול צערטליכקייט איז זי צוגעגאַנגען נעענטער צו אים.

—גוט, פּעטער, אויף דעם ערשטן רוף בין איך ביי דיר?

—ווער אָבער זאָגט עס דיר, אַז דו וועסט קאָנען גיין צוריק?

ער האָט איר אַ נעם געטאָן מיט די אַקסלען.

—יעדער טריט אויף אַ שלעכטן וועג דערווייטערט אונז פון העכערן, גייסטיקן ציל. דער וועג, אויף וועלכן דו גייסט, פירט אין דערנידער. מ׳מוז זיך אויפהייבן אין דער הויך

זי איז אים געפאַלן אויפן האַלדז.

זידל מיך נישט, פעטער. איך בין אַזוי אומגליקלעך!

ער האָט איר געגלעט די באַקן.

— אומגליקלעך!.. בעת דו האָסט נאָך אַ גאַנץ לעבן פאַר זיך!

—ריכטיק! אָבער ווי אַזוי דערקענט מען ס׳לעבן אויב מ׳פּרוווט קיין זאַך נישט.

רויט ווערנדיק האָט זי דערקלערט:

—אין אַ מאָנאַט אַרום פאָרט מאַדאַם אויבריק קיין פּאַריז און נעמט מיך מיט זיך.

—אַ פאַרבלענדונגס-שפּיגל! אָ! דאָס הייסט עס ציט דיך אַזוי צו! אַ ווילכטיקער גרונט! און דו, אויך דו ביזט אַרונטערגעפאַלן אונטער דעם כּוח פון דערדאָזיקער אַטראַקציע!

זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

—אָ! ניין, פעטער! אָבער...

ער האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט, אָנגעשטעלט די אויערן—האָבנדיק אַ מין פאָרגעפיל אַז דאָס איז נאָך נישט אַלץ, אַז זי האָט נאָך איר ווידוי נישט געענדיקט. אומאָנטשלאָסן, זיך אָנשפּאַרנדיק אויפן ווענטל פון שטול, האָט זי אויטאָמאַטיש געגלעט מיט די פינגער דעם האַלז:

—איך מוז בייטן די לופט. איך האָב ליב געקריגן איינעם, וואָס ער ליבט מיך נישט.

—אַזוי איז די מעשה! דאָס האָט אייגנטלעך געמוזט קומען!

נישט קאָנענדיק מער איינזיצן, האָט ער זיך פּלוצלינג אַ הייב געטאָן פון אָרט... יאָ, און אַ שיינעם טאָג האָט זיך דידאָזיקע פאַרפלאַכטע מכּה געמוזט אויספאָרמירן!.. די ליבע! ספּי, ווי אַלע אַנדערע, האָט זיך דערפון נישט געקאָנט אַרויס-

דרייען... און ער גופא, אין אירע יאָרן, צי האָט ער נישט געהאַלטן אין איין זוכן אַ שוועסטער-נשמה, וועלנדיק געפונען דאָס אונמעגלעכע,—אַנטדעקנדיק אונטער דער מאַסע פּאַראַזיטן—געפילט בלויז דעם פּשוטן סעקסועלן אַפּעטיט!?. די ליבע; אַ געגנעטישע פאָדערונג, וואָס אַנטשטייט, צוזאַמען מיט דער סעקסועלער רייפקייט ביי אַלע ברואים. און וואָס זיי באַצייכענען עס עלעגיש מיטן שיינעם באַגריף—דער דורשט פון אַ ליידענד האַרץ! די ליבע!—אַ גיפטיקער שטאָף, וואָס קאָן ווערן נוצליך אָדער שעדליך, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אַרבעט פון דער פאַנטאַזיע און מענטשלעכן מוח... די ליבע, וואָס ער האָט אויף זיין לעבנסגאַנג נישט באַגעגנט, ווייל ער האָט איר דערהויבן צו אַן אידעאַל אויף אַ צו הויכן פּיעדעסטאַל. די ליבע—דאָס העכסטע שטרעבן פון יעדער מענטשן צום פאַרזעצן זיין איך און צום פאַרפולקאָמען ס'לעבן; אַ קולט נישט פון קיין געמיינזאַמע עגאָאיזמען—נאָר פון פאַרייניקטן אַלטרויאיזם,—אַ געמיינשאַפט וואָס באַזיכט אויף דער עכטער מענטשלעכער רעליגיע!

ער האָט אָפּגעזיפצט.

ליבע! וואָס איז עס אַזוינס לויט דיין מיינונג, למשל? פּשוט וועלן מיט עמיצן שלאָפן?.. אָדער די התפעלות, די עלית-נשמה בעתן חלומען וועגן אַ שיינער צוקונפט?

—איך ווייס עס נישט, איך האָב ליב געקריגן פראַנסואַזינט ער האָט מיר געקושט. איך בין אייפערזיכטיק, וואָס ער ראָמאַנסירט מיט ראָזען. ס'איז שטאַרקער פון מיר. איך לייד. אויב איך וועל נישט אַוועקפאָרן — וועל איך אָפּטאָן גרויסע נאַרישקייטן!

—צום טייוול!

—דערין איז שולדיק מיין יוגנט!—האָט זי אַ זאָג געטאָן מיט אַ טרויריקן שמייכל.

—וועסט נאָך באַוויזן!

—דאָס זאָגט מען תמיד אַנדערע...

זי האָט אַ פרעג געטאָן מיט איר גאַנצער פייערדיקער נשמה:

—איך האָב ליב! וואָס קאָן איך טאָן?

—עלק אָדער גאָרנישט... פאַרשטייט זיך, אַז דו ביזט פריי, נישט קלערנדיק וועגן די קאָנסעקווענצן, פאָלגן דיין אינסטינקט. אָבער דו ק אָ נ ס ט אויך—ער האָט אַקצענטירט דאָסדאָזיקע וואָרט, וועלענדיק מיט זיין בליק סוגעסטירן דאָס יונגע מיידל—דו קאָנסט אַפּעלירן צו דיין אינטעלעקט. קוים וועסטו נישט באַשטיין פאַרן ערשטן נסיון—פאַלסטו אַלס קרבן פון אַלע ווייטערדיקע. שטעל אַ ווידערשטאַנד—און דו באַקומסט די מעגלעכקייט זיך צו זיכערן אויף שפּעטער פולשטענדיק נאָרמאַלע פונקציעס, ,פון וועלכע ס'הענגט אָפּ דיין גלייכגע־וויכט, דיין געזונט.

זי האָט ווידערהאָלט:

—אַ נאָרמאַלן צושטאַנד פון מיינע פונקציעס? און ווען, שפּעטער, וועל איך קאָנען גאָרמאַל... פונקציאָנירן?

זי האָט נישט אַראָפּגענומען פון אים די אויגן, איז גע־ווען שטאַרק אומגעדולדיק צו וויסן.

ער האָט זיך געקראַצט דעם קאָפּ... נישט פון פאַרוווּנ־דערונג. ער פלעגט אָפט קלערן, אַז ענדלעך וועט דאָך מוזן קומען דערדאָזיקער קריטישער מאָמענט. ער האָט אָבער גע־האָפט צו געווינען צייט, און מיט דער צייט ביסלעכווייז פאַר־ענדיקן איר בילדונג און מאַכן פון איר אַ נעאָ־מאַלטוזיאַנקע, אַן איבערצייגטע, פונקט ווי ער. ער האָט נישט פאָראויסגעזען די מעגלעכקייט פון אַזאַ גיכער אַטאַקע. אונטערן איינפלוס פון איר ווילדן טעמפּעראַמענט, זענען ספּיס איצטיקע באַגריפן געווען נישט מער ווי אַ וואָלקן, געטריבן פון אַ שטאַרקן שטורם... ער וועט עס טאַמעווען.

—ווען דו וועסט זיין זיכער, אַז דו ביסט אום שטאַנד צו דערציען דאָס קינד, וואָס דו ריזיקירסט צו ברענגען אויף דער וועלט, אַז ס'זאָל נישט ליידן קיין נויט און קיין צרות.

—ס'זענען פאַראַן געגוג מיטלען...—זי האָט נישט געוווּסט ווי זיך אויסצודריקן—נאָר.. ליב צו האָבן... נישט האָבנדיק קיין קינד.

—איך ווייס דערפון. מה גם, אַז ברענגען קינדער אויף דער וועלט דאַרף מען נאָר מיטן איינענעם גוטן ווילן. זיך פּרוכפּערן—איז דער וויכטיקסטער לעבנס-אַקט צוליב זיינע קאָנ-סעקווענצן! ער אנגאַזשירט נישט בלויז אונזער אינדיווידועלע פֿאַראַנטוואָרטליכקייטן נאָר אויף די צוקונפֿט פון די, וואָס מיר ברענגען אויף דער וועלט. פון אים איז אָפּהענגיק דער גע-זונט און דאָס גליק פון דער ראַסע!

פעסט איבערצייגט, אַז דער צו שנעלער וווקס פון מענטש-לעכן געשלעכט אויף אַ וועלט, וואָס איז נישט בכוח אים צו דערנערן, איז געוועז צוזאַמען מיט די שרעקלעכסטע דראָענגען די סיבה פון סרוב אומגליקן, פון וועלכן ס'האבן געליטן די פעלקער—געטריבן פון קראַנקהייט צו אָרעמקייט, פון אָרעמקייט צו קרענק, אויב אַלס צוגאָב האָבן זיי נאָך, אויסערדעם, נישט פֿאַרניכטעט די עפּידעמיעס און מלחמות! וויפל מאָל אונטער-זוכנדיק אויפמערקזאַם די זריעה-זוימען—אַוועקוואַרפנדיק יע-דער פֿאַרדעכטיקן קערנדל האָט ער געטראַכט מכּוח דער וואל-נויטוועגדיקייט! רעפּראָדוצירן—יאָ, אָבער אויסשליסלעך פֿאַרפּול-קאָמטע און מיטן באַדינג, אַז דאָס קערנדל זאָל זיין געזונט און דאָס קולטיווירן, פּראָפּאָרציאָנעל צו די פֿאָדערונגען פון דער צוכט...

וויפיל מי און זאָרג לייגט מען אריין אין דער אַרבעט אָבצוהיטן ס'לעבן פון די פֿאַרשידענע פעלטריטן, וואָס דראָען אים, בלויז בנוגע זוימען און זייד-ווערמלעך—און ווי ווייניק אינטערעסירט מען זיך דאָרט, ווו ס'האַנדלט זיך וועגן מענטש-לעכע לעבנס! אמת, האָט ער טרויריק אַ טראַכט געטאָן, דער זיידצוכטער קלייבט אויס בלויז די, וואָס זענען נוצלעך פֿאַר זיין געברויך, דעם שטאַט,—דער גרויסקאָנסומענט פון אַרבעטס-קראַפט און האַרמאַטן-פלייש—און זיינע פֿאַרמיטלער, וואָס לעבן דערפון, אינטערעסירט זיך דערמיט קנאַפּ וואָס. זיי האָבן איין ציל—קאַפּיטאַל (דאָס איז דער עיקר!) צו רעקרוטירן אַלץ וואָס ס'לאָזט זיך, אין גרעסטן מישמאַש, אָנהייבנדיק פון עמבריאָ*)

---

*) עמבריאָן—די מענטשלעכע אָדער חיהשע ליבעספרוכט און איר ער-שטער פּעריאָדע.

פאַר דער גרעסטער פאָרמעוונג פון מענטשן-מאַטעריאַל. און באַקומנדיק דעם מאַטעריאַל, דאַרף מען אים פאַרקויפן, אויס-פרעסן דעם גרעסטן נוצן!.. און אַזוי גייט עס—פון שטאָל און קוילן ביז אייזן—אַ טרויעריקער שניט, וואָס פאַרוואַנדעלט זיך אין אַן עקלהאַפטן קרייז, וואָס ווערט געשמיד פון גאָלד און אייזן...

ספּי האָט געוואַרט.

—דו האָסט מיר נישט געענטפערט אויף מיין פראַגע!

—אמת... אַזוי ווי דו האָסט באַרירט דידאָזיקע פראַגע, דערמאָן מיר, אַז דו ווסעסט קומען ס'צווייטע מאָל, איך זאָל דיר געבן צוויי ביכלעך. איינס הייסט „די סעקסועלע דערציונג", דאָס צווייטע „מיטלען ווי אויסצומיידן די שוואַנגערשאַפט". איך וואָלט זיי דיר נאָך היינט געגעבן, נאָר גראָד האָב איך זיי פון רחמנות וועגן אַוועקגעבאָרגט איינער וואָס שיט אָן אַן אויפהער מיט קינדער און האָט שוין טאַקע מער הונגעריקע מיילער ווי עסן פאַר זיי... זיי וועלן דיר ענטפערן אויף דיי-נע פראַגן בעסער פון מיר. דאָס צווייטע בוך זאָלסטו זיך נישט לאָזן אָרומוואַלגערן פון אויבנאויף, ווייל ס'איז אַ פאַרווערט ווערק, וואָס אנבאַלאַנגט מאַרעסטאַנען, איז עס אַ קלאַסישע אַרבעט... הונדערט ניין און זעכציק טויזנט! ער ווייזט איבע-ריגענס אָן אויף דיזעלבע פּרעציזיונגן, וואָס האַרדי אָבער ער גיט זיי אונטערן נאָמען פון פאַרהיטונגס-מיטלען קעגן וועגערי-שע קראַנקהייטן. ווייל אַזוי איז די סאָציאַלע לאָגיק: דאָס וואָס ס'איז דערלויבט בעת ס'האַנדלט זיך וועגן באַקעמפן דעם סי-פיליס, איז נישט געזעצלעך, ווען ס'גייט מכוח אויסוואָרצלען די הייטערנדיקע מכות פון עלענד, דאָס עמבריאָ פון קונפטיקן קריג!.. לכל הדעות נעם דערווייל מיט זיך אָט דאָס.—ער האָט אַראָפּגענומען פון פאָליצע אַ דינע בראָשור: „פרייע ליבע" „פרייע מוטערשאַפט" פון פויל ראָבין, ווו אויף עטלעכע זייט-לעך ווערט רעזומירט די גאַנצע פילאָזאָפיע פון נעאָ-מאַלטוזיאַ-ניזם. ער האָט געשמייכלט, דערלאַנגענדיק איר די בראָשור...

—דו מוזט מיר אָבער ווי געהעריק פאַרשטיין! איך

דערצו דיר אויף דעם אופן נישט כדי דיר אָנצושפּאַרנען אַז דו זאָלסט פאָלגן דיינע אינסטינקטן. איך האַלט, אַז קיים וואָרט אַ ווערזן פיזיש פעיק צו רעפּראָדוצירן, מוז עס אומבאַדינגט ווייסן, וואָס פאַר אַן עווענטואַליטעט, זי וואַרפט זיך אונטער און צו וואָס דאָסדאָזיקע פאַרפליכטעט איר. נאָך איין זאַך אָבער מוזטו געדענקען: קיים איז אַ יונג מיידל ס'ערשטע מאָל נישט געקומען צו קיין איינפאַרשטענדעניש מיט איר פּאַרטנער, איז זי קיין מאָל נישט זיכער, אַז זי זאָל נישט אַריינפאַלן לגמרי אומגעריכט. יעדנפאַלס, ווי באַלד דו ווייסט ווי אַזוי מ'קאָן האָבן קינדער און באַלד ווערסטו וויסן ווי אַזוי מ'קאָן זיי נישט האָבן—זאָלסטו קודם כל געדענקען, אַז מ'דאַרף נישט ריזיקירן אַזוי לאַנג, כל זמן מ'איז נישט פעיק צו פאַרזיכערן זייער עקזיסטענץ, ביז וואַנען זיי וועלן זיין אימשטאַנד אַליין זיך אַן עצה צו געבן!

-און די קינדער-פּריוטן?

—ער האָט איר באַוווּנדערט... איר לאָגיק פירט איר דירעקט צום ציל—צום צוקונפטס- פּראָבלעם. די אַלטע פאַמיליען-ראַמען קנאַקן און האַלטן ביים איינפאַלן, מיט דער דערציונג פאַרנעמט זיך דער שטאַט, די מלוכה און נעמט איבער ביסלעכ-ווייז אויף זיך די פליכטן פון די עלטערן...

—די קינדער-פּריוטן, מיין טייערע, אין דער פאָרם ווי זיי עקזיסטירן איצט, דינען בלויז דערצו צו דערציען — מיט גאַנץ קליינע אויסנאַמען—שקלאַפן אָדער אומצופרידענע. פאַר זמן מיר וועלן נישט האָבן קיין איינהייטלעכע שולע און דער קאָלעקטיוו וועט נישט ווערן דער יורש פון יעדער פרט צום נוצן פון כלל—הייסט — אַריינוואַרפן אַ קינד אין אַ פּריוט — פשוט פאַראורטיילן אים אויף וועגעטירן און ליידן זיין גאַנץ לעבן גלויב מיר ס'איז אַ סך בעסער נישט צו ברענגען אים אויף דער וועלט.

—און דערנאָך וואָס! טריקענען און וואַרטן אויף וועלכן ס'איז מאַנספּאַרשוין וואָס וועט זיך מרחם זיין און תתונה האָבן מיט מיר!

דער פעטער האָט איר עקזאַמענירט מיט אַ בייזן בליק.
—אָ! דו רעדסט אַזוי חוצפהדיק, אַז עס עמפערט מיך פשוט!.. די טעאָריעס זענען זייער ליכטע, אָבער דורכפירן זיי מוז מען גאַנץ פּאָרזיכטיק. איך וועל זיין געבוג רייף, און דאַן וועל איך דיר זאָגן — לאַך זיך אויס פון אַלע אַנדערע. אינפאָרמירט וועגן אַלץ און קלוג, ווי דו ביסט, וועסטו זיך גע-שווינד אויסלערנען נישט צוצוגעבן די געפילן קיין גרעסערע באַדייטונג ווי זיי קומט...
זי האָט אים איבערגעהאַקט:
—אָבער וואָס למשל, פעטער, וועל איך טאָן אויב איך וועל נישט געפינען קיין מאַן לויט מיין געשמאַק, אָדער בכלל קיין מאַן נישט געפינען. ווי אַזוי וועל איך זיין אימשטאַנד, נישט ריזיקירינדיק קראַנק צו ווערן אָדער האָבן אַ קינד—אונטער צו האַלטן יענעם נאָרמאַלן צושטאַנד פון מיינע פונקציעס, פון וועלכע—ווי דו האָסט אַליין געזאָגט—ס'הייגט אָפּ מיין געזונט און מיין גלייכגעוויכט?.. דידאָזיקע פראַגע האָב איך דיר שוין לאַנג געוואָלט שטעלן, זינט איך האָב געהערט ווי ראָזע און מעלאַניע האָבן גערעדט וועגן דידאָזיקע זאַכן.
—נו גוט, מיין קינד, דו וועסט דאַן זוכן און זיך אויס-קלויבן, וויסנדיק די סיבה. דעם חבר וואָס וועט דיר געפעלן. די געצוואונגענע צניעות פירט בלויז צו אומנוצליכע ליידן. די, וועלכע פּראָפּאַגירן איר, זיינען אָפּט די ערשטע, וואָס זינדיקן אין דער שטיל. איך זע נישט די סיבה פאַרוואָס אין פאַר וועגן דאַרף אַ יונג מיידל איבערפירן דעם געזונט, זיך אָפּזאָגענדיק פון לעבן.—און פאַרוואָס טאַקע נישט האָבן אָפן קיין קינד, אויב איר געפעלט'עס...
ער איז שטיל געוואָרן, פאָרזעצענדיק זיין געדאַנק פאַר זיך אַליין: וויפיל אָפּגעלעבטע פּאַראורטיילן זיינען נאָך עד היום צונויפגעבונדן מיט דער אומנוצליכער, אומריינער הימענעאוס,*) — אייטעל! אַ שטעמפּעל פון כלומרשט גאַראַנטיע פאַר די מאָניפעק פון דעפלאָראַציע, אָדער אַ געפערליכע שטערונג, וואָס פאַרשאַפט

*) הימענעאוס—דער גאָט פון חתונה מאַכן.

דער בתולה ערנסטע אומאננעמליכקייטן—ווי מענסטרואציע—באשווערדן—און ווארפט איר אונטער גלייכצייטיק, בעת דעם ערשטן קאָנטאַקט, דעם געפאַר צו ווערן שוואַגגער קעגן איר וויל;... שוין איצט, ביי פאַלן פון שמערצליכע רעגעלן, מאַכן די כירורגן אַ שניט. שפּעטער וועט מען איר, ביים דערגרייכען די סעקסועלע רייפקייט, אויף אַ גאַנץ נאַטירלעכן אופן כירורגיש עפענען. מוסולמענער אין יידן ווערן צוליב היגיענישע צוועקן באַשניטן. פאַרוואָס זאָל מען נישט מאַכן אַ שניט ביי אַלע פרויען? דער געזונט און די מאראל וואָלטן דערביי זיכער בלויז געוווּנען...

ער האָט פאַרגעזעצט:

—זאָג מיר שטענדיק אַלץ וואָס דו טראַכסט... אין איצטיקן פאַל האָלסטו בלויז ביי דיין ערשטע פלירט... שווער מיר צו: אַז דו זאָגסט זיך אָפּ פון אים, אַז דו ביסט אים מקריב. געדענק! אַז אַלס מינדעריעריגע, ביסטו אָפּהענגיק פון דיינע קרובים, און זייענדיק אַ מיטגליד פון אַ געמיינדע, מוזטו זיך אונטערוואַרפן אירע זיטן אירע באַדינגונגען און אירע געזעצן. דו ביסט נאָך נישט גענוג שטאַרק אונטער-צונעמען, אַ קאַמף קעגן די מנהגים און פאַראורטיילן.

—און דאָך פלעגסטו מיר תמיד זאָגן, אַז פונקט אַזוי ווי מ׳ליידיגט אויס אַ מיסטקעסטעל—דאַרף מען אויך אָפּרייניגן דעם מח פון אַלע פעלער און פאַראורטיילן וואָס האָבן זיך אַהין פאַרקליבן.

—יאָ, נאַטירלעך... מ׳דאַרף יעדן טאָג פונקט אַזוי וואַשן די נשמה, ווי דעם קערפּער, אויב נישט, קומט דער שמוץ! כדי שענער צו לעבן, מוז יעדע גענעראַציע, פון איר זייט, עלימונירן דעם אָבפאַל פון פריערדיקן דור. אָבער, כדי צו לעבן, מוז מען אָפטמאָל גיין אויף געוויסע קאָמפּראָמיסן. צי מיינסטו, אַז איך קאָן איר איבערקאָכן דידאָזיקע ציוויליזאַציע, אין וועלכער איך לעב... ס׳עקלט מיר פון איר. אָבער איך מוז איר פאַרטראָגן, אמת, איך פאַראורטייל דעם באַרבאַריזם, וואָס פאַרוועדט אַ יונג מיידל צו באַפרידיקן ערלעך און נאַטירלעך איר סעקסועלע באַדערפעניש, ווי זי שטילט איר הונגער אָדער דורשט. אָבער דאָך...

מיטן צייגפינגער פון זיין אויפגעהויבענער האַנט האָט ער ווי ס'האָט געשיינט, צעשניטן דעם שטח, וואָס האָט זיי פּעפּערירט, האָט ער איר מיט אויטאָריטעט געוואָרנט!

—כּל זמן דיר וועט נישט געלונגען צו דערגרייכן אַ פולשטענדיקע אומאָפּהענגיקייט, בעט איך דיך, אַז דו זאָלסט האָבן געדולט און דורכפירן פּראַקטיש דאָס, וועגן וואָס איך רעד מיט דיר די גאַנצע צייט און וואָס האָט דיר שוין נישט איין מאָל געראַטעוועט פון אַנטוישונג און פעלטריט: פריער גאָכדענקען, דערנאָך דיסציפּלין.

ספּי האָט פאַרמאַכט די אויגן. טרערן, האָבן זיך איר געקויקלט איבער אירע באַקן.

ער האָט איר אַ הויב געטאָן דעם קאָפּ.

—ע! ע! ס'איז, הייסט עס ערנסטער ווי איך האָב מיר פאָרגעשטעלט! טו אַ קוק אויף מיר! קוים וועל איך האָבן פאַר דיר דעם פּאָסטן, ווי איך האָף, אין דער זיידנס-אינדוסטריע פון לאַ-ראָק, וועסטו תיכף אַהין פאָרן. און דער נאָך, ווי נאָר דו וועסט באַקומען די מעגלעכקייט פאַר זיך צו פאַרדינען, וועלן מיר ווייטער רעדן.

—יאָ, פעטער.

ער האָט פאַרענדיקט, נישט אַראָפּנעמנדיק פון איר די אויגן.

—קיין מאָל נישט, דו הערסט וואָס איך זאָג, קיין מאָל דאַרף מען זיך נישט אָוועקשטעלן אַליין אין אַ נידעריקער לאַגע. אַ קינד אין איצטיקן מאָמענט, וואָלט פאַר דיר געווען ממש אַ קייט אויפן האַלדז. דו מוזט קודם כּל פאַרפאָלקאָמען דיין אַנטוויקלונג. דו מוזט ווי געהעריק איינאָרדענען דיין לעבן!.. הער אויס! אַלץ וואָס איך האָב געשטרעבט אין לעבן צו רעאַליזירן—איך האָב מיין גאַנצע האָפענונג געלייגט אויף דיר. און דעריבער האָב איך אויך אויסגעקליבן דעם נאָמען, וואָס דו טראָגסט. גייסט, דו פאַרשטייסט צי נישט? גייסט, איז דיין נאָמען!.. איך וואָלט וועלן, אַז די ליניע פון אונזער פאַמיליע,—ווייל איך האָב קיין קינדער נישט—זאָל זיך רעזו-

מירן און פונאַנדערבליען אין דיין פּערזאָן... דעריבער, איידער די גייסט זיך פאַרנעמען מיט ליבע, שמיד אויס דיין געווער, און איצט, גיי דינען, אויב דיר ווילט זיך עס אַזוי שטאַרק... יעדנפאַלס אָבער, זאָג מיר צו, אַז דו וועסט קיין שום זאַך נישט אינטערנעמען, איידער דו וועסט זיך נישט באַראַטן מיט מיר.

—איך זאָג דיר עס צו!—האָט זי אויסגעשריען, באַלויכטנדיק אירע ווערטער מיט אַן אָפענעם ערלעכן בליק.

# טו

די ערשטע שטונדן אין אראַנזשע זענען ממש געווען אַ דערלייזונג. אַלס פּערזענלעכע קאַמערפּריילן פון מאַדאַם אויבריק האָט ספּי אויסער דער מיטאָגסצייט דעם גאַנצן טאָג פאַרבראַכט לעבן איר, טיילנדיק דאָס פּוסטע, לוסטיקע לעבן פון איר ווירטן,

זייענדיק פון איר אַנציקט, האָט איר די ווילדע צוועקגעשטעלט אויף דערזעלבער מדרגה ווי דעם הונט. טאָטאָ, דעם נאָכפאָלגער פון טויבן. טאָטאָ האָט געהערט צו דער רעכטער דאָגן, און צוזאַמען מיט די צערטלעכקייטן פלעגט מען איבם אויך באַשענקען מיט די סאַמע זיסע נעמען... אַ שמוציקע היה וואָס האָט שטענדיק געזוכט ווי אַזוי אַרונטערצורוקן דעם נאָז אונטערן קלייד. זי האָט אים גלייך אין אָנהויב געמוזט מכבד זיין מיט אַזעלכע פוס שטויסן, אַז מער האָט ער שוין קיין העזה נישט געהאַט איר אַרומצושמעקן.

איז אַ וואָך שפּעטער האָט מען איר באַהאַנדלט ווי אַ פריינדין. מ פלעגט איר מיטנעמען אויף די פּלאַזשע צום געמיינזאַמען באָדן, דערנאָך איז געגאַנגען דער מאַסאַזש. זי האָט זיך באַטייליגט אין אַרומפאָרן. מאַכן פאַרשידענע קניות, אין די אויטאָ-אויספלוגן קיין ביגאַטי בעת דער גראַנדיעזער „כריזאַל״— דער טאָרפּעדאָ פון דער נייגטער קאָנסטרוקציע—האָט צופעליג

געהאַט די מעגלעכקייט צו שטרייכן, צווישן דעם אָפּפּאָר פון איין פּאַרטיע געסט ביזן אָנקומען פון דער צווייטער.

איר איינציקע שטוב-אַרבעט איז באַשטאַנען דערין — צו העלפן דעם קאָמערדינער ביים גרויסאַרטיקן מיטאָגס-טיש, — וואָס האָט שעמערירט פון בלומען, קריסטאָל און זילבער. מאַכן דאָס בעט, אָפּהענגיק פון קאַפּריז פון דער פרוי, וואָס פלעגט זיך אַמאָל אויפהייבן פאַרטאָג און צייטנווייז ווידער זיך וואַלגערן אויפן געלעגער ביז פיר אַ זייגער נאָכמיטאָג. אויסער דעם איז אויף איר געלעגן די פליכט אַכטונג צו געבן אויף די וועש.

אַ ווייכע זיסקייט פון מושלין און קרעפּ, פּראַכטפולע שפּיצן — גיפּיאַר... באַרירנדיק, צעגויפלייגנדיק די דאָזיקע קאָסט־בערע זאַכן, איז ספּי געווען מער פאַרוווּנדערט ווי אַנציקט. איר פשוטער געזונטער געשמאַק און די פייערישע לאָגיק האָ- איר געצווּנגען צו קאַלקולירן ווי גרויס ס׳איז די דיספּראָפּאָרציע אין אַזאַ מין לוקסוס...

זי האָט אָפּגעשאַצט די עלעגאַנץ פון די אַלע זאַכן, נישט האָבנדיק ממש צו זיי קיין שום חשק. אירע איינפאַכע וועש זענען איר אַ סך בעסער געווען געפעלן, ווי די לייכטע קאָמבינאַזאָנס, וואָס פרוי אויבריק האָט איר געגעבן אַ מתּנה, ברענגענדיק אין אָרדנונג אירע גרויסע וועש-שענק.

— וואַרט, נעם אָט דאָס !... וועסט עס שפּעטער אָנטאָן. דאָס וועט פּונקט גוט זיין, בלויז אַ ביסל אַרויסלאָזן די נעט.

וואַרפנדיק אַ שנעלן בליק אין גרויסן באַוועגלעכן שפּיגל האָט זי איר מיט איין האַנט אַרומגעכאַפּט אַרום דער טאַליע. און אויפגעהויבן ס׳קלייד:

— אָ! וואָס פאַראַ שרעקלעכע מייטקעס! דו האָסט זעלטן פיינע פיס. און מיט אַ זשעסט פון אַ קינסטלער האָט זי זיך דורכגעשפּאַצירט איבער די קאָנטורן.

אַזעלכע פאַמיליאַריטעטן האָבן זיך איבערגעחזרט נישט איין מאָל אונטער פאַרשידענע אויסריידן. אָבער פשוט אָן אַ שום פּרעטעקסט. לכתּחילה האָט ספּי אין זיי געזען נישט מער

ווי די אומגעלומפערטקייט פון אן אָריגינאַל—און האָט דער־קלערט דידאָזיקע האַלטונג מיט דער גוט־האַרציקייט און פשוט־קייט פון דער אויסלענדערן.

אָבער ענדע וואָך האָט זי זיך שוין אָנגעהויבן שפּירן אַ ביסל אומבאַקוועם.

איין מאָל, נאָכן באָדן זיך אויף דער קאַזינאָ פּליאַזשע, אין אן אייגנער קאַבינע, בעת זי האָט מיט אַ האַריקער הענט־שקע געריבן דעם קערפּער פון איר ווירטן, וואָס האָט אונטער געשטעלט דעם בויך און די זייטן, דערדאָזיקער קרעפּטיקנדיקער רעאַקציע, האָט זיך מאַדאַם אויברוק פּלוצלינג אָנגעהויבן באַ־קלאָגן אויף אַ שטאַרקן שמערץ.

—פּאַמעלעך! ס׳טוט מיר ווײ... אוי! איך ווייס נישט וואָס מיר איז... (אומרויִק האָט זי אָנגעהויבן טאַפּן איר אַפּעדי־ציט—בלינדע קישקע). ס׳זעט אויס ווי געשוואָלן. דו געפינסט נישט? דו האָסט עס נישט, דו?..

און מיט אַ דרייסטן זשעסט האָט זי אָנגעהויבן צו פאַר־גלייכן מיט אַזאַ ערנסטן אויסדריק, אַז ספּי, אַן אומשולדיקע, האָט איר דערלויבט אַלץ, ביז די אונטערזוכונג איז פּלוצלינג איבערגעגאַנגען אויף אַן אַנדער אָרט...

—דו ביסט משוגע, צי וואָס? וואָס איז מיט דיר! און מיט אַ זיפץ האָט זי צוגעבן:

—ניין, ביי דיר איז עס נישטאָ. איך מיין, אַז איך וועל מוזן פרעגן דעם דאָקטאָר רידאַל, און סוף כל סוף זיך לאָזן אָפּערירן...

כאָטש ספּיס פאַרדאַכט, נאָכן דאָזיקן אינצידענט—אַ צו־פעליקער אָדער אַ צוגעגרייטער?—איז געבליבן נישט פּרעצי־זירט, פלעגט זי זיך תמיד פילן שלעכט, בעת איר איז אויס־געקומען,—אַוועקלויפנדיק פון די צינישע גלייכווערטלעך אין דינסטן־צימער—צו בלייבן אַליין מיטן דאָזיקן שד אין דער גע־שטאַלט פון אַ פרוי, וואָס האָט נישט געהאַט אין זיך קיין שום ווייבלעכעס אויסער אירע געשלעכטס־אַטריבוטן. זי האָט

זיך דערמאָנט, אַז ביים אָפשייד האָט איר דער פעטער געוואָרנט...

איר האָט זיך זייער געוואָלט אים זען. אָבער ער האָט גראָד געמוזט מאַכן זיין יערלעכן טורנע, פריער ווי ער האָט געקלערט. ער האָט איר עס איבערגעגעבן אין אַ צעטעלע און געבעטן קומען מיט אים זיך געזעגענען פאַר זיין אָפּפאָר.

זי איז אָבער געווען אַזוי אָבסערווירט, וועלנדיק זיין אַ קוראַן פון אַלץ, אַז פאַר דער גאַנצער צייט האָט זי זיך אַרויסגעכאַפּט בלויז צוויי מאָל אין אָוונט. די אַטמאָספער פון שאַטאָ-רוזש האָט איר געפעלט.

באַזונדערס האָט איר געפעלט פראַנסואַ, נישט געקוקט אויף זיין גאַנצע לייכטזיניקייט, זי האָט זיך באַמיט אַרויס-צוטרייבן פון איר זכרון זיין אָנציענדיק, פאַרע טעריש בילד. טריי איר צוזאָג, וואָס זי האָט געגעבן דעם פעטער האָט זי געקעמפט קעגן איר פאַרלאַנג. ווי אומגליקלעך האָט זי זיך גע-שפירט אין דעמדאָזיקן קאַמף!

צו דעם האָט איר פראַנסואַ דעם לעצטן זונטיק, אויפן באַל נישט געמאַכט קיין פייערדיקע דערקלערונג און געפרוווט איר אַוועקצושלעפן אין אַן אָפּגעזונדערטן ווינקל!

און אַזוי ווי זי האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט, האָט ער זיך גלייך אָן איר נוקם געווען, איז אַוועק און ציניש זיך אַרומגעכאַפּט מיט ראָזען. זי איז אַנטלאָפן זיך באַגיסנדיק מיט טרערן. זי האָט אים פאַראַכט, נישט געקאָנט קוקן אויף אים! פאַרשטייט זיך!

און דאָך פלעגט זי דערשפירן אַן איבערמענטשלעכן גע-נוס בלויז ביי דער דערינערונג—וואָס זי האָט בשום אופן נישט געקאָנט אָפּיאָגן — אין דעם פעראָ-וואַלד, אָן פישער מיט די חוצפהדיקע הענט, וואָס האָבן אַ נעם געטאָן אירע ברוסטן; אָן זיינע דאָרשטיקע ליפּן, וואָס האָבן געזוכט איר מויל.

אַנטלויפן, זיך באַהאַלטן אין דער איינזאַמקייט, אין דער נאַכט-פינצטערניש! אין מויל האָט זי געשפירט אַ מין טעם פון אש...

פון דער צוווייטער זייט האָט זי זיך קיין פּאָל נישט געקאָנט צוגעווינען צום אומגעלומפּערטן לעבנס-רעזשים פון דערדאָזיקער הויז, מיט איר אומבאַגרענצטן לוקסוס, מיטן ממש וואַרפן געלט אין בלאָטע, וואָס האָט גלייכצייטיק מיטן רעספּעקט פאַר עשירות, ביי דער איבעריקער דינערשאַפט (רעק-רוטירט צופעליק דורכן ווילדן שגעון פון די קאָסמאָפּאָליטישע קאָראָוואַנסעראַיען*) אַרויסגערופן אַ פינסטערן האַס, פילדייטיקע שמייכלען אונטער דער כלומרשטע דינסט פּערטיקייט, וואָס איז גרייט יעדן מאָמענט אַ ביס צו טאָן. אָבער אייפערנדיק איר, האָבן דאָך די איבעריקע באַצויגן צו איר ווי צו אַ מין פּאַרמיטלונגס-קראַפט, וואָס זיי האָבן אַליין נישט געוווסט ווהין זי געהערט—צי צום סאַלאָן אָדער צו דער קיך... די קיך אין אַראַנזשען האָט קיין מאָל נישט גערוט.

מיטן אָנקומען פון פינגסטן-יום-טוב (שבועות) האָט די פּליאַזשע און דער קאַזינאָ-פּלאַץ געווימלט פון פרעמדע געסט.

אויף די שרייענדיקע רעקלאַמעס פון די אַגענטן זענען זיך צונויפגעלאָפן גאַנצע מחנות מענטשן, פון סעק-מאַקסום ביז סען-טראָפּעז אויפן וועג דורך באַוואַלן, איז די גאַנצע געגנט געווען פאַרצעלירט אויף באַזונדערע טיילן. כסדר נייע דעכער זענען ממש אויסגעוואַקסן איבער נאַכט איבער די צעמענטירטע קוכן אויף יענע פעלצער, ווו גאָרנישט לאַנג זענען נאָך גע-שטאַנען אין זייער פולן גלאַנץ די שטאָלצע סאָסנע-בוימער. ס'איז געווען אַ מין ציבערהאַפּטער דורשט וואָס ווער צו פאַר-דינען, צו שינדן די הויט, און אין צענטער איז געשטאַנען שאַטאָ-רוזש מיט זיין פּליאַזשע.

צו די שטאַמגעסט פון ליאָן און מאַרסייל, וואָס פלעגן דאָ יאָר יערליך פאַרברענגען דעם זומער, איז איצט צוגעקומען אַ תמיד טומלענדיקער ליסטיקע פּאַריזער קאָלאָניע, וואָס איר צאָל איז פון יאָר צו יאָר אומגעהייער געוואַקסן.

דאָ זענען געווען מכל המינים. קינסטלער, אַדוואָקאַטן,

---

*) קאַראַוואַנסעראַיען—קאָסמאָפּאָליטישער באַגעגענגס-אָרט פון אויסלענדער.

אַרטיסטן, מעדיקער, אונדוסטריעלער מיט זייערע ווייסע אויטאָ-מאָבילן, מיט פּלגשים אָדער געזעצלעכע ווייבער און גראַטאַר-טיקע נעגליזשען. מיט פּערל-שנורן אָדער מיט גאַנצע פּערל-קאָלען—אַן אמתע שרייעדיקע אויסשטעלונג, וואָס האָט נאָך אָבער געוויסער מאָסן אויסגעזען באַשיידן, אין פאַרגלייך מיט דער אויסערגעווענלעכער פּראַכט פון די ענגלענדער און אַמע-ריקאַנער פון דרום פון צפון.

זיך שפּירענדיק אַלס זיגער, האָבן די טרעגער פון די פונטן, דאָלאַרן און פעזאָס, דעמאָנסטרירט זייער עשירות מיט אַזאַ אָפענעם ציניזם, אַז די פראַנצויזן האָבן באַלד אָנגעהויבן צו מאַניפעסטירן זייער פריינדשאַפט צו די אויסלענדער.

אַנשטאָט דעם זאַפטיקן פּראָווענסאַלער לשון האָט זיך ערשט אומעטום געהערט יענער נאָכמלחמהדיקער פראַנצויזישער זשאַרגאָן—אַ מישמאַש פון אַלע שפּראַכן און דיאַלעקטן מיט זייערע אומצייליגע אינטערנאַציאָנאַלע אידיאָטיזמען, וואָס איז פאַרהילכט געוואָרן פון דאָמינירענדיקן דיאַלעקט פון די שפּאַניער אַנגלאָ-זאַקסן.

אין דינסטן צימער פון דער מאַדאַם אויבערוק האָבן זיך איבורו, דער לאַקיי,—אַ באַסק—,איוואַן דער רוסישער שאָפער, און לינא, די איטאַליענישע קעכין, כסדר לוסטיק געלאַכט, איבער ספּיס נאַאיוויטעט, ווען זיי האָבן זיך נישט אמפּערט איבער דער פּרייוויליקער אַרבעטזאַמקייט פון דער טאָגאַרבעטערין איך אַ וואַכאַזקע. מיט זייער ערליכקייט האָבן די ביידע לגמרי איבערגעפּירט דעם גאַנצן עסק!...

די אַלע דריי, וואָס האָבן שוין פריער אין דריי פאַרשי-דענע הויפּט שטעט געטריבן דידאָזיקע דאַנקבאַרע פּראָפעסיע פון געצאָלטע ליידיקגייער, וואָס זייער דערוויז איז געווען „שפּייען אויף אַלץ!“ האָבן געהאַט זייער אומדערשיטערטע פילאָזאָפיע, וועלכע זיי פלעגן שטאַרק אויסנוצן בנוגע דער „מאַלפּע“ זיי האָבן איר אומברחמנותדיק בדלות געשטעלט. דאָס זיינען געווען ליבהאָבער פון אַ לייכטן פאַרדינסט, וואָס האָבן געקוקט פון אויבן אַראָפּ אויף אמתע דינסטן, נישט קאָנענדיק

פשוט אופן באַגרייפן זייער העלדענמוטיקע אָרענטליכקייט.

די שלעכטע שטימונג פון דאָזיקן טרי איז געוואַקסן מיטן אָנקומען פון לאָקאַלן יום-טוב, נאָכן אָבפּאָרן פון דער פריערדיקער סעריע געסט. — מ'האָט קוים באַוויזן אָבצוכאַפּן דעם אָטעם—הויבט זיך שוין ווידער אָן אַ נייע סדרה, ס'קומט אַ פרישע פּאַרטיע, און מיט דער אַרבעט קאָן מען זיך פּשוט קיין עצה נישט געבן.

לויט דער מיינונג פון דער ניאַפּאָליטאַנערן, וואָס האָט שוין געאַרבעט אין דערדאָזיקער שטוב צוויי יאָר נאָכאַנאַנד און פלעגט אָפּשאַצן האָבן איבערגעלאָזן—זענען געווען די גרעסטע אויסוורפן. —איינער נישט בעסער פון אַנדערן. אָט, למשל, דער באַרימטער נומער! דאָס יונגע פּאָרל פּראַנטל, פּילפּאַכיקער מיליאָנערן-צוקער-מאַגנאַטן... דערנאָך די צוויי קאָקעטקעס: אַרו גאָלדער ארומון, איינער און די גרעסטע עקראַן-שטערנס, און זייער אומפּרעסאַריאָ באַראָן זשאַן דע מאָרע...

זיי קומען אויף אַ יאַכטע דירעקט פון קאָרסיקע... און זיי קאַלאַ, דער שטערן פון מולען—רוזש, מיטן צונאָמען „די פלאַכבּרוסטיקע קעמפּערין".

—אָט וועט עס זיין צו וואַשן אַ באַרג געשיר! האָט זיך געפּעסט דער רוס, וואָס איז געווען אין גוטע באַציונגען מיט מיט לינען און האָט געהאַלטן פאַר זיין פליכט איר צו העלפן.

—דיר איז לייכט צו ריידן! ס'וועט שוין זיין אַ ריכטיקע חתונה! מ'וועט שוין איבערקערן די שטוב מיטן קאָפּ אַראָפּ... קיין מנוחה מיגוס... אַ גליק נאָך וואָס מיר עסן די ערשטע!— זי האָט אַ וווּנק געטאָן מיט די אויגן—און מ'פּאַרוועט אַריינצוניין אין וועסטיבול ווי נאָר מ'דערלאַנגט אַהין די ליקערן. אַז ווען איר וואָלט וויסן וואָס דאָרט טוט זיך אָפּ! און זאָגט נאָך דעם אַלעמען, אַז ס'איז אַן' אַנשטענדיק הויז!

—אַ הויז, ווי אַנדערש! האָט זיך אָפּגערופן מיט אַ ציניש שמייכל, דער קליינגעוויקסיקער באַסק, איבורו. ער איז געווען שטאַרק אָנגעשטויסן אויף זיין ווירטין, וואָס אויסניצענדיק זיי

דינסטפאַרטיקייט אויף אַ גאַנץ אינטימען אויפן, האָט זי איבער אָבער באַלד משלח געווען, ער האָט אויך נישט בּאַקאָנט מוחל זיין דער שטוב מיידל, וואָס זי האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט פון זיין גאַנץ דיישליכער פּראָפּאָזיציע.

ס׳איז פּאַסירן, ווי זי בלאָזט זיך! לעבן אין אַזאַ שטוב אין זיין פּאַראורטיילט אויף צעליבאַט, אויף צניעות—בעת יעדע נאַכט סקריפּעט די בעט הינטער זיין וועגטל, אונטער איר אָבּגען אין לינען! ווייל אויפן צווייטן זייט קאָרידאָר פּאַרהאַקט זיך ספּי אונטער אַכט שלעסער, וויל פון אים לגמרי נישט וויסן,— און די מאַדאַם, נאָכדעם ווי מ׳פּלעגט איר דערלאַנגען די קאַווע, בעת קיין געסט זיינען נישט געווען — האָט זי זיך באַניגענט מיט טאַטאַ׳ן!

די דאָזיקע אינטימיטעט צווישן „דער מאַדאַם מיטן הונט" וואָס האָט זיך פּשוט געוואָרפן אין די אויגן איז געווען די פּאַרמאַנענטע טעמע פאַר דער די-ערשאַפט אויף די שמוציקע וויצן... צי דען איז טאָ׳י נישט אַזוי אייפערזיכטיק פּונקט ווי אַ געטרייער מאַן? צי האָט מען איר נישט געוואַשן מיט אָדאָקאָליאַן? צי איז ער נישט געשלאָפן מיט איר אין צימער? אפילו אין בעט! האָט לינע באַשטעטיקט, גלייך דעם ערשטן אָוונט ווי ספּי איז געקומען, זי האָט געוואָלט אַנטאַפּן דעם דופק, מיט וועמען זי האָט דאָ צו טאָן און גלייכצייטיק אַריינציען ספּין אין אַלע היימישע פּליאָטקעס...

—יאָ פרייליין, זיי טרייבן זיך אַרום... ס׳איז אַ פאַקט... אין איין שיינעם פרימאָרגן, בעת זשולענאַ, די שטובמיידל... וואָס האָט געמוזט אָוועק פון דאַנען מיט אַ פולן קאָרב זאַכן... צו אירע קרובים... יאָ, בעת זי האָט אַנ׳עפן געטאָן די לאָדענס, האָט זי זיי געכאַפּט... טאַטאָ האָט זיך נישט געקאָנט אָפּרייסן מ׳האָט געמוזט אויפן זוכן די קישקע מיט וועלכער דער ג׳רטנער באַגיסט דעם גאָרטן!...

דער רוס האָט זיך געהאַלטן ביי די זייטן פון לאַכן:

—דו איבערטרייבסט שוין אַ ביסל!

לינא שטאָלץ, אויף איר טאַלאַנט צו דערציילן, האָט ווייטער גערעדט:

—לכל הדעות איז עס נישט געווען אַזוי גלאַטיק, ווייל זשולענא האָט געמוזט אַ היבשע צייט וואַרטן, ביז מ׳האָט איר דערלויבט אַריינצוגיין אין צימער... אָבער זאָגט אייך וואָס איר ווילט, די שליסל לעכער זיינען אַ טייערע דערפינדונג! ספּי האָט דערשפּירט אַנ׳עקל און האַסטיק איבערגעהאַקט דידאָזיקע שמוציקע מעשיות:

—איר געפינט עס אַזוי אינטערעסאַנט? די נעאַפּאַליטאַנערין האָט אויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער.

—אויב דיר שמעקט׳ס נישט, פאַרטרינק מיט ביר!

—און איר האַלט אייערע רכילות־ט ייבעריי פאַר זיך!...

ספּי האָט זיך געהאַלטן מיט זיי לגמרי פון ווייטענס. נישט געקוקט אויף דעם האָט די קעכין ביי יעדער מאָלצייט, געפּרווט אויף איר ווירקן און געהאַלטן אין איין שיטן מיטן גרעסטן שמוץ...

דעם לעצטן טאָג פאַרן אָנקומען פון די געסט, האָט לינע, א־ם דעסערט נאָכן מיטאָג, איינגעאָרדנט אַ ספּעקטאַקל. איוואַן און איבורו האַלטענדיק זיך פאַרגרויסע מבינים, האָבן זיך געלאָזן ווויל גיין מיטן בעסטן ווייַן פון זייער ווירטינס קעלער, דער־צו געפּלאַצט פון געלעכטער. נאָכמאַכענדיק דאָס שפּילן פון אַ טרומייט און דערנאָך די שטימע פון אַ גאַסען—הענדלערן האָט זי געשריגן:

—מאָרגן אַ נײַ פּראָגראַם! אַן אומגעצאָלטער ספּעקטאַקל פאַר אַמאַטאָרן... פאַרנעמט די ערטער!

איוואַן האָט נאָכגעמאַכט דאָס קלאַפּן פון אַ גאָנג און איבורו האָט געהאַקט מיט צוויי זילבערנע שליסלען.

—מען הערט אייגערע קולות אויפן גאַס!—האָט ספּי אויס־גערעגט אַ זאָג געטון!

זיי האָבן אָבער פאַרטאָפּלט די געוואַלדן. ביז מאָרגן זענען זיי איצט די בעלי־בתים. די „מאַלפּע" איז אַוועקגעפאָרן אין

איר בוגאַטי קיין קאָני אויף אַ גאַנצן מעת-לעת באַגעגענען
סיוז קאָלן.
—די פלאַבע ברוסט!
—די פאָרשטעלונג ווערט פאָרגעזעצט!
כאַפנדיק אַ טרונק ווייַן פון איוואַנס גלאָז, האָט זי גע-
בעטן מען זאָל שווייגן.
—פאַדערט ס'פראָגראַם! ווייל די נעמען פון די ארטיסטן
און פון די באַזונדערע סצענעס... אין ערשטען אַקט: לעבעדיקע
בילדער—אַנזשעליקאַ און מאַדאָר—די מאַדאַם און איר הונט...
אונטערן אַ קאָמפּאַנימענט פון אַ לעבעדיקן קאַרנעט—אַ פּיסטאָן
—באַרימטע קונצן-מאַכער—ארי געלדער און זשאַן מאַרק... וואָס
דוקן זיך ווּהין מ'דאַרף נישט... דערנאָך אַ סקיץ, געשפּילט דורך
דריי...
ספי האָט זיך אָן הייב געטון:
—ס'עקלט מיר פון אייך!
זי האָט אַ וואָרף געטון די סאַלפעטקע און צוגעלאָפן צו
דער טיר אונטער אַ דונער פון צ'ינישן געלעכטער:
—די מאַמזעל איז גאָר נישט געווען אַזוי שטאָלץ היינט
אין דערפרי, בעת אבורו האָט איר געזען אַרויסגייענדיק פון
דער מאַדאַמס צימער... פון טעגליכן דינסט ווערט אַמאָל זייער
דרייס! די מאַמזעל איז געווען רויט...
—אָט קוקט, ווי זי איז ווידער רויט געוואָרן ווי שקאַר-
לאַט!—האָט דער רוס אויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער.
איבורו, רייבנדיק די הענט, האָט געשצירעט מיט די ציין.
זי האָט אים געקוקט גלייך אין פּנים אַריין:
—אַלע זענט איר פּשוט חזירים!
זי איז געלאָפן איבער די קרומע טרעפּ פון דער קעלער
שטוב, פונקט ווי עמיצער זאָל זיך נאָך איר יאָגן... פריי עפּע-
טעמען! ארויסקומענדיק אויפן טעראַסע, האָט זי אריינגעצויגן אין
זיך פרישע לופט.
פון די אָפענע קוך-פענסטער, האָבן זיך נאָך בסדר גע-
טראָגן די ווילדע קולות

זי איז אוועק צום גאָרטן-פאַרקאַן—דאָרט האָט זיך וויי-ניקער געהערט... פון דערווייטנס האָט זיך געצויגן די אומבאַ-וועגליכע פראַכט פון ים, איבער וועלכע די לבנה האָט אויס-געשפּרייט אַ זילבערנע דעקע, דעם אָבגלאַנץ פון איר שיין. רונד ארום, פאַרטיפנדיק די באַרויקנדיקע שטילקייט, איז גע-לעגן די סאַמעטענע נאַכט, ציטערנדיקן אונטערן אָטעם פון ווינטל, וואָס האָט זיך געטראָגן פון די בערג און האָט ווי באַלעבט דעם גלאַנץ פון די שטערן איבער איר קאָפּ.

דער קעכינס באַמערקונג האָט איר נישט בלויז שטאַרק באַליידיקט, נאָך אויך צוטומלט. היינט אין דער פרי, האָט זי, פאַקטיש, דערלאַנגנדיק טיי, ווי געוויינליך, אויפגעהויבן די פאָרהאַנגען און געמאַכט ליכטיק. דערנאָך האָט זי אויסגעשטעלט די טאַץ אויפן נאַכט-טישל ביים בעט. דאָג, וואָס האָט זיך פּלוצלינג אויפגעכאַפּט, האָט על פּי טעות אנגעהויבן אויף איר צו ריטשען...

—פאַרמאַך דער פּיסק, טאַסאָ! אַ פריינטל-כער קלאַפּ, פאַר-זיאַט דורך אַ גלעט איבער קאָפּ, האָט אים גלייך באַרויקט... „מיין מאַרשוין !“—אַ צופרידענער, האָט ער תּיכּף ארונטערגערוקט זיין מאָרדע אונטער דער דעקע... מאַדאַם אויבערוק האָט זיך צעלאַכט און אויסגעשריגן:

—הער אויף!—און אַז ספּי מאַכנדיק דעם אָנשטעל, ווי זי זעט קיין זאַך נישט, האָט אָנגעהויבן שטיל ארויסצוגיין פון צי-מער האָט די מאַדאַם צוגעגעבן:

—ער איז אַ זייער באַקוועמער געליבטער. איך וועל דיר אים באָרגן, ווען דו וועסט נאָר חשק האָבן.

ספּי האָט נישט געקענט באַהאַלטן איר אויפרעגונג:

—אוי!, מאַדאַם! אַ שטים האָט איר נאָכגעשריגן: נאַריש קינד, דו ווייסט נישט ווי אַנגענעם ס'איז!

אַ כּדעם איז זי אַנטלאָפן, ס'האַרץ איז איר איבערגעגאַנגען, דידאָזיקע אומפאַרשעמטקייט, האָט איר ממש אמפערט. די באַ-פאַלטענע ארויסגעלאָזנקייט און דער חוצפּהדיקע פּראָפּאָזיציע פון

דערדאָזיקער מאַדאַם אויברוק, מיט וועלכער זי האָט זיך אזוי אַנטציקט!—און די צינישע פאַרשלאַגן פון דער חיה—פון ווילדן צודרינגליכן איבורו—האָט ארויסגערופן ביי איר דעמזעלבן עקל... אך! דער פעטער איז געווען גערעכט! דאָ בלייבט זי נישט, פאַר קיין פאל אין דער וועלט!

## 11

די אינוואַזיע פון די געסט אויפן אַנדערן טאָג, האָט ניט פאַרבעסערט איר שטימונג, נישט געקוקט אויף דער קאַריקאַטור, וואָס די דינערשאַפט האָט פון זיי געמאַכט.

זי האָט זיי געמוזט אויפנעמען, אַנטשולדיקן דער מאַדאַם איבעריק, וואָס האָט נאָך נישט באַוויזן אַהיים צו קומען.

גאָוויגאַטאָרן, אַרי געלדער און זיין מענעדזשער (דירעקטאָר) דער באַראָן דע מאָרע, נאָך וועלכע איוואַן איז געפאָרן צום פאָרט, זענען אנגעקומען די ערשטע. ביידע האָבן זיי אין זייערע בלויע זיידענע בלוזן מיט די ווייסע אפגעלייגטע קעלנער אויסגעזען פונקט ווי צוויי מאַטראָזן פון אַן אפערעטקע. באַלד נאָך זיי איז אָנגעפאָרן דאָס מיליאָנערן פּאָרל. זיי זענען אַרויס פון אויטאָמאָביל אין אַזאַ משונהדיקן נעגליזש, אַז לויט זייערע טיכלעך אויפן האַלדז, די צושפּילעטע העמדער איבער די הייסע הויזן, וואָס האָט אויסגעזען ווי נאַכטוועש, האָט מען זיי דרייסט געקאָנט אָננעמען פאַר אַ פּאָרל אינדיאַנישע אפּאַשן, דערזעענדיק די דאָזיקע משונהדיקע ברואים, האָט זיך ספּיריטע אין גאַנצן פאַרלוירן.

ענדלעך, די לעצטע, די בעסטע. איז געקומען די ווילדע

אין דער באַגלייטונג פון טאטא און סיוז קאָיא... דאָס הייסט עס איז די עליטע די סמעטאַנקע פון דער געזעלשאַפט! וואָס פאַר אַ מאַניערן, ווי זיי האַלטן זיך... זיך דריקנדיק די הענט אין זיך קושנדיק מיטן גאַנצן עולם, האָט מאַדאַם אויבערוק דער־קלערט די סיבה פון איר פאַרשפעטיקונג.

—אַ קליינע קאַטאַסטראָפע! אַ שווערער וועג, און אַזאַ שרעקלעכע היץ!.. ספּי האָט אייך אָנגעוויזן אייערע צימערן? זיי־ער גוט! און איצט אַ קאָקטייל, מיין קליינער אורו, לויט דער קאָך־קונסט פון אונזער באַראָן... און ביז ער וועט צונויפ־מישן די פאַרשידענע מינים, וועלן מיר דערווייל, איך און סיוז, זיך גיין מאַכן שיין!... דו גייסט מיט אוני, זשאַקלין?

די מיניאַטור מאַדאַם פראַנטעל איז זיי נאָכגעגאַנגען.

—דו נויטיקסט זיך גאָר נישט אין מיין הילף?—האָט איר אַ פרעג געטון דער מאַן.

—ניין. מאַקס. אין איצטיקן מאָמענט נישט. ספּי וועט זיך זיין מיט אונז אַן עצה געבן... נעם מיין האַנט, טאַש!

זי איז זיי הכנעהדיק נאָכגעגאַנגען, שפּירנדיק אויפן בלייצע דעם דורכדרינגנדיקן בליק פון צוקער־מאַגנאַט, וואָס האָט איר אויסגעטאָן. עס איז געווען דער קאַלטער בליק פונם פערד־הענדלער ביים אָפּשאַצן די קליאַטשע וואָס געפעלט אים... ספּי האָט געשפּירט דעמזעלבן עקל, ווי אין מאָמענט, בעת רעסי־באַזאַר און איבורו האָבן אויף איר פונקט אַזוי געקוקט...

דער שפּעטער אָוונטברויט אין וועסטיבול, וואָס האָט גלייכ־צייטיק געדינט אַלס סאַלאָן, עס־רויך צימער און באַר—האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין גרויסן איבערפלוס און מיט די פאַרשי־דענאַרטיקע קאָקטעילס. ביי די טיש איז שוין דער טומל גע־ווען אַזוי גרויס, אַז איינער דעם אַנדערן האָט לגמרי נישט גע־הערט.

דער מעלאַנזש פון די פאַרשידענע וויינען, האָט צוגעאיילט דאָס צונויפגיסן זיך פון די סימפּאַטיעס. אַלע האָבן געשריען, בעלאַבט פון די ווערטער, וואָס ספּי האָט זיי נישט פאַרשטאַנען.

זי האָט זיך צו זיי צוגעקוקט אין דעם אַלגעמיינעם טומל,

און איר פאַרוואונדערונג איז געוואַקסן פון מינוט...

צי איז עס געווען דערפאַר, וואָס דער, וועלכער ס'האָט געהייסן מאַקס, האָט אויף איר געוואָרפן אויגן, געגלעט די פיס, בעת זי איז פאַרבייגעגאַנגען; וואָס די קליינע דאַמע איז אויס־שליסלעך געווען פאַרנומען מיט דער זינגערין מיטן מענלעכן סאָרט? אַ משונהדיקער עולם! די צוויי מאַטראָזן האָבן געהאַט אמתע ווייבערשע שטימען! די מאַדאַם אויברוק, טויט־שכור, האָט סקאַנ־דירט אויף עפּעס אַ מין ווילדן לשון אַ הייזעריק לידל און אַלע האָבן אונטערגעכאַפּט דעם רעפריין מיט משונהדיקע קולות.

צו דער גאַנצער שמחה האָט בלויז געפעלט טאָסאָ. מען האָט אים געמוזט איינשליסן—אַזוי גרויס איז געווען זיין אויפ־רעגונג דעם גאַנצן נאָכמיטאָג...

אוף! זי דאַרף נאָך בלויז דערלאַנגען קאַווע. די ליקערן און גלעזלעך שטייען אין אַ שלאַכט—אָרדענונג אויף די פּאָליצעס פון באַר. איבורו דער שר־המשקים האָט זיי אַריינגעשטעלט אין אייז—קאַסטן. אויסגעשטעלט אין אַ שורה שטייען די פלעשלעך מיט די שמאָלע העלזלעך—ווייסע, רויטע, באַגאָלטע און באַזילבערטע.

אַז זי צוריק אַריין אין צימער, דער גאַנצער עולם איז געלעגן אויסגעצויגן אויפן אומגעהייער גרויסן דיוואַן און די קולות און געלעכטער האָבן פאַרהילכט דעם גאַנצן זאַל.

—שטעל אַוועק אַהין די טאַץ, האָט אַ זאָג געטאָן מאַדאַם אויברוק צונויפזינדיק איר אויף אַ נידעריקן טישל... און איר דערלאַנגט.

—איך וועל איר צוהעלפן!

מאַקס פראַנטעל האָט זיך אויפגעהויבן, און מאַכנדיק דעם צינשטעל, אַז ער האַלט כלומרשט מיט איין האַנט די גלאָז, האָט ער איר מיט דער צווייטער געטאַפּט ספּי פראָטעסטירט, ד'האָט אָבער נישט די דרייסקייט שאַרף אויסצודריקן איר אמפּערונג. פּלוצלינג שפּרינגט ער אונטער צו דער טיר, שליסט איר האַסטיק צו, און קומט צוריק אַ צעקאָכטער:

אָ! אָ! און איצט וועט איר דער מענטשן-פרעסער אויפעסן.

די קליינע מאַדאַם פּראַנטעל קוואָקעט פון געלעכטער אונטערן קיצלען פון סיוז קאַלאַ. אויסגעצויגן ווי גרויס ער איז, ליגט זיך ארו געלדער מיט אַ גלייכגילטיגער מינע און רויכערט בהרחבה אַנ׳האוואַניע—ציגאַר... באראן מארעס זיצט דערביי און פאָכעט איבער אים... ער האָט אראָפּגענומען די בלוזע, און זיין האַלב נאַקעטער קערפּער אויפן טונקעלען לעדער, זעט אויס דורך די רויך-וואָלקן, פונקט ווי פיינער עלפאַנטביין... ספּי האָט זיך שוין שיעור נישט אָנגעהויבן מיט אים צו אַנטציקן, ווען זי זאָל זיך נישט, אַ דערשראָקענע, מוזן אַרויסרייסן פון די אָרעמס, וואָס האָבן איר פּלוצלינג אַרומגעכאַפּט.

—לאָזט מיר צורו! האָט זי אַ זאָג געטאָן מיט אַ שטרענגן טאָן.

מאַדאַם אויברוק, וואָס מאַקס האָט איר אָוועקגעוואָרפן, יובט זיך איר איינרעדן:

—בהמה! מען אַמוזירט זיך. מען דאַרף זיך נישט אָפּזאָגן פון אַן אנגענעמען פלירט. דו...

געשרייען, בראַוואָ-רופן האָקן איר איבער. דער מענטשנ-פרעסער, צושפּריגנדיק צו איינער פון די ווענט, האָט אויסגעלאָשן נישט בלויז דעם צענטראַל-קאַנדעליאַבר—נאָר גלייכצייטיק אַלע איבעריקע לאָמפּן. איצט האָט זיך ספּי, באמת, שטאַרק דערשראָקן.

איינהאַלטנדיק דעם אָטעם, גאַנץ שטיל, מען זאָל איר נישט באַמערקן, וויל זי זיך צוקלויבן צו דער קליינער טיר, וואָס גייט ארויס אין קאָרידאָר, וואָס אונז צופעליק געבליבן אָפן. ס׳דערהערט זיך דעם מענטשן-פרעסערס שטימע, וואָס זוכט, פאַרפאָלגט איר... אויב ער וועט איר פאַקן -... איר אויסגעצויגענע האַנט האָט באַרירט דעם סאַמעט-פאָרהאַנג, אויף דער טירבישע... איצט איז זי געראַטעוועט! זי איז געשווינד אַרונטער אונטערן פאָרהאַנג און איינהאַלטנדיק דעם אָטעם, אַ ווײַלע אָפּגעוואַרט.

—ווי ביסטו, נאַריש מיידל! האָב קיין מורא נישט! איך איך וועל דיר נישט אויפעסן אין גאַנצן, איך וויל בלויז פאַרזוכן אַ קליין שטיקל.

ס'ברעכט אויס אַ היסטערישער געלעכטער. דער מענטשן-פרעסער האָט זיך אָפּגעקלאַפּט אין דיוואַן און זיך תיכף אַ כאַפּ געטון אָן דעם, וואָס ס'איז אים אונטערגעקומען אונטערן האַנט.

—ווער איז עס? זשאַקלינע?... ניין? איז עס, הייסט עס סיוז. נישט שלעכט! דאָ בלייב איך טאַקע!

—מאַקס, אַלטער, דו מאַכסט אויף מיר, לגמרי קיין שום איינדרוק נישט!...

—אָבער ווו איז פּאָרט אהינגעקומען יענע פלומרשטע צנועה? זי האָט זיך אפּגעטראָגן און קיינער האָט עס גאָרנישט באַמערקט. אַ גרויסער שאָד! איך האָב איר גערן געוואָלט ארייסודן אַ פּאָר ווערטער...

—גענוג אייך וואָרטשען, קומט בעסער אַהער, מיין קליי-נער מאַקס,—האָט אים געעצהט מאַדאַם אויברוק.—אויפמערק אַם! אַז איך וועל אַ פּאַטש טאָן מיט די הענט, דאַרף פאַרקומען דער אַלגעמיינער אויסטויש מיט די פּאַרטנערן, איר פאַרשטייט צו נישט?

ספּי האָט אַ ציטער געטון, דערקענענדיק די שטים פון איר אָפּגאָט. אַלע האָבן מיט ענטוזיאַזם אָנגענומען דעם פאָרשלאַג, בלויז דער עקראַן-מאַגנאַט איז געבליבן אומצופרידן און האָט עפּעס געמורמלט צווישן די ציין מיט זיין רומענישן אַקצענט:

—מיטן באַדינג, אַז מיר זאָלן נישט פאַרלירן צו פיל צייט אויפן זוכן... די פינגסטערנ‏יש האָט אירע גוטע און שלעכטע זייטן.

—פּונקט ווי דו.

—חכם, מיינער!

—מען וועט דיר ארויספירן אויפן דרך-הישר, מיין טייערער!

— רויק!!

געמ'שט מיט זיפצן,—האָט זיך דאָס לאַכן געצויגן לאַנג,

לאַנג, אָבער אָפּגעשוואַכט..

פלוצלינג אַ סיגנאַל...

—צום טייוול! נישט אין דער צייט...—האָט זיך דער־הערט דאָס קאָנטער־אַלטא פון סיוז קאלא.—איך גיי אין געווער אַז דעמדאָזיקן קונץ האָט אונז אָפּגעטון דער סריס ארו!

—דער סריס! לאָמיר זען!

אַ גערויש פון שטאָפן, קלאַנגען פון קושן, שאַרפע פּראָ־טעסט־אויסרופן... זוי אין האַליצונאַציע, האָט דאָס ספּי אַלץ באַ־מערקט; דאָס האַרץ האָט איר געהאַקט, ווי מיט האַמערס. די מינוטן האָבן זיך געצויגן, האָבן איר געהאַלטן פעסט, זי האָט זיך געשפּירט ווי אָפּגעגאָסן מיט קאָכעדיקע סמאָלע... ווי אַזוי קריגט מען זיך פון דאָרטן ארויס?...

זי האָט מורא געהאַט זיך אַ ריר צו טאָן. מען זאָל איר חידער נישט באַמערקן. ביים דאָזיקן געדאַנק, האָט זי געציטערט, ווי אַ פיש...

ס'האָבן זיך דערהערט טריט. אט דאָ, איז זי. פון האָט איר געפינען! זי האָט זיך צונויפגעדריקט! צוגערוקט אין גאַנצן צום וואַנט, זיך טרייסלנדיק פון שרעק. פלוצלינג איז געוואָרן ליכטיק. ס'האָבן זיך דערהערט שטילע פּראָטעסטן..

—אוי ניין, מען דאַרף נישט!

—אך! אין גאַנצן איבערגעפירט!

—ווער איז עס דערדאָזיקער שוטה!...

—עס איז געווען סיוז קאלא, וואָס איז געשטאַנען ביים דיוואַן, זיך וועלנדיק אָריענטירן... זי האָט אָנגעהויבן מאַכן דעם עולם שטאַרק פאַרוואָרפן.

—איצט פאַרשטיי איך פאַר וואָס מאַקס האָט מיר גע־לאָזט שוויצן! אָ! יאַ, ער לאַנגווייליקט זיך נישט, ער גיט זיך אַן עצה! דערדאָזיקער סאנד וויטש!...

א דאַנק דערדאָזיקער באַמערקונג האָט זיך ספּי אריענטירט אין דעם בערגל קערפּערס. דער מענטשן־פּרעסער איז געלעגן אין מיטן צווישן מאַדאַם אויבערוק אין דעם באַראָן דע מאַרע. סיוז קאלע, האָט פון זיי תּוך געמאַכט, געהאַקט ווי עס האָט

זיך געלאָזן אין געשריגן צו איר פריינדין זשאַקלינע:

—דו אמוזירסט זיך, זשאַקלינע!

ארו געלדער, און גאַנצן אַ נאַקעטער, איז געווען פאַרנומען מיט זשאַקלינען, וואָס פאַרדעקענדיק מיט די הענט די אויגן— האָט זי קאָנוווּלסיוו געכריפעט. די קערפּערס אויפן זאפע האָבן זיך געדרייט ווי ווערם אין אַ וואַזע.

בלייבנדיק אומבאַמערקט, האָט ספּי אויסגענוצט דעם מאָמענט פון זייער ווילדער אויפרעגונג און מיט איין שפּרונג אַיז זי געווען ביים טיר. זי איז אַריינגעלאָפן אין איר צימער. פאַרשלאָסן צוויי מאָל די טיר און זיך פאַרבאַריקאַדירט מיט אַ שראַנק, פלוצלינג האָט זי דערשפּירט אַ רעאַקציע, און ס'האָבן זיך איר אונטערגעבויגן די פיס, זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן בעט, אַרומגעכאַפּט מיט די הענט דעם קאָפּ און קאָנוווּלסיוו זיך צעוויינט.

### 1

דאָס וואָס ס'טויג נישט פאַרן בינען־שוואַרעם, —
טויג נישט פאַר דער איינצעלנער בין.
מאַרק אוירעלי

מאַדאַם אויברוק האָט ליב געהאַט זיך אַרומצוריינגלען מיט פריילעכע פּנימער און אויסשליסלעך מיט דעם, וואָס האָט איר געקענט אַמוזירן אין איר טומלדיקן לעבן. זי האָט זיך נישט שטאַרק מצער געווען, בעת ספּי האָט איר געמאָלדן, אַז זי שפּירט זיך נישט אינגאַנצן געזונט און וויל זיך דעריבער אומקערן צו די עלטערן.

דאָס געזעגענען זיך איז צוגעגאַנגען גאַנץ קאַלט און ספּי איז אַוועק אַהיים.

די מוטער און דער ברודער האָבן זי מקבל פּנים געווען זייער טרוקן. אין האַרצן איז אָבער מאַדאַם אָרעלי געווען צופרידן, ווייל זי האָט שטאַרק געצווייפלט, צי עס וועט איר געלונגען אויך ווייטער אַרויסצורייסן ביי ספּין יעדן חודש אַ טייל פון איר געהאַלט. ס'פאַרשטייט זיך, אַז קיין שום טאָג-אַרבעטער האָט די מוטער אויף איר אָרט נישט צוגענומען, און ספּי, נעמענדיק זיך צוריק צו איר אַרבעט האָט פּשוט פאַר-קלענערט די לאַסט, וואָס איז אינגאַנצן געפאַלן אויפן ברודערס פּלייצעס.

נישט געקוקט אויף דער וואַרעמער באַציונג פון פּאָטער, וואָס איז באמת געווען גליקלעך מיט איר צוריקקומען האָט זיך ספי, אַרויפוואַרפנדיק אויף זיך צוריק די פויערישע קליידער, נישט געשפירט אַזוי גוט ווי פריער. די אַרבעטס-וואָך, די שווערע ערד-אַרבעט האָט איר אָבער איצט אַ סך בעסער געשמעקט, ווי דער זונטיק מיטן יום-טובדיקן באַל.

זי האָט געאַרבעט, אָבער אָן חשק. איר אינערלעכע צופרידנקייט, איר רויִקייט, איר גלויבן אין לעבן—אַלץ איז אַוועקגעפלויגן צוזאַמען מיט אירע אילוזיעס. נאָך דעם אַלעם איז זי געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז אונטער יעדער אַנגענעמער אויסערלעכקייט, באַהאַלט זיך אַן אינערלעכע צעפּוילטקייט, אַ ווידערלעכער גערוך, וואָס וואַרט אויף דער ערשטער מעגלעכקייט זיך צו פאַרשפּרייטן!

צי דען איז זי און איר פּעטער, ‚באמת אויסנאַמען — און שוטים?... ווי איינזאַם האָט זי זיך דאָ געשפירט, בעת דער פּעטער איז געווען ווייט פון שאַטאָ-רוזש? זי האָט איצט אויף יעדערן געקוקט מיט גרויס אומצוטרוי, זוכנדיק אונטער יעדער מאַסקע די אמתע שטריכן פון זיין געזיכט.

זינט זי איז צוריקגעקומען, זענען קאָנסטאַנטין און פראַנסואַ געוואָרן מיט איר אַ סך נענטער, זיך באַצויגן מיט מער אויפמערקזאַמקייט. נאָר אויב אפילו דערזעענדיק פראַנסואַן האָט איר האַרץ און איר געפיל אָנגעהויבן רעדן-האָט אָבער זיין קלענסטע באַרירונג אַרויסגערופן פאַר אירע אויגן די עקלהאַפטע סצענע אין אַראַנזשע. העפטיק פלעגט זי אָפּשטויסן דעם פישער און אָן שום דערקלערונגען אים איבערלאָזן.

דאָס, וואָס ס׳האָט איר פריער אויסגעזען אַזוי פשוט: דאָס פאָרקען פון די טויבן-פאָרלעך, דאָס מיאַקען פון דער קאַץ אויפן גאַס, דאָס מוקען פון דער קו בעת מ׳פירט איר צום אָקס—דאָס אַלץ האָט איר איצט אָנגעפילט מיט שרעק, דערמאָנענדיק איר אָן די באַוועגונגען פון יענע מענטשן אויף דער סאָפע... די חיות האָבן זיך ווייניקסטנס, אונטערגעוואָרפן די געזעצן, וואָס זענען שטאַרקער פון זיי. דאָס זענען פשוטע רעפּראָדוקציע-מאַשי-

נען, אָבער אויף וויפ זי האָט אַנערקענט דאָס רעכט פון די מענטשן צו ברענגען אויף דער וועלט קינדער לויטן אייגענעם ווילן—אויף אַזוי פיל האָט אין איר אַרויסגערופן אַן עקל די־דאָזיקע אומפּרוטכבאַרקייט אין זנות. אַזאַ זאומווירדיק פאַר־געסן אָן זיך אַליין, דאָס איז גוט געווען בלויז פאַר אַזעלכע, וואָס שלעפּן, אָן אַ שום ציל, די שמוציקע שמאַטעס פון זיי־ער קערפּער. זי אָבער וואָס דער טייערער פעטער האָט איר געלערנט צו קולטיווירן „דאָסוואָס ס'שטאַרבט קיינמאָל נישט", ניין, בשום אופן וועט זי נישט זיין אימשטאַנד מוחל צו זיין די דאָזיקע שמוציקע סצענע. צוליב דעמדאָזיקן ספּעקטאַקל האָט זי פיינד געקריגן די ליבע.

אומבאַמערקבאַר פאַר זיך אַליין איז זי איצט געווען מער געניייגט צו קאָנסטאַנטינען, וואָס האָט זיך אָנשטענדיקער גע־האַלטן, ווי צו פראַנסואַן. דער מעכאַניק, אַנציקט פון דעמדאָ־זיקן שנוי, האָט ווידער אָנגעהויבן צו בויען זיינע צוקונפטס-פּלע־נער—זיינע כוונות זענען געווען ערנסטע און פעסטע—מיט איין וואָרט האָט אָבער ספּי חרוב געמאַכט דעמדאָזיקן קאָמפּליצירטן בנין...

—לאָמיר בלייבן חברים, טענטען!..

אייפערזיכטיק איינער אויפן צווייטן האָט ער מיט פראַנ־סואַן אויפגעהערט אינגאַנצן צו רעדן.

דער פאַרהאַרטעוועטער שטאָל פון זייער פריינדשאַפט האָט זיך איינגעבראָכן אונטער אַ שטרויעלע פון תאווה. טרעפנדיק זיך, האָבן זיי געקוקט איינער אויפן אַנדערן, ווי צוויי צע־רייצטע הענער.

אין אַן אָוונט, אַרויסגייענדיק פון קינאָ, וווהין ער האָט באַגלייט זיין שוועסטער, האָט לואי, וועלנדיק פאַרברענגען עט־לעכע שעה מיט ראָזען, וואָס דער פישער האָט איר געלאָזן לויפן—אָנגעטרויט ספּין קאָנסטאַנטינען און געבעטן איר אָפּפירן אַהיים קיין אָליוועט.

—איך בין שוין גענוג אויסגעוואַקסן און קאָן אַליין אַהיים גיין!..

אָבער מירא האָבנדיק פאר א קונץ-שטיק פון פראַנסואַן, האָט זי ענדלעך איינגעוויליקט:

—מיט איין באַדינג, טענטען—האָט זי איינגערוימט דעם פאַרליבטן א סוד אין אויער, בעת לואי איז אַוועק—אַז דו זאָלסט מיר נישט דערעסן מיט דיינע נאַרישקייטן.

נישט אויפהייבנדיק אפילו דעם קאָפּ צום הימל, וואָס האָט זיך געבלויט מיט א מילכיקער זיסקייט—זענען זיי זיך געגאַנגען—זי א פאַרטראַכטע, און ער אַן אָנגעבלאָזענער—פּלוצלינג, בעת זיי זענען אַריין אין פעראָ-וואַלד—האָט זיי אָנגעיאָגט א וועלאָסיפּעד. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט, און דערזעען פראַנסואַן. דער פישער איז אַראָפּגעשפּרונגען און געגאַנגען לעבן קאָנסטאַנטינען.

—דו, ס'איז נישט אַזוי שיין אַוועקצוּוואַרפן אַן אַלטן פריינד!

—דו ביזט געווען דער ערשטער!—האָט קאָנסטאַנטין א ברום געטאָן—איצט גיי זוך זיי!

—איך שפּיי אויף זיי!.. איצט וועל איך אייךביידן באַגלייטן, אָט וואָס....

—אויב איך וועל וועלן

—אויף דיין באַפעל? זינט ווען ביסטו עס געוואָרן אַזאַ גרויסער פּריץ?

—פראַנסואַ!—האָט ספּי א זאָג געטאָן מיט א פאָרוואורף...

אָבער קאָנסטאַנטין, אויסער זיך פון כעס האָט אויפגעהויבן די פויסט:

—מיר דאַרפן דיך נישט האָבן! טראָג זיך די מינוט אָפּ פון דאַנען!

—אַזוי ווילסטו! דווקא נישט!

קאָנסטאַנטין האָט דערלאַנגט פראַנסואַן אַזאַ שטאַרקן קלאַפּ מיטן קאָפּ אין ברוסט, אַז יענער האָט זיך א וואַקל געטאָן און אַריסגעלאָזט פון די הענט דעם וועליסאָפּעד.

—טענטען! לאָז אים אָפּ.., איר זענט פון זינען אַראָפּ!

דער פישער, א צעקאָכטער איז אויפגעשפּרונגען און דער-

לאַנגט דעם קעגנער מיט זיין מעסער. קאָנסטאַנטין איז געפאַלן אויף דער ערד.

גלייכצייטיק מיט ספּין האָט זיך פראַנסוא אַן אויסגעניכטערטער, אַ בלייכער, אַריבערגעבויגן איבערן אויסגעצויגענעם קערפּער, אַראָפּלאָזנדיק זיך אויף די קני, האָט ער אים באַטראַכט, בעת ספּי, פונאַנדערעפנדיק דאָס פאַרבלוטיקטע העמד, האָט זיך געבעטן,

—טענטען! עפן די אויגן!.. דו הערסט מיך?

פראַנסוא, בעטנדיק ער זאָל אים מוחל זיין, האָט צעריסן זיין נאָזטיכל און פאַרטאַמעוועט די ווונד...

זי האָט גלייך אויפגעהערט צו בלוטיקן. דער פאַרוווּנדעטער איז תיכף געקומען צו זיך...

נאָך אַ לאַנגער סדרה פון דערקלערונגען און חרטה-אויסדריקן, האָט קאָנסטאַנטין גרויסמוטיק צוגעזאָגט צו פאַרשווייגן די גאַנצע אַוואַנטורע.

געענדיקט האָט זיך עס דערמיט, וואָס זיי זענען אַלע דריי טרויעריק אַוועק צו קאָנסטאַנטינען. ספּי האָט אים באַנדאַזשירט די ווונד און געפאָדערט פון פראַנסואַן ער זאָל איר נישט באַגלייטן, זי וויל גיין אַהיים אַליין.

דידאָזיקע עמאָציעס האָבן איר ענדלעך געבראַכט דערצו, אַז זי האָט פּיינד געקריגן די געפילן, וואָס האָבן קעגן איר ווילן, צוגעפירט איר געדאַנק דורך די אַלע אַקטן, צו יענעם קרייץ-וועג: מ׳וויל איר באַזיצן.

אויב אַזוי, טאָ וואָס שטעלט זי מיט זיך פאָר אין צענטער פון דידאָזיקע געלוסטן? אַ ווילדע חיה, נאָך וועלכער מ׳יאָגט זיך... וואָס ווערט פאַרפאָלגט אין אַ ווילדער יאגד... די דאָזיקע אַלע פרויען און דידאָזיקע אַלע מענער, וואָס קלערן נישט וועגן, קיין שום אַנדערע זאַך, ווי וועגן דעם.

דידאָזיקע מאַניע, וואָס דערגייט ביזן שגעון פון מאָרפּליישן ועלבסטמאָרד אָדער ביז צו דער ווילדקייט פון מאָרד—האָט אויף איר אָנגעוואָרפן אַ שרעק. אין משך פון אַ לאַנגער צייט וועט זי מיט פאַרגעניגן אויסמיידן אי קאָנסטאַנטינען, אי פראַנ-

סוף און אפילו אירע שול-פריינדינס !—אויב דאָס איז ס'לעבן!
דער איינציקער מענטש, וואָס האָט איר געפעלט, וואָס זי האָט זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן, אַז ער זאָל שוין צוריקקומען, איז געווען איר פעטער. וואָס פאַר אַ מענגע נייעס זי האָט אים איבערצוגעבן, וויפל עצות זי דאַרף ביי אים פרעגן! זי האָט זיך געשפּירט, ווי אַ פאַרשטויסענע צווישן איר פיינדלעך געשטימטער מוטער און דעם ברוטאַלן ברודער.
פון פאָטער, וואָס פלעגט כסדר ערגעץ-ווו פאַרפאַלן ווערן און קומען אַהיים אַ טויט-שכור, האָט זי ווייניק וואָס געקאָנט דערוואַרטן, אויסער אַ הילפלאָזן שמייכל... עפּעס אַ מין ווילדער אומעט האָט זי גענאָגט.
איר צעטומלעניש איז איצט געוואַקסן צוזאַמען מיט איר אַבסטינענץ. ביסלעכווייז, וואָס מער זי האָט זיך דערווייטערט פון איר ווילן און אַראַנזשע, האָט זיך אויך אָנגעהויבן אָפּשוואַכן דער ווידערלעכער איינדרוק פון יענעם ספּעקטאַקל, וואָס האָט זי דעמאָלט אָנגעפילט מיט עקל.
בלעטערנדיק כסדר דידאָזיקע בילדער, האָבן זיי איר אָנגעהויבן אויסצוזען ווייניקער מיאוס. זי האָט נאָך נישט געקאָנט באַוווּסטזיניק מסכים זיין, אַז זי זעט נישט אין זיי קיין שלעכטס, אבער זי האָט זיי שוין מער נישט געיאָגט פון זיך מיט אַזאַ דעצידירנדיקער פעסטקייט...
כדי מער וועגן זיי נישט צו טראַכטן, האָט זי זיך געפּרוּווט צו פאַרטויבן, שטילן דעם פייער, וואָס האָט איר פאַרברענט, דעם פעטערס פילאָזאָפישע ביכער האָבן איר נישט געבראַכט קיין פאַרלייכטערונג.
דאָס זענען געווען ריינע פלואידן—צופיל אַבסטראַקטע — זיי זאָלן זי קאָנען מיטרייסן אין דידאָזיקע דעצידירנדיקע שטונדן פון וואַקסן...
ווי אַזוי אַנטלויפט מען פון דאָזיקן נסיון ?
וואָס מער זי האָט זיך וועגן דעם באַמיט, אַלץ שטאַרקער האָט'ס פאַרכאַפּט איר גאַנצן מהות.

די אָרגאַנען, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אין פאַרמירן, האָבן הויך געפאָדערט פאַר זיך אַרבעט.

דעמאָלט, גייענדיק מיט זייער נאַטירלעכן טריב, האָבן איר די געפילן חידער צוגעפירט צו יענעם, וואָס האָט זיי דער ערשטער ביי איר אויפגעוועקט. ס'האָט נישט געהאָלפן וואָס זי האָט געוווּסט, אַז ער איז לייכטזיניק, אַז ער איז ברוטאַל אין זיינע געפילן! חידער, ביים באַגעגענען זיך מיט אים, ביי קאָנטאַקטן, וואָס פּראַנסואַ האָט זיך כסדר געפּרוווּט צו פּראָוואָצירן—פלעגט איר נאָך העפטיקער, נאָך טיפער פאַרכאַפּן יענער חילדער געפיל... צי וועט זי זיין בכוח לענגער אויסצוהאַלטן?...

אָן אומזיכערקייט, ווי דאָס גוטע מיטן בייזן זענען געשטאַנען פנים אל פנים מיט זייערע ציטערנדיקע פלאַמען. איר ווילן איז מער נישט געווען אימשטאַנד זי צו שיצן אַקעגן דעם טריומפירנדן צוריקקומען פון יענע אָפּשייליכע דערינערונגען.

זי איז געוואָרן שטאַרק נערוועז. אומזיסט פלעגט איר מאַדאַם ארעלי, אנענדיק געוויסער מאָסן די סבה פון איר אויפגערעגטן צושטאַנד, יעדן טאָג באַגינען אַרויסשלעפּן פון בעט אירע אויגן זענען געווען אונטערגעשלאָגן, און האָבן צו שטאַרק געגלאַנצט...

—נאָר צולאָזענע מיידלעך, האָבן ליב זיך צו וואַלגערן אין בעט אַזוי ווי דו;... שטיי אויף, געשווינד!...

אויסנוצנדיק די אַנוועזנהייט פון ברודער, וואָס האָט איר יעצט געלאָזן אַ פרייען אַרבעטס-פעלד,—ווען נישט דער כלב סעבאַסטיאַן, וואָלט ספּיריטע געווען אַ פרומע!—איז זי אַוועק צום גלח.

—איר האָט פאַלש געהאַנדעלט—מיט די דאָזיקע ווערטער, האָט זי באַגעגנט דער אַבאַט בואַטעל, — וואָס איר האָט איר צוגענומען פון מיר נאָך דער ערשטער צערעמאָניע. אָן רעליגיעזע פּרינציפּן—גייט די נשמה צו גרונט. אויב אַזוי קום איך צו אייך מאָרגן נאָך פרישטיק, פאַרשטייט זיך גאַנץ צופעליק... איך אַעל זיך מיט איר זען און איך האָף, אַז מיט גאָטס הילף...

## 2

אַ פּשוטער, אַ פריילעכער, האָט דער גלח פון שאַטאָ־רוזש געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ גוטמוטיקן, נאָכגיביקן מענטשן, וואָס האָט הנאה פון לעבן.

לעבנדיק לאַנגע יאָרן צווישן די דרום־איינוווינער, האָט ער זיך צוגעפּאַסט צו זייערע מנהגים. אפילו די סאַמע אויסגעשפּראָכענע אַנטיקלעריקאַלן האָבן אים געאַכט פאַר זיין טאָלעראַנץ. ער האָט געהאַט קעגנער, אָבער נישט קיין שונאים.

ספּי און איר מוטער זיינען געזעסן אויף דער באַנק פאַר דער שטוב און געשיילט אַרבעס. מאַדאַם אָרעלי, באַמערקענדיק דורך ראַזמאַרין, פאַרקאָן דעם אַבאַטס מאַנטל, האָט זיך אַ שטעל געטאָן און פריינדלעך אים באַגריסט:

— גוט מאָרגן, פּאָטערל! איר מאַכט אַ שפּאַציר! שוין לאַנג אייך נישט געזען אין איר אונזערע מקומות.. אפשר וועט איר אונז מאַכן דעם פאַרגעניגן און אַריינגיין אויף אַ ווײַלע?

— דער גלח האָט אַ הויב געטאָן זיין הוט און געזאָגט:

— זייער גערן!

— איך אַנטלויף, — האָט געמאָלדן ספּי.

— בלייב, איך וועל דיך!

איבעראַשט, און נישט האָבנדיק קיין אָנונג, אַז מ׳שטעלט איר אונטער אַ פּיסל, האָט ספּי, נישט וועלענדיק זיין גראָב, העפליך געענטפערט אויף זיין גרוס. דער גלח, ד־האַלטנדיק, אַז זי איז ווייכער געוואָרן, האָט אָנגענומען אַן אויטאָריטעטן טאָן, און זיך געווענט צו איר אויף דו ווי אין דער צייט פון אירע קינדער-יאָרן:

—שוין גאַנץ לאַנג זע איך דיר נישט אין קירך! ס׳איז נישט גוט, מיידעלע. גאָט קערט זיך אָב פון זיינע אומדאַנקבאַרע באַשעפעניש.

און אַז זי האָט געשוויגן, האָט ער ווייטער גערעדט:

—ווינטיק וועט אַבאַט טאָראַנטען פון פּרעזשו, אַ מענטש מיט אַ זייער פיינעם כאַראַקטער, האַלטן אַ דרשה וועגן די „פאַרלאָזענע נשמות״. איך וואָלט זייער וועלן, דו זאָלסט אים הערן ס׳וועט דיך זיכער אינטערעסירן. וועסט זען.

—זי טוט דאָך תמיד דאָס, וואָס איר פאַלט איין אין קאָפּ, פּאַטערל, האָט אַ זיפץ געטאָן מאַדאַם אָרעלי! — קוקט זיך נאָר צו צו איר, ווי זי זעט אויס!

—ס׳איז אמת, דו זעסט טאַקע שלעכט אויס, מיין קינד. גלויב מיר. קום צוריק צו אונז, דו וועסט אונז שפּעטער דאַנקען...

ער האָט געהאַלטן איר שווייגן פאַר אַ גוטן סימן.

—ע! ע! מ׳האָט אָנגעזאַמלט אַ היפּשע ביסל חטאים פאַר דער צייט, וואָס מ׳איז נישט געקומען זיך מתודה זיין?

זי האָט אַ קוועטש געטאָן מיט די פּלייצעס:

—און ווער האָט זיי נישט?

—די וואָס קומען זיך מתודה זיין.

—ע! דער ווידוי—ס׳איז נישט מער ווי אַ בעזעם, וואָס רייניקט אָפּ אַן אָרט פאַר נייע חטאים.

דער אַבאַט בוטעל האָט אַ צעטראָגענער אַ הויב געטאָן די הענט צום הימל.

—ספּידיטע!—האָט בייז אויסגעשריגן די מאַדאַם אָרעלי.

זיך װענדענדיק צום גלח, האָט זי װידער אָנגעהױבן מיט
אַ האָניגזיסער שטים:
— פּאַטערל, אַזױ װי איר זענט שױן דאָ, דאַרפט איר
זיך טאַקע מיט איר דורכשמועסן, אַרױספירן איר אױפן דרך
הישר, גאָט אַלײן האָט אײַך הײנט אַהער געבראַכט... אפשר
װעט זי אײַך פאָלגן...
—אױב איר װעט עס נאָר װעלן, מײַן טײַערע...
ער האָט זיך פאַרבױגן און געװענדעט צו ספּין:
—איצט, אַז מיר זענען געבליבן אַלײן, קאָנען מיך זיך
דורכשמועסן גאַנץ אָפען, װי אַלטע גוטע פרײַנט.—ער האָט
זיך אַװעקגעזעצט אױף דער שטײנערנער באַנק, נישט װײַט פון
פאַרט.—װי אַלט ביסטו?
-איך ענדיק קורצלעך אַכצן יאָר.
-אַ דערװאַקסענע פרײַלין! װאָס האָט ליב צו פאַרברענ-
גען, אמת? אַ גאַנץ נאַטירלעכע זאַך, כאַפּן אַ טענצל?
—איך טאַנץ שױן מער בכלל נישט.
—דערנאָך דער קינאָ. װוּ מען זיצש זיך נעבן געליבטן?
זי האָט אונטערגעשמײכלט. ער האָט איר אַ קנופּ געטאָן
אין באַק.
—שעלמע! דו גײסט אָפּט אין קינאָ אַרײַן?
—איך האָב שױן נישט אַריבערגעטרעטן דעם שװעל פון
קינאָ גאַנצע דרײַ װאָכן—זי איז רױט געװאָרן—זינט פּראַנסוא האָט
אױפגעהױבן זײַן מעסער!...— איך האָב באַגלײט מײַן ברודער,
עס איז געגאַנגען אַ שײנע קאָמעדיע...
—איך װײס,—האָט געזאָגט דער גלח—מען האָט מיר איבער-
געגעבן, אַז דער גאַנצער עולם האָט אַקאָמפּאַנירט... װער איז עס
אַזױנס געװען?
—װאַלענטינע!
—אַך, יאָ, אמת!
ער האָט אױטאָמאַטיש אונטערגעפּרומט „זי האָט געהאַט
זײַער קלײנע בריסטן״... ער איז שטיל געבליבן, אַ פאַרדאַגע-
טער.

אַט וואָס עס לערנען מיך מייגע באַזוכערינס, שיינע
ניטן!
און נישט אויסמיידענדיק פונדעסטוועגן צו וואַרפן אַ בליק
אויף ספּיס יונגער ברוסט, האָט ער אַראָפּגעלאָזט די אויגן.
—לאָמיר זיך אומקערן צו אונזער געשפּרעך!... וואָס פּיי-
ניקט דיך אייגענטלעך? וואָס פעלט דיר?
זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, דערשפּירט פּלוצלינג,
אַז זי דאַרף זיך פאַרטיידיקן:
—עס פעלט מיר גאָרנישט.
ער האָט אָנגענומען אַן ערנסטע מינע.
—גאָט הערט דיך, מיין קינד, פאַרטרוי אים דיינע ליידן.
—איך האַלט פאַר איבעריק אים צו דערציילן... אויב ער
עקזיסטירט, קען ער זיי, און עקזיסטירט ער נישט...
דער פּריסטער, אַ צוקאָכטער, האָט מיט איין האַנט צו-
געדעקט זיין געזיכט און מיט דער צווייטער געמאַכט איר אַ
צייכן, אַז זי זאָל שווייגן:
—וואָס פאַראַ גאָט-לעסטערונג!
קיין שום ספק נישט: ער האָט זיך אָנגעשלאָגן אויף דעם
וואָס עס בעהאַלט זיך אונטער דערדאָזיקער חוצפּהדיקער אָפּנ-
האַרציקייט, דער אמתער שולדיקער אין אירע חטאים, דער אויטאָר
פון דערדאָזיקער באַקלאָגנס ווערטער דערציונג...
אַט ווהין עס פאַלט אַריין אַן אומשולדיקע נשמה זיך
באַהערגנדיק מיט דער תורה פון סעבאַסטיאַן כּאַקאָ!
די דאָזיקע צוויי פּענער פלעגן איינער דעם צווייטן גאַנץ
זעלטן גריסן, נישט געוועזן ביידע קיין סעקטאַנטן; יעדערער
פון זיי האָט אָבער געהאַלטן דעם אַנדערן פאַר אַ סעקטאַנט.
ביידע זיינען זיי געוועזן אויפּריכטיק, אָבער עס האָט געמאַכט
דעם איינדרוק, אַז נישט ווילנדיק ברענגען זיי איינער דעם
אַנדערן שאָדן...
דער פּריסטער האָט אונטערגעהוסט. דערמיט פלעגט ער
תמיד, ביי שווערע פאַלן, אויסדריקן זיין שטרענגע התראה אָדער
פאַרוואורף:

—עס איז אַ פּך ערנסטער, ווי איך האָב מיר פאָרגעשטעלט, מיין קינד... איר גייט אויף אַ געפערלעכן וועג, וואָס פירט בלויז צו פאַרברעכן און אומגליק!

ווידער האָט ער אָנגענומען אַ פאָטערלעכן טאָן:

—פאָלג נישט דיין פעטער! ווענד זיך צו גאָט!

—איך גלויב נישט אין אים!

דאַן האָט ער מיט התלהבות אויסגעשריגן:

—מען מוז גלויבן! דער שטאָלץ האָט פאַרבלענט אייך ביידן— דיך און דיין טויף-פאָטער,—יאָ, דער שטאָלץ, וואָס ברענגט דיך אום, וואָס דיך דערווייטערט פון דער אמונה און פון הייליקן טראָן! אָבער צוזאַמען מיטן יצר-הרע, גיט דיר גאָט די מיטלען קעגן אים צו קעמפן! דערהויב אים, דעמדראָזיקן שעדלעכן שטאָלץ אָנווייזנדיק אים אַ ציל, וואָס וועט אים הייליקן... דו מוזט איצט מאַכן דיזעלבע אָנשטרענגונג אויף אָנצוהויבן גלויבן, ווי דו האָסט עס געמאַכט בעת דו ביסט געוואָרן אַן אומגלויביקע, אַן אַפּיקורסטע... מען מוז לערנען ליב צו האָבן גאָט.

—איך וועל אים ליב קריגן, יאָ! ווען איך וועל איבקאָנען דאַלטן אין מיינע אָרעמס...

ער האָט אַ ציטער געטאָן, נישט געקאָנט אָפּכאַפּן דעם אָטעם.

—וואָס זאָגסטו?

אַ אויסגעמאַטערטע, האָט זי כמעט געשריגן:

—אַז די ליבע מאַכט מיך קראַנק! אָט וואָס ס'פּייניקט מיך.

זיין בליק האָט אויסגעדריקט נצחון, איצט הויבט זיך ווירקלעך אָן דער ווידוי.

—דו האָסט אַ געליבטן?

—עטלעכע.

—אָ! און וואָס טוסטו מיט זיי?

—גאָרנישט! באמת.... דער געדאַנק, אַז מען באַגייט זיך די חיות, רופט אַרויס ביי מיר אַן עקל...

דידאָזיקע קראַפט פון טעמפעראַמענט, פאַראייניקט מיט אַבסאָלוטער אויפריכטיקייט, האָט דעם אַבאַט בוטעל אַרויס-געפירט פון גלייכגעוויכט, דאָך האָט ער ווייטער גערעדט. דאָס מאָל מיט אַ טאָן פון אַ פריידיקער:

—איר פילט אַ אומגעהייערע באַדערפעניש צו ליבן, נאָר איר ווילט נישט נאָכטאָן די חיות? אויב אַזוי דו ליבסט יעזוסן אייער רעטער! די קירך, אין איר מיטגעפיל, פראָכאַנירט אייך דאָס העכסטע גליק אין דער פאָרם פון דער שענסטער ליבע! טראָגט איבער אייער ליבע אויף יעזוסן, און איר וועט דערשפירן אַן אמת פאַרשכורנדיקן עקסטאַז, ווייל ער איז גלייכצייטיק אָן שום זינד... מיט אייער אויסשליסלעכן כאַראַקטער, בין איך איבערצייגט מיין טייער קינד, טיף איבערצייגט, אַז איר וועט ווערן אַן הייליקע...

זי האָט אַ הויב געטאָן אויף אים אירע פאַרוווּנדערטע אויגן, און ער האָט פרום צוגעגעבן:

—די הייליקע, מיין קינד, זיי זיינען גאָטס געליבטע.

אונטערן איינדריק פון דער פעסטער איבערצייגונג, וואָס האָט באַגייסטערט דעם פריסטער, האָט זיך ספּי געשפירט וויניקער גענייגט צו קריטיקירן.

זי האָט פאַרלאָרן דעם חשק חוזק צו מאַכן... ווער ווייס, אפשר ווירקליך איז פאַראַן מעגלעכקייט ביים פוסבענקל פון אַלטאַר צו געפינען אַ פאַרלייכטערונג? אומקלאָרע דערינערונגען זענען אויפגעשטיגן אין איר זכרון... די ליכט וואָס האָבן געלויכטן מיט זייער פייער אין שאָטן פון דער אַלטינקער קירך... די ווייבער אויף די קני פאַרן קרייץ, וואָס זיין געשטעל איז געווען באַוואַקסן מיט בלומען... דער האַרמאָנישער געזאַנג, וואָס גיסט זיך צונויף מיטן דורכדרינגענדיקן גערוך פון בשמים און קטורת... ער האָט דערשפירט, אַז די שלאַכט איז האַלב געוווּנען.

—איך זע, אַז דו האָסט מיך פאַרשטאַנען—האָט ער אַ זאָג געטון מיט אַ שמייכל.—דער געדאַנק אומצוקערן אַ פאַרבלאָנ-

דושעט שעפּסעלע אין שויס פון דער קירך, איז געווען זיס פּונקט ווי דאָס פאַרגעניגן זי אַרויסצורייסן פון די הענט פון שלעכטן פּאַסטוך. כּדי צו פאַרזיכערן דעם זיג, איז איצט גע־בליבן בלויז איין זאַך, אָנצווענדן די טאַקטיק, מיט וועלכער מען באַנוצט זיך געוויינלעך בעת מען האָט אַן עסק מיט אַ קעגנער וואָס איז לכתחלה געניגט צו ווערן באַזיגט,—און וואָס ער האָט איר געהאַלטן פאַר אומפעלבאַר: עס הייסט די תּפילה. די דאָזיקע רייניגונגס־מיטלען פון קירכלעכן קאָדעקס ווערן פאַראָרדענט פאַר אַלעמען אָן אויסנאַם. אומגליגלעכע און קראַנקע, אַלט און יונג, אָרעם און רייך. אַ מין מאַסן־רפואה, וואָס ווערט פאָרגעשריבן אין אַ קלענערער אָדער גרעסערער דאזע לויטן צושטאַנד פון זי קראַנקע...

פּעסט איבערצייגט, אַז ער האַלט שוין מיט איר אויף אַ דרך, האָט ער איר פאַראָרדנט אַ געוויסע דאזע:

—יעדן אָוונט פאַרן שלאָף וועסטו אָפּזאָגן צוויי „פּאַטער אונזערס" און צוויי „אווע—מאַריעס". דעם צווייטן זונטיק וואַרט איך אויף דיר אין קירך, צו דער מעסע. איך בין זיכער, אַז יעזוס וועט דיך אויסהערן. און איצט פרידן אויף דיין קאָפּ!

ער איז אויפגעשטאַנען אַ שטאַרק צופרידענער. געבבדיק עטלעכע עצות דער מאַדאַם אָרעלי, וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אויבן שוועל און האָט אַלץ אויסגעהערט, האָט ער זיך מיט זיי אָפּגעזעגנט, אַ גליקלעכער, וואָס דער צופאַל האָט אים היינט געבראַכט קיין אָליוועט.

## 3

ספּיס שטאַרקע ווילנסקראַפט בעסער צו באַגרייפן דעם זין פון די באַדערפעניש, פון די לעבנס-אַספּיראַציעס, ד׳האָט נישט געהאַט קיין גרענעץ. זי האָט גערן אויפגענומען אַלע סוגעסטיעס, האָט אָבער גלייכצייטיק געהאַט דעם כוח צו עלימינירן דאָס, וואָס איר געזונטער פאַרשטאַנד, איר לאָגיק, האָט נישט געקאָנט אַריבערטראָגן. אַלס באַוויז האָט געקאָנט דינען איר האַלטונג אין אָראַנזשע.

פאַקטיש האָט זי נישט געגלויבט אין גן-עדן נישט אין גיהנם. נאָר אויב גאָט מיט זיינע אַקסעסוארן (קלאַפּערגעצייג) האָט לגמרי גאָרנישט גערעדט צו איר גייסט—האָט אָבער דער ענין מכוח דער פאַרקערפּערונג פון גאָט-מענטש, אָנגענומען פאַר איר אינגאַנצן אַן אַנדערע ווענדונג! פאַרשטייט זיך, אַז נישט גענוג קלאָר עס איינצווויקלען אין אַ מיסטעריע, אָבער צייטלעך גענוג כדי אים צוצוגעבן די פאָרם פון אירע פאַנטאַזיעס... דער אַבאַט בואַטעל האָט געוווּסט וואָס ער טוט, פאָרשלאָגנדיק דער דאָזיקער פייערדיקער איינבילדונגס-קראַפט דעם אַבסטראַקטן, פאַרשכורנדיקן מיטל פון מיסטישער ליבע. קריסטוס איז געווען די אָנלאָקונג, וואָס ד׳האָט געצויגן צום אַלטאַר.

אין דעם זעלבן אָוונט, ווענדיק אויפריכטיק מאַכן דעם

עקספּערימענט, איז זי געפאַלן אויף די קני, געפּראָוועט זיך דער־מאָנען די תּפילה פון אירע קינדער־יאָרן — אָנשטאָט זי אָבער צו באַפליגלען, אויפצוהייבן אין דער הויך, האָבן זי די דאָזי־קע ווערטער גלייך געשלעפּט צו דער ערד מיט אַן אומגעהייערער שווערקייט.

—אונזער טאַטע אין הימל...—זי האָט זיך געוואָלט דער־מאָנען, וואָס עס קומט ווייטער.

אַלץ אַרום האָט געשטערט און צוגעצויגן איר אויפמערק־זאַמקייט: אַ זומערפייגעלע, וואָס איז אַריינגעפלויגן און האָט געטאַנצט אויף די שויבן, אַ שפּאַלט אין סופיט, וואָס זי האָט עס ערשט איצט צום ערשטן מאָל באַמערקט...

„פאַרהייליקט זאָל זיין דיין נאָמען"... „אַז... אַז דיין קי־ניגרייך זאָל אַראָפּנידערן אויף דער ערד, ווי אויפן הימל"... און וואָס קומט דערנאָך? לאָמיר זיך דערמאָנען וואָס?... זי האָט זיך צוגעהערט צום קלאַפּן פון וואַנט־זייגער, כדי זיך צו קאָנצענטרירן... אָט איז מיין פינגערהוט, וואָס האָט זיך פאַר־קייקלט אונטערן שטול:... „אַז דיין קיניגרייך זאָל קומען אויף דער ערד ווי אויף דעם הימל"... אָבער וואָס איז עס אַזוינס, קודם כל, דאָס וואָס איך פּלאַפּל נאָך?... אַז דיין קיניגרייך זאָל קומען... אויב אַזוי הייסט, וואָס איז דער פויבסט, טינוף, אַ שמאַטע?

זי האָט איבערגעחזרט, סקאַנדירנדיק, כּדי זיך דורכצו־דרינגען מיט דער באַדייטונג:

—„פאָטער אונזערער אין הימל, דיין נאָמען זאָל זיין גע־הייליקט...—ער איז עס שוין דורות לאַנג! און אויב ער איז עס נישט, וועל איך שוין דאָ קיין גרויסע זיבן זאַכן נישט אויפטאָן!—„גיב אונז היינט אונזער טעגלעך ברויט... יאָ? איך גיי אין געוועט, אַז אויב עמעצער זאָל זיך נאָך דער תּפילה־אויסקוועטשן וואַרטן אויפן דאָזיקן ברויט, וועט ער זיכער אויס־גיין פון הונגער... נאָר שוטים און ליידיקגייער בעטן אויף אַזאַ אופן נדבות... דערצו איז עס מיר שוין מיאוס... צוגעגעסן..ן

זי האָט אנגעהויבן אָן אוֹיס מאַריע.

—„הייליקע מאַריע, גאָטס מוטער, בעט פאַר אונז, ע...
רשעים... אָן אומזין! אומדערהערט! אַלץ דורך פאַרמיטלער, דורך מעקלערס!

זי איז אויפגעשפרונגען:

—ניין, איך ווייס נישט פאַרוואָס, אָבער עס איז נישט פאַר מיר, איך האָב דערצו קיין הארץ נישט!

אָבער דאָך, זיך אויסטועֶנדיק, האָט זי געטראַכט וועגן געטלעכן בילד, האָט געזען יעזוסן, אַ בלייכן, אַ שיינעם אויפן קרייץ, אַזעלכן ווי אין האַלב-טונקל פון די קירכן.

פלוצלינג איז איר אַרויף אויפן זינען דעם פריסטעס פראַזע:

„די הייליקע זענען די געליבטע פון גאָט".

און אויסלעשנדיק דאָס ליכט, איז זי איינגעשלאָפן מור-מלענדיק צו דער ליבע, וואָס האָט אין דעם אָוונט געטראָגן דעם נאָמען „יעזוס" אַלע הייסע פאַרלאַנגען, וואָס האָבן אָנ-געפילט איר האַרץ.

אויפכאַפּנדיק זיך אַ צעבראָכענע, אָן אַנטוישטע, האָט זי נאָך דער מוטערס שטילן בליק פאַרשטאַנען, אַז זי איז געוואָרן דער אָביעקט פון אַ פאַנאַטישן שאַנטאַזש און גלייך אָנגעשריבן דעם פעטער, ער זאָל איר געבן אָן עצה וואָס צו טאָן. אין דריי טעג אַרום האָט זי באַקומען פון אים אַן ענטפער:

—סאַ-ראָק, דאָנערשטיק.

פאַרליר נישט דיין צייט אויף דער קירך. דו ביסט מער ווערט ווי דאָס. איך פאַרוועֶר דיר זיך מתודה צו זיין פאַר ווע-מען נישט איז אויסער פאַר זיך אַליין.

דאָס געהייליקטע וואַסער וואַשט קיין זאַך נישט אָפּ. קיין מענטש קאָן נישט אַפילו מיט דער הילף פון כל המינים תפלות, אויפטאָן מער ווי דאָס, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן מיט זיינע מעשים, מיט זיין גוטן ווילן. אונזערע האַנדלונגען שפינען די פעדעם, פון וועלכע עס שאַפט זיך אונזער לעבן. קוק זיך צו, וואָס פאַר אַ אומגעהייערע אָנשטרענגונגען עס קאָסט דאָס

אויסבעסערן דעם קלענסטן פעלער פון דער נאַטור. פאַר וואָס־זשע זאָלן אונזערע פעלער, אַ סך ערנסטע, ווייל זיי זענען געמאַכט געוואָרן באַוווסטזיניק, אַנולירט ווערן דורכן חסד פון גאָט? די גאַנצע פּראָצעדור פון דער אַבסאָלוציע, פון מוחל זיין די הטאים, דורכן מתודה זיין זיך פאַרן גלח, איז נישט מער ווי אַ פּאַסטקע פאַרן שוטים, וואָס גלויבן לכל דבר. וואָס עס רעגט מיך אויף אַמייסטן, איז דער פאַקט, וואָס ס׳רוב פון די דאָזיקע נשמה־פאַרזאָרגער גופא ווייסן עס אַליין זייער גוט, און דאָך האַלטן זיי אין איין ציען פאַר זיך נוצן פון דער דאָזיקער אילוזיע, כדי נישט ארויסצולאָזן פון זייערע הענט די מאַכט...׳ גאַנץ ווייניק זענען פאַראַן אַזעלכע ווי דער אַבאַט בואַטעל, וואָס זענען באמת אויסן דאָס גליק פון די מתודים.

דער קאַטאָליציזם, ווי איך האָב עס דיר שוין נישט איין מאָל דערקלערט, איז נישט קיין רעליגיע, נאָר אַ געצנדינערײ. אין משך פון דער צייט האָט זיך די קריסטלעכע געמיינדע פאַרוואַנדלט אין אַ געמיינשאַפט, ווו דער שטאַרקער עקספּלאָאַטירט דעם שוואַכן, אַ מיטל צו הערשן, וואָס ווערט פאַרשטאַרקט דורך מאָנען די שטייערן.

זיי ווייסן, מיין קינד, אַז דאָס אייביקע לעבן ווערט נישט פאַרקויפט פאַר תפלות אין קמיעות. דאָס ווערט דערגרייכט בלויז דורך פערזענלעכע שווערע קרבנות... טריומפירן וועט אַ נייע רעליגיע, וואָס אירע אָנהענגער וועלן זיך נישט נויטיקן אין קיין פאַרמיטלער.

די ענגהאַרציקייט און דער עגאָאיזם פון דער איצטיקער יוגנט, וואָס איז דורך דער אַטמאָספער פון דער וועלט־מלחמה געוואָרן אַ מומיע — מוז סוף כל סוף פאַרשווונדן. אַ מענגע יונגע נשמות וואַרטן אויף איר אומגעדולדיק — וואַרטן אויף דעם דאָזיקן קולט אָן פריסטערס, צו וועלכן זיי באַקענען זיך אין דער שטיל, אין דער טיפעניש פון זייער האַרץ. די דאָזיקע נשמות דורשטן נאָך איר!

זיי ווילן באַגרייפן דעם זין פון לעבן און פון טויט, כדי

זיך צו באַפרייען פון שווערן שלייער, וואָס ווייקלט אונז אַרום
און צווינגט אונז צו שטרויכלען אין אונזערע זוכענישן. דו,
מיין ספּיריטאַ, געהערסט צו דער דאָזיקער גענעראַציע, וואָס
קומט צום באַוווּסטזיין, און טרייסלט זיך אָפּ פון די פּאַראור-
טיילן פון אונזער איינגעטרוקנטער ציוויליזאַציע ווי די זומער-
פייגעלעך פון איר טויטער קאָקאָן-הייטל... יאָ, דאָס געוויסן און
די אינדיווידועלע פאַראַנטוואָרטלעכקייט!.. דאָס איז די רעליגיע
פון די עכטע גלויביקע, דאָס מענטשלעכע און איבערמענטשלעכע
געזעץ פאַר אונזערע האַנדלונגען.
וואָס שייך דער תּפילה, מיין קינד, בין איך נישט קעגן
איר. זי דאַרף אָבער נישט ווערן קיין וואַש-שוואָם: „מיינע
חטאים זענען אָפּגעווישט! איך הייב ווידער אָן פון דאָס ניי".
זי מוז, קודם כּל, וועקן דעם ווילן און דאַרף אַרויסגיין פון
גאַנצן מענטשלעכן מהות מיט אירע אומפּראָוויזירטע ווערטער
ווי אַן אומהידערשטיילעכער רוף צו אַ העכערן לעבן-אַרבעט,
לייען, דערציִ זיך. שטעל זיך צופרידן יעדן טאָג מיט אַ ביסעלע,
אָבער דאָס ביסעלע מוז געמאַכט ווערן פּינקטלעך יעדן טאָג.
הויפּטזעכליך. נעם זיך דערווייל צוריק צום ספּאָרט: דו באַ-
קומסט אַ מעגלעכקייט צו באַפרידיקן דיינע באַדערפענישן, פאַר-
ברויכנדיק דיינע קרעפטן.
און אַט נאָך וואָס. אַז דו וועסט זען דעם גוטן גלח
פאַרגעס נישט אים צו דערמאָנען ניטשעס ווערטעל: „אויף
דער וועלט איז פאַראַן אַזוי ווייניק ליבע און גוטסקייט, אַז
עס איז אַשאָד זיי אָפּצוגעבן אויסגעטראַכטע באַשעפענישן" גיב
אָפּ קריכטוסן — דעם וווּנדערבאַרן מענטשן — די געהעריקע אַכטונג
אַזוי ווי אים קומט. אָבער לאָז זיך נישט, דורכן זון, אַוועק-
כלעפּן צום פאָטער און צום הייליקן גייסט! גאָט — דאָס איז
אונזער באַדערפעניש צו האָפן און צו ליבן. אַן אידעאַל... ער
איז , שטאָ אין ערגעץ אויסער אין אונז גופא.
איך באַדויער זייער, מיין קינד, וואָס נאָך גאַנצע צוויי-

חדשים וועל איך מוזן זיין ווייט פון שטאָ־רוזש! שרייב
עפטער.

דיין אַלטער פעטער

איצט איז דער וועג פאַר איר געווען אַ קלאָרער: נעמען זיך אין די הענט, זיך ראַטעווען אַליין. מיט דער הילף פון אויסדויער.

פון דעם מאָמענט האָט זי זיך אָנגעהויבן געוווינען צו טראַכטן בלויז וועגן דער צוקונפט, בעת זי האָט זיך געוואַקלט, פלעגט זי זיך ווענדן צו די וויברירנדיקע קרעפטן פון שטח, צו די פלואידן, וואָס זענען אַרום איר פאַרשפּרייט, צו די הויכע שטרעבונגען פון די פאַרשטאָרבענע, וואָס האָבן וואַרשיינלעך געליטן נישט ווייניקער פון איר, וועלנדיק לערנען, פאַרשטיין, באַגרייפן.

—דאָס אַלץ—האָט זי זיך אַליין געוואָלט איבערצייגן—קאָן בשום אופן נישט גיין לאבוד! דאָס עקשנותדיקע שטרעבן פון איר פעטער צו לעבן שיין, זיך באַמיען צו זיין גוט, אָרנטלעך, אויפריכטיק. דאָס אַלץ, דער פּראָדוקט פון אַ גאַנצן לעבן, האָט נישט געקאָנט זיין אומזיסט!

—בעטן— ס'הייסט אַלזאָ טראַכטן מכוח דעם אַלעם, איינקריצן עס שאַרף אין מוח.—

זי האָט באַדעקט מיט קושן און מיט טרערן פון פרייד דעם דאָזיקן בריוו וואָס האָט איר געבראַכט אַזאַ פאַרלייכטערונג...

—פעטער, מיין גוטער פעטער!..

זי איז געווען דאַנקבאַר דעם גורל, וואָס האָט איר געגעבן די דאָזיקע שטיצע אין די געפערלעכע מאָמענטן, וואָס זי האָט דורכגעמאַכט פאַר דער לעצטער צייט. אין דריי טעג אַרום, נעמענדיק זיך ווידער צום טעגלעכן פאָרן אויפן וועלאָסיפּעד, האָט זי שוין אין אָוונט ווידער געשפּירט די גיסטיקע ווירקונג פון דער געזונטער מידקייט. אויפשטייענדיק באַ־ינען, האָט זי געשוועבט איבער די וועגן,—וואָס עס האָבן אַך געבויט די מוירן.

אויף די הויכע בערג ארויף. זייערע שפיצן האָבן זיך אַזוי בולט געצייכנט אויפן פאָן פון ריינעם הימל, אַזוי גענוי, מיט זייערע טונקעלע סאָסנע-ביימער, מיט דער שמאַראַג-גרינקייט פון די קאַשטאַנעס, מיט דער צערטלעכערער גרינקייט פון די קאָרקן-דעמבעס, אַז עס האָט געמאכט דעם איינדרוק, אז מען האָט זיי דאָ נאָר וואָס אויסגעמאָלט. דאָס הימל-בלוי איז געווען אַזוי לעבעדיק, אַז ספּיריטען האָט זיך געדוכט, אַז זי אָטעמט איין עפּעס אַ מין נייע לופט.

אַז זי איז אַהיים געקומען, האָט שוין די אַרבעט נישט אַרויסגערופן ביי איר קיין עקל.

זונטיק, בעת די מוטער האָט איר געמאָלדן, אַז עס איז צייט זיך אָנצוטאָן און גיין אין קירך—האָט זי זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט.

—איך וויל מער דעם אַבאַט בואַטעל נישט זען.

אין דער שטיל איז זי אויף אים געווען שטאַרק אין כּעס: צי דען האָט ער נישט אָנשטאָט וואַסער, געגאָסן בוים-אייל אויפן פייער? שילדערנדיק איר יעזוסן אין דער געשטאַלט פון אַ געליבטן מאַן, צי דען האָט ער איר נישט דערפירט דערצו, אַז זי זאָל פאַרוואַנדלען דעם גאָט-מענטש אין אַ פאַרגעטערטן געליבטן? אַזאַ מין געניס, וואָס נאָכן פעטערס בריוו האָט זי זיך דערמיט געשעמט, ווי פאַר אַ גאָטסלעסטערונג...

— וואָס — האָט אויסגעשריגן מאַדאַם אָרעלי,—אָבער דו האָסט דאָך צוגעזאָגט...

— איך האָב קיין איין זאַך נישט צוגעזאָגט. אויסער אפשר פראַנסואַן, אַז איך וועל אים באַגלייטן קיין סען-טראָפּעז אויפן קוילן-שפּיל.

—קום פריער צו דער מעסע.

—גיי דו איך מיין אָרט!

און זי איז אַנטלאָפן מיט אַ הילכיקן געלעכטער.

ספי האָט ווידער געפונען איר גלייכגעוויכט. זי האָט נעפאַסט אַ דעפעניטיוון באַשלוס. פראַנסואַ, ווערנדיק ערנסט, האָט לגמרי אַרויסגעשטופּט פון איר האַרצן קאָנסטאַנטינען. זי האָט געגלויבט, אַז ער האָט איר ליב, און, צי וועט ער מיט איר חתונה האָבן, אָדער נישט, אָבער זי וועט אים ווייטער ליב האָבן.

איצט האָט זי געקלערט וועגן דעם פישער מיט גרויס צערטלעכקייט. דאָס קליינע בלויע בלימל, האָט זי געקלערט, צעבליט זיך אויך אין זיין האַרצן, נאָך וועלכן זי האָט ממש נעשמאַכט. אויפן קאַרטאָפל-פעלד, פאַר דער שטוב, האָט האַרמאָניש און לוסטיק געקלונגען איר יונגע שטים.

פלוצלינג האָבן זיך צו איר דערטראָגען קולות פון אַ דיספּוט אין געמיינזאַמען צימער פון שטוב.

—קונציק! דער פאָטער, הייסט עס, איז אַריין אַזוי, אַז איך זאָל אים נישט זען!..

זי האָט דייטלעך געהערט דער מוטערס געשרייען און אידע העפטיקע פאָרוואורפן.

—ליידיקגייער, ווי האָסטו גענומען נאָך געלט זיך אָנצושכורן און קומען אַהיים מיט אַ ליידיק וועגל!

אַלס ענטפער הערט זיך אַ הכנעדיק ברומען, ווי די טע-
נער פון אַ קאָנטרבאַס :

—או—או אַ או...

—האָסט זיך געדאַרפט אָפזאָגן. דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז
דו ווערסט תיכף מלא!

—או—או—אַ או...

—וואָס ?.. ווידער האָסטו געצאָלט ? אָ : דאָס איז שוין
טאַקע צו פיל ! לואי איז גערעכט... שוין די העכסטע צייט
דיך ערגעץ ווו צו אינטערנירן!

—או—או—אַ או...

שווייג, טרפהנערביין!.. דו קאָסט מיך מער ווי דו פאַר-
דינסט! דיינע קראַליק-פעלכלעך? קענסט זיי אַרויסוואַרפן פאַר
די הינט ! זיי שלעפן אַריין מער ווערעם און פליגן, ווי גראָשנס...

די אַלטע האָט זיך באַווייזן אויפן שוועל פאַרהאַקנדיק
הינטער זיך די טיר. זי האָט אַ נעם געטאָן פאַרן צוים דעם
מוילאייזל וואָס איז נאָך געשטאַנען אַן איינגעשפּאַנטער, אַ
דריי געטאָן דאָס וועגל און זיך צולאָזן אויפן אויבער-קול :

—גיב אַכטונג, אַז דיין טאַטע זאָל נישט געפינען דעם
שליסל פון קעלער! איך פאָר צודער סטאַציע נאָכן איבערגע-
בליבענעם היי. גיב עס איבער לואין, אויב ער וועט פאַר דער
צייט אָנקומען. ער וועט שוין נישט דאַרפן צוריקפאָרן מיטן
וועגל...

דער געשפאַן האָט קוים באַוויזן אַרויפצעפאָרן אויפן וועג,
ווי ס'האָט זיך פאַרזיכטיק צוריק אַן עפן געטאָן די טיר.

דער שכור איז אַרויס פון שטוב, ווי ער וואָלט זיך גע-
שעמט. ספּי גראָבנדיק די קאַרטאָפלעס האָט אונטערגעזוונגען :

—אויב דו ווילסט נישט, אַז דיין וועלט זאָל דיר דער-
עסן... האָב נישט חתונה. האָב נישט חתונה!

זי איז שטיל געוואָרן און זיך צוגעקוקט צום פאָטער :

—גיי, לייג זיך צו. גיי, פאַטער !

—מאַריוס ווירעט ווערט אויף מיר. ער האָט זאָכן צום
פאַרקויפן...

—איצט איז צו הייס, איך וועל דיך רופן, אז עס וועט א ביסל קילער ווערן.

ער האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אז ער פאָלגט איר, באַשליסנדיק זיך אַרויסצורוקן דורך אַן אַנדער אַריינגאַנג אויפן וועג, וואָס פירט צום וועלדל...

— עלנטער פאָטער, ווי אויסגעמאַטערט, ווי אָפּגעלאָזן! וואָס פאַר אַ שאָד, וואָס ער האָט נישט געהאַט אַזאַ גוטן פּעטער, וואָס זאָל אים פירן אַזוי ווי מיך...

אַ פאַרזאָרגטע, האָט זי שטיל ווייטער געאַרבעט...

—מען קאָן קיינמאָל נישט זיין באַפרידיקט!.. איצט, אַז איך בין רויִק, אַז איך האָב אַ דאַנק מיינע אָנשטרענגונגען, געפונען צוריק מיין געזונט, מיין האָפענונג, אַז פראַנסואַ האָט מיך ליב, האָב איך ווידער קרענקונג פון פאָטער... אָ! ווען איך זאָל אים קאָנען אויסהײלן פון דעם שכרות. אָבער, קודם כל, דאַרף מען אים אויסקורירן פון דער מאַמען, ווי נאָר דער פעטער וועט מיר געפונען אַ פּאָסטן, וועל איך אים תיכף נעמען צו זיך. איך וויל, אַז ער זאָל כאָטש ווייניקסטנס האָבן אַ גליקלעכע עלטער...

ווייטער האָט זי דעם פאָדעם פון אירע געדאַנקען נישט געצויגן, מורא האָבנדיק נישט צוצוקומען צום פאַרדאַכט, וואָס איר גוטער כאַראַקטער האָט איר געצוואונגען צו האַלטן ממש פאַר אונמעגלעך: אַ שמוציקע מאַכינאַציע פון איר מוטער, מיט דער הסכמה פון רעסי-באזאר, שאַרלאָטען, לואין — דעם אומגליקלעכן, פאַקטיש אומשולדיקן אַלטן, ערגעץ ווו צו אינטערנירן.

ער האָט זיך איינגעעקשנט און נישט געלאָזט פאַרקויפן צוויי העקטאַר וואַלד, פאַר וועלכע איינע פון די באָדן-געזעלשאַפטן האָט דורך אירע אַגענטן, פּראָפּאָנירט, בעת זי איז געווען אין אַראַנזשע, אַזאַ פּרייז, אַז די גאַנצע משפחה איז געווען צעקאָכט, וואָס צוליב אים קאָן זי נישט אויסנוצן דעם דאָזיקן גינסטיקן צופאַל... צען פראַנק פאַר אַ מעטער! צוויי מאָל הונדערט טויזנט פראַנק,—ניין! אין אַ יאָר ארום וועט

עס שוין ווערט זיין פופצן פראַנק... דריי מאָל הונדערט טויזנט האָט אַ זאָג געטאָן דער שכור מיט אַן אָפּוועזנדן בליק אין די אויגן.

אָבער רעסי, פאַראויסזעענדיג, אַז נאָכן שטייגן פון די פרייזן אַ דאַנק דער ספּעקולאַציע, מוז אומבאַדינגט קומען אַ טטאַגנאַציע, אָדער לכל הדעות, אַ בעסע — האָט אָן אויפהער אַגיטירט לואין און דער מוטער, נישט דורכצולאָזן דעם דאָזיקן געשעפט, ווען אפילו מען זאָל צוליב דעם מוזן אָפּרוימען פון וועג דעם שטערער, מאַטעען...

ער גופא האָט, מיט שאַרלאַטאַנס הסכמה, פאַרקויפט זיין באָדן הינטערן פּאַראָ-וואַלד, געפינענדיק, אַז איצט איז דער פּאַסנדסטער מאָמענט צום פאַרקויפן... דערנאָך וועט זיין צו שפּעט...

לגמרי גלייכגילטיק צו דער געלט-פראַגע, איז ספי, ליבנדיק דעם שאָטן און דעם גערוך פון וואַלד-באַוואַקסענעם בערגל געשטאַנען אויף דער זייט פון פאָטער. זי וועט אים שוין ווי בעהעריג פאַרטיידיקן, אַז עס וועט קומען דער נויטיקער מאָמענט.

זי האָט אָפּגעטריבן דעם דאָזיקן דערעסנדיקן געדאַנק, זיך קאָנצענטרירט אינגאַנצן אויף דער אַרבעט, וועלנדיק וואָס שנעלער ענדיקן. אָנלאָדנדיק אַ פולן וועגל, האָט זי אים צוגעפירט צום פרוכט-שפּייכלער און דאָרט אים אויסגעליידיקט.

דאָס איז געווען אַן אומגעהייער גרויסע שטוב פאַר פאַרשידענע געברויכן, און האָט זיך געפונען אונטערן היי-שייער. הויפּט-עכלעך האָט זי געדינט צום רעזערווירן די פּראָדוקטן, אין אָנהייב זומער פלעגט מען זי, אין משך פון איין חודש, באַנוצן פאַר דער צוכט פון די זייד-ווערמלעך.

אויסער דעם. האָט די מאַמע אָרעלי, זינט דער פאָטער האָט זיך צעבראָכן די פיס, ווי נאָר ער איז געזונט געוואָרן, אַרויסטראַנספּאָרטירט אים אַהין, אין שטאַל און פאַרכאַפּט פאַר זיך אַליין דאָס גאַנצע שלאָף-צימער... און אַז מען וועט דער דאָזיקן לאָקאַל דאַרפן שפּעטער פאַר דער זיידנס-צוכט,

וועט זי אים משלח זיין פון דאַנען דירעקט אין פערד־שטאַל אַריין! ער איז געוווינט צו כאַפּן אַ נאָכמיטאָג־דרימל! ער קאָן דאָרט כראָפּען, וויפיל זיין האַרץ גלוסט ביינאַכט.

אייגנטלעך איז נאָך דאָס פּאַר אים אויך צופיל:

—אַ גליק נאָך, וואָס איך בין דאָ! עס מוז אָבער אַנ־דערש ווערן, אַזוי קאָן עס נישט בלייבן—האָט ספּי געזאָגט צו זיך אויסשיטנדיק דעם דריטן וועגל קאַרטאָפל.

—וואָס פאַראַ גערעטעניש!—האָט זי געמורמלט— ווייניק אָרט, דעם פּאָטערס בעט שטערט...

זי האָט געהאַט אַ געפיל פון שטאָלץ, פון קראַפט. — אין דעם אַלעם האָב איך אויך אַ שפּאָרן טייל! איך האָב צע־אַקערט דאָס קאַרטאָפל־פעלד, איך האָב עס פאַרזייט איידער איך בין אַוועק קיין אַראַנזשע! זי האָט אַ נעם געטאָן די גראַבלע און, כדי צו מאַכן אַן אָרט אָנגעהויבן אויפצעקלויבן די צעשאָטענע בעבלעך.

—אויב דער מאיס וועט אויך אַזוי געראָטן ווייס איך, באמת, נישט, ווו איך וועל אים אַהינטאָן!..

—אַך!

זי האָט אַרויסגעלאָזט אַ ווילדן געשריי און זיך געוואָלט אַרויסרייסן פון די אָרעמס, וואָס ד־האָבן זי פּלוצלינג אַרומ־געכאַפּט.

—ווער איז עס? פראַנסואַ?—איר ערשטער געדאַנק איז געווען וועגן אים.—אַ שיינער איינפאַל צו שטיפן! אידיאָט!

אָבער דער מאַן, וואָס איבערשיטנדיק די טרוקענע אַר־בעס־שויטן, האָט זי נישט געהערט זיינע וועלפישע טריט, האָט זי נאָך פעסטער אַרומגענומען.

מיט אַ העפטיקער באַוועגונג האָט זי זיך אַרויסגעדרייט צו אים מיטן געזיכט און אַ צעטומלטע דערזען יענעם שיינעם יונגן מאַן, מיט וועלכן זי האָט דאַן געטאַנצט אויפן באַל. ווי אַ בליץ האָט זיך דורכגעטראָגן אין איר מוח דער געדאַנק: פון וואַנען האָט ער זיך דאָ גענומען? וואָס דאַרף ער דאָ?

זי האָט נישט געהאַט די מינדסטע אַנונג, אַז דאָס האָט ער נעמלעך, אין נאָמען פון דער גאָלד-באַנק, פּראָפּאָנירט צוויי הונדערט טויזנט פראַנק פאַרן סאָסנע-וועלדל... דער מאַגנעטישער בליק פון זיינע אויגן האָט איר ממש פאַרכשופט.

האַסטיק האָט דער אומבאַקאַנטער צוגערוקט זיין מויל צו אירע ליפּן און זיי באַדעקט מיט געניטע קושן פון אַ דורכגעטריבענעם מבין.

זי האָט נישט באַוויזן זיך אָפּצודרייען, אָבער מיט אַלע כּוחות געזוכט ווי זיך צו באַפרייען פון זיינע פעסטע אָרעמס און זיך אַנטקעגנשטעלן דעם דאָזיקן אומגעריכטן ווילדן אָנפאַל...

—האָט קיין מורא נישט!.. איך האָב אייך דאָך געזאָגט, אַז מיר וועלן זיך נאָך זען! איר דערקענט מיך נישט?..

אמת זי האָט אים דערקענט, אָבער אויפגערעגט פון דערדאָזיקער ווילדער העזה, האָט זי בלויז געשפּירט אַ שרעקלעכן עקל צום דאָזיקן טרוקענעם, אכזריותדיקן פון תאווה פאַרקרומטן חיצפהדיקן פרצוף.

—לאָזט מיך אָפּ!

ווי ווייט איז איצט דער צויבער פון זיין עלעגאַנץ! זי האָט פאַר זיך בלויז אַ צעווילדעוועטע חיה, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון איר שטייג.

—איך בין אַהער געקומען צוליב אייך!

פאַקטיש איז ער געקומען איינרעדן די פאַמיליע אָרעלי צו פאַרקויפן אים דעם וואַלד פאַר נאָך אַ העכערן פּרייז. דער וווּנדער-שיינער טאָג, דאָס פּוסטע הויז, די אָנציהענדיקע פּאָזע פון דעם מיידל, וואָס ער האָט זי אָנגענומען פאַר אַ דינסט... און דערזעענדיק דעם דאָזיקן יונגן קערפּער האָט זיך אין אים צופלאַקערט דער רעפלעקס פון אַ מאַן-חיה אויף דער יאַגד—אַ געמיש פון נידעריקער תאווה און פון טויזנטיעריקער געוווינהייט צו זיין דער הערשער... דאָס בלוט האָט אים אַ האַק געטאָן אין די שלייפן, ער טאַפּט, ער דריקט איר...

—שלעכטע!... איך טו אייך דאָך קיין שום בייז נישט!...

צי דען איז עס נישט גוט? אַ ביסל ליבע ?...

ער שושקעט איר נאָך אַנדערע פראזן, אין האַלז, הינטערן אויער, גלעטענדיק איר הויט, פון וואָס עס כאַפּט איר אַ פלוצלינגער ציטער... ער חזרט איבער:

- האָט נישט מורא..

—מורא? — ספּי, געפאַנגען — טרייסלט זיך אינגאַנצן —

—יאָ, זי האָט מורא. פאַרוואָס, זי ווייס עס אַליין נישט, ווייל אַ־צט האָט זי אַרומגעכאַפּט עפּעס אַ משונהדיקע שוואַכקייט... זי וויל אַנטלויפן, אָבער די דענערווירונג פּאַראַליזירט איר, דאָס וואָס עס האָט אָנגעהויבן די איבעראַשונג—פּאָר, נדיקט איצט די פּאַניק. זי אָטעמט שווער, אירע נאָזלעכער ציטערן. זי האַלט ביים אומפאַלען, ווי נאָך אַ שווערן אָנגעשטרענגטן לויפן... פלוצלונג דערמאָנט זי זיך... זי איז דאך נישט אַליין אויף דער פערמע...

—פאָטער!... ער וועט אייך ווייזן!.. פאָטער!

דער אומבאַקאַנטער שמייכלט און דריקט זיך צו זי נענטער.

—ביי אַזעלכע פאַלן רופט מען, געוויינלעך, די מאַמע.

די פייערדיקע ליפן דריקן זיך אומעטום, וווּ זיי קאָנען, אויף אירע באַקן, אין די האָר, אויפן נאַקן, ספּי פאַרטיידיקט זיך, וויל זיך מיט אַלע קרעפטן אַרויסרייסן—וואָס ער האַלט עס אָבער פאַר אַ שפּיל פון אַ געניטער קאָקעטקע. צי דען האָט דער דאָזיקער זיגער געקאָנט האָבן די קלענסטע אנונג וועגן דער הויכער נשמה פון דערדאָזיקער קליינע פויערן־מיידל, איבערהויפּט ער, וואָס פאַראכט אַלע פרויען? זיינע חברים—פּונקט ווי ער אויסגעטריקענטע, וואָס בלויז דער ספּאָרט, די געשעפטן און דאָס פאַרגעניגן ברענגט זיי נאָך אין באַוועגונג—האָבן אים מהנך געווען: אַלע קאָן מען נעמען!... מ'דאַרף גאָר נישט בעטן ביי זיי קיין דערלויבעניש! און אַזוי איז ער זיך טאַקע נוהג; ער איז דער שטאַרקערער.

און כדי זי זאָל זיך נישט קאָנען אַרויסרייסן, לייגט ער

אַוועק זיין האַנט אונטער איר קאָפּ: איצט קאָן זיך שוין ספּי נישט אַרויסדרייען פון קוש, וואָס עפּנט איר פונאַנדער דאָס מויל און לעקט זי.

— אַ—אַ...

אין דעמזעלביקן זיפּץ לייזט זיך אויף איר זעלבסטבאַהערשונג. צלץ אין איר וויברירט. איר קערפּער זייגט... זי ציטערט ווי אַ יונג פויגעלע, וואָס אירע פליגעלעך הויבן זיך אויף צום פליען. פראַנסואַס געשטאַלט, דער געשמאַק פון זיין קוש,— וואָס האָט איר געעפנט די אויגן—מישט זיך צונויף מיטן פייער פון דערדאָזיקער דורכדרינגענדיקער צערטלעכקייט. עפּעס אַ מין אויסערגעוויינלעכע מאַטקייט, אַ גלוסטן... זי בעט זיך:

—אָבער דאָך... ס איז צושטאַרק... לאָזט מיך אָפּ! הייזעריקע טענער, וואָס פראַוואָצירן איר.

דער מאַן האָט אַ נעם געטאָן אירע צאַרטע הענט. זי איז די שוואַכערע. מיטן גאַנצן כח כאַפּט ער זי אַרום און שלעפּט איר אַוועק צום בעט.

—דו געפעלסט מיר, איך וויל דיך!

—צי דען קלערט איר, אַז איך וועל מסכים זיין אייך צו זיין אַלס אונטערבעט!?

—מאַך נישט קיין צנשטעל. דו ווילסט עס נישט ווייניקער פון מיר. .

ער האָט זי אַ וואָרף געטון אויפן טאַפּטשאַן... ספּי פילט, אַז זי איז פאַרלאָרן, אויב זי וועט זיך איצט מיט אַ פאַרצווייפלטער אָנשטרענגונג נישט באַפרייען—וועט זי אים נאָכגעבן, אַזוי העפטיק איז די עמאָציע, וואָס האָט זי איצט פאַרכאַפּט... ער, אַ פּראָפעסיאָנעלער אוואַנטוריסט—האָט פאַ שטאַנען, אַזוי זי איז גרייט זיך אונטערצוגעבן—און האָט עס געשיקט אויסגענוצט.

זי צעוויינט זיך פון אויפרעגונג און צורייצטקייט.

—איך וויל נישט... לאָזט מיך אָפּ!

אָבער דעם זיגערס קערפּער דריקט זיך פעסטער צו אירן.

זיין לײדנשאַפטלעך מויל גיסט זיך ווידער צונויף מיט איר׳ע ליפּן. זיכער אין זיין זיג גייט איצט דער אומבאַקאַנטער דירעקט צום ציל.

אין דעמדאָזיקן צושטאַנד פון אנעסטעזיע דערוואַכט ווידער אויף אַ מאָמענט דאָס באַוווסטזיין ביי דעם פאַרשקלאַפטן קרבן, און זי רייסט זיך:

—לאָזט מיך אָפּ, איך בעט אייך... עס איז נידערטרעכטיק! פאַרגוואַלטיקן אַ יונג מיידל...

—אַ בתולה? מאַכט קיין חוזק נישט!

און אויב אפילו עס איז אמת! וועט דער יעגער פאַרציי־כענען אין דער רשימה פון זיינע קרבנות נאָך איינעם אַ געלונגענעם פאַנג. ער וו צלט זיך אפילו:

—דו וועסט זען ווי גוט עס איז!..

זי פּרוּווט זיך אויפצוהויבן, אָבער איר׳ע מוסקולן זאָגן זיך אָפּ. זי איז מער נישט בכוח זיך אַנטקעגן צו שטעלן. זי איז פאַרשפּורט פון איבעראַשונג און שרעק, פון צערייצקייט, פון געוויס. זי איז בלויז אימשטאַנד אין דער שטיל זיך ביי אים צו בעטן, אָפּדרייענדיק דעם קאָפּ, כדי נישט צו זען דידאָזיקע שרעקלעכע מאַסקע, דעם פאַרקרומטן פּרצוף מיטן פאַרלאָפענעם בליק, מיטן ווילדן שמייכל, וואָס וועט איר פאַרפאָלגן איר גאַנץ לעבן...

—אַך! וואָס איז מיט מיר... נאָר נישט קיין קינד... אָ, איך ווייס מער גאָר נישט... ס איז נישט מיין שולד... אַך... אוי!

ס׳דערהערט זיך א געשריי אין מיטן דאָזיקן מורמלען, אַ געשריי פון אַ שרעקלעכן שמערץ:

—אוי—אַך!

—שווייג שטיל!

ער וויל איר פאַרמאַכן ס׳מויל מיט זיין גראָבער פויסט! דאָס קלאָגן ווערט שטילער, כאָטש זי סקאַנדירט נאָך כסדר: אוי, אוי... אוי... איר קרעכצן ווערט פאַרהילכט דורך דער וויל־דער שטים פון מאַן־חיה... ער קריצט מיט די ציין און פאַר־

ענדיקט זיין פארבּרעכערישן טאָפּ.

ער איז אויפגעשטאַנען. זיין קרבן ליגט מאכטלאָז. איילנ־דיק, ברענגט ער זיך אין אָרדנונג...

—צי האָט זי ווירקליך געזאָגט דעם אמת ?... א בתולה ?

ער באַטראַכט זי מיט איין אויג.

זי כליפּעט, דעם קאָפּ אריינגערוקט אין קישן :

—אוי ! וואָס פאר א ווייטאָק !...

—בּאַ !—קלערט ער זיך.—אַ ווילטיקע מעשה ! דריינט, אָדער מאָרגן... איינער מוז דאָך מאַכן דעם אָנהויב !...

דאָך האָט ער דאָס געפיל, אַז ער האָט שלעכט געהאַנדלט און וויל זיך וואָס גיכער אָפּטראָגן... נעשווינד... אָבּער העפלעך.

—וויינט נישט ? איך וועל אייך נאָך זען. איך בין אַהער געקומען זיך דורכרעדן מיט אייער בעל־הבית, ער זאָל מסכים זיין פאַרקויפן אַ טייל פון זיין אייגנטום.

—ס׳זענען מיינע עלטערן... און איך וועל זיי ציגרייטן...

—וויינט נישט. איר זענט, הייסט עס, נישט קיין דינסטמיידל?

—ניין !

—אָ ! איך האָב געמיינט... באַרויקט אייך... מיר וועלן עס ווי ס׳איז איינאָרדנען. איר ווילט אפילו אויף מיר קיין קוק נישט טאָן, ניין ? מאַכט נישט אַזעלכע שטיק... איך בין נישט דער ערשטער !

—יאָ, דער ערשטער !

—ס׳איז נישט אמת !

ער האָט אָבער געוווּסט, אַז זי לייקנט נישט... און וואָס וועט זיין דערנאָך ? אַ ביסל באַאומרויקט, איילט ער זיך צו פאַרשווינדן. אָבער ווי אַזוי... ער כאַפּט ארויס פון פּאָרטפעל צוויי באַנקנאָטן צו הונדערט פראַנק און פרוווט זיך איר עס אריינצורוקן אין האַנט :

—איך וואָלט אייך וועלן געבן אַ מתנה... איר וועט זיך עס אליין קויפן... דערציילט עס נישט. מאָרגן קום איך צוריק. איך גיב דיר רערויף מיין וו...

ער האָט נישט באַוויזן צו ענדיקן, ווי דורך אַן אומזיכט בערע קראַפּס, האָט זיך ספּי אַ שטעל געטון אויף די פּיס, אַ שמיץ געטאָן אים ס׳געלט אין פּנים, און מיט איר גאַנצן כּוח אים דערלאַנגט אַ פּאַטש:

—אויסוווּרף!.. אויסוווּרף!.. אויס...

ס׳האָט איר פאַרפּעלט אָטעם, איר קראַמפּ איז געווען אויסגעשעפּט פון אַזוי פיל עמאָציעס, ווידער האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן בעט. פאַרכאַפּט פון אַ שטאַרקן נערוועון-אַנ-פאַל. ער האָט איר געוואָלט געבן צו פאַרשטיין, באַרויקן!... אָבער טאָמער קומט עמיצער אָן?.. וואָס וועט ער זאָגן? אַ קאָמישע לאַגע... ער וואַקלט זיך:

—זי וועט זיך אַליין באַרויקן...

ס׳האַרץ האָט אים געקלאַפּט פאַר שרעק, אַז ער קאָן באַגעגענען איר מוטער, אדער דעם ברודער, וואָס קענען אים, ער רוקט זיך אַרויס ווי אַ גנב און מאכט פּיס... נישט פאַר-געסנדיק אָבער, אויפצוהויבן ס׳געלט.. קוים האָט זי עס נישט גע-הערט נעמען!...

—קיינער גייט נישט?... ניין!... אָבער פון דער צווייטער זייט? אויך קיינער נישט! ער האָט אָפּגעצויגען דעם אָטעם? און אָפּטראָגנדיק זיך, געוואָרפן זיין לעצטן בליק אויפן סאָסנע-וועלדל, וואָס זיינע טונקעלע בוימער-שפּיצן, האָבן זיך אין אַ געדיכטער מאַסע אויסגעצייכנט איבערן דאַך פון הויז. אַלע ערגער פאַרן גאָלד-באַנק, די אומשטענדן האָבן זיך יעצט אַזוי צונויפגעלייגט, אַז דאָסדאָזיקע גוטע געשעפט, האָט זיך אים לגמרי אַרויסגעגליטשט פון די הענט... אָנשטאָט דעם אָבער, וואָס פאַר אַ ווונדערבאַרע אַוואַנטורע!

אַרויסגייענדיק אויפן וועג, האָט ער זיך דערשפּירט אין גאַנצן זיכער.

זיין אָטעם איז געוואָרן נאָרמאַל, זיינע טריט האָבן זיך פאַרקלענערט. אַ צופרידענער שמייכל האָט געשוועבט אויף זיינע ליפּן, ער איז אָבער נישט דערגאַנגען ביז צו די אויגן — וואָס האָבן זיך אויף אַ מאָמענט פאַרטראַכט...

—זאָל די מידי גאָר נישט מאַכן קיין געשיכטע!.. ער האָט קנייטש געטאָן דעם שטערן און אָנגעהויבן פייפן—חרטה־גע־פילן... ער? לאָז אים געמאַך! צי דען האָט ער נישט שטאָל־צירט דער מיט, וואָס ער איז אַ ניצשעאַנער? צי האָט ער דען נישט דורכגעפירט טריי אין לעבן די פרינציפן פון אן איבער־מענטש, זיך אַרויסווייזנדיק פאַר אומברחמנותדיק ביי אַלע צופאַלן?..

זיין אויסגערעכנטקייט, מער ווי זיין געוויסן, האָט אים געמאַכט פאָרווורפן:

—וויינעקסטנס האָסטו געדאַרפט זיין פאָרזיכטיקער, איר כאָטש נישט לאָזן אַלס מתּנה אַ קינד...

דער ענטפער אויף דעם איז געווען אַ שטאַרקער פייף—די געוויינלעכע מאַניער אונטערצושטרייכן זיין איבערמאַכט... זיין גרעסערן יחוס...

—זייט פעסט,—זאָגט זאַראַטוסטרא,—כדי צו קאָנען פאַר־טראָגן די שרעקלעכע געשטאַלט פון לעבן. וואָס פאַרניכטעט יעדן מיטליידיקן מענטשן...

דורך איין קוועטש מיט די פלייצעס, האָט דער יונגערמאַן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך זיין גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. ער האָט נישט געוווסט, אַז ער געהערט צו די, וועגן וועלכע דער פילאָזאָף האָט שרייבנדיק געקלערט:

—איך מוז אַרומצוימען מיט אַ פאַרקאָן מיינע ווערטער און מיין דאָקטרינע, כדי צו שטערן די חזירים אַהין אַריינצודרינגען...

יאָ, ווען ער זאָל זיך געווען דערמאָנען אָן דער דאָזיקער באַגרענצונג—וואָס שטרייכט אונטער די עקזיסטירנדיקע געפאַר, וועלכע ליגט באַהאַלטן אין יעדער פאָרמולע פון אַבסאָלוט, פון דער גרונט־סיבה פון אַלע דערשיינונגען—אָבער זשאַן זשאַזע וויאַלען, האָט צו שטאַרק פון זיך געהאַלטן, ער זאָל צולאָזן דעם געדאַנק אַז דידאָזיקע באַגרענצונג האָט אין זינען אים און אַזעלכע ווי ער...

אַן אַמביציעזער, עגאָאיסט מיט יענער ווילדער געוויסנלאָ־זיקייט, וואָס אַנטוויקלט זיך אין אונזער צייט ביי מענטשן אין

זיינע יאָרן—ווי אַזוי האָט ער געקאָנט קלערן, צו ער איז בלויז איינער פון יענער אומצייליקער סטאַדע חזירים?

צעוויסרייסנדיק זיך אויף דער פריי, האָבן זיי איינגעבראָכן דעם פּאַרקאַן, שטאָלץ זיך אינכטפּלירט אויפן דאָזיקן אַרומגעצוימטן שטח, וואַלגערנדיק זיך אין זייער אייגענער צואה.

צוקוקנדיק צו זיין האָטעל, האָט ער מיט אַ פעסטן בליק אַ קוק געטאָן אויף זיין בראַסלעט-זייגער:

—היינט אין אָוונט איז נאָך דאָ אַ צוג. איך פאָר אַוועק... ס'איז גלייכער...

5

—ספּירימע!

לויס אומגעוולדיקע שטים דערגרייכט ביז צו דער טי־פּעניש פון סאָסנע־וועלדל, וווּ ספּי האָט זיך באַהאַלטן, זוכנדיק איינזאַמקייט. זי זיצט אויף אַ פעלזן, די עלנבויגנס אָנגעשפּאַרט אויף די קני, קוקט אויפן ים, זעט אים אָבער נישט.

—ספּירימע!

אויפן צווייטן רוף דרייט זיך איר בליק אומגעדולדיק אויס אין דער ריכטונג פון שטוב... די איינציקע באַוועגונג, מיט וועלכער איר קערפּער איינגעבויגן ווי אונטער אַ שווערער לאַסט, רעאַגירט אויפן רוף... דע נאָך נעמען אירע אויגן צוריק אָן זייער אומבאַוועגלעכקייט, און די נשמה פאַרזינקט אין אירע טרויעריקע חלומות.

—טראָגענדיק? זאָל איך כאָטש ווייניקסטנס נישט ווערן טראָגענדיק!

אין פאַרלויף פון אַכט טאָג ווארט זי אויפן אַנטגילטיקן באַשלוס... אַלץ נישט. כסדר נישטאָ... היינט קאָן זי עס שוין מער נישט אויסהאַלטן... די אַנגסט שנירט איר צו דעם האַלז, פון מורא ברעכט איר דער רוקן... שוין גאַנצע דריי וואָכן וואַרט זי אויף דער מענסטרואַציע, כדי זיך אויף עפּעס וואָס צו אַנט־שליסן.

דריי לאַנגע טרויעריקע וואָכן האָט זי נישט אויפגעהערט באַדרף זיך צו באַטראַכטן און צו ציטערן. ערגער נאָך — דריי וואָכן האַלטן אין זיך, פאַרשווייגן, ביי איר איינגעבאָרענער אויפ־ריכטיקייט און אָפנהאַרציקייט, צו וואָס עס צווינגט איר אָבער אומבאַדינגט די ווילדע נאַרישקייט פון איר גאַנצער משפחה.

מער ווי ווען עס איז נויטיקס זי זיך איצט אין איר פאַרטרויטן, אין זיין שטיצע, אין זיינע אָנווייזונגען... און אז ער איז נישטאָ, צו וועמען זאָל זי זיך ווענדן ?.. פראַנסואַ ? טאַ־קע נאָר צו אים ציט עס איר מיט איר גאַנצן וועזן, ווען זי זאָל נישט מורא האָבן, אַז דערציילנדיק אים דעם גאַנצן אמת, וועט זי אים שוין לגמרי פאַרלירן. ער וועט איר נישט וועלן גלויבן, וועט נישט פאַרשטיין... אויסערדעם, זיך פאַרלירנדיק אין איר אינערלעכן קאַמף, פלעגט זי אים אויסמיידן, כדי נישט אויסצעברעכן פאַר אים מיט אַ ווילדן געשריי וועגן איר שרעק־לעכן אומגליק !.

קיין איינציקער מענטש, וואָס זאָל פאַרלייכטערן דידאָזי־קעס לאַסט אונטער וועלכער זי פאַלט, פון וועלכער איר געזיכט האָט באַקומען דעם אויסדרוק פון אַ דערשלאָגענעם הונט.

וויפל טייכן טרערן האָט זי אויסגעגאָסן די לעצטע פאָר נעכט אונטער די אומגעהייערעליידן פון די ספקות !... וויפל מאָל אַ נאַכט פלעגט זי אַרויסשפּרינגען פון בעט און אַרומ־לויפנדיק דאָס העמד, מעסטן אירע זייטן, כדי זיך צו איבער־ציינן, צי ווערט זי נישט אַמאָל דיקער...

ווי אומגליקלעך, ווי עלנט שפירט זי זיך אין גלאַנץ פון דעם דאָזיקן שיינעם אָוונט. דער ים. דאָרט אונטן, זעט אויס ווי אַ געדיכטע מאַסע פון אומעמפינדלעכן זאַפיר־שטיין, די זון שטראַלט עפּעס ווי מיט אַ מין איראָניע.

דער סמאָלע געריך פון די סאָסנעס פאַרשאַרפט נאָך איר שמערץ. דער גלייכגילטיקער גלאַנץ פון דער אַרומיקער סביבה דריקט זי ווי אַ שווערע משא. זי שפירט זיך איינזאַם, פאַר־לאָזן, אַרויסגעוואָרפן, און איר פאַרצווייפלונג וואַקסט...

די מאַמע? אין יענעם טאָג, ווען דיראָזיקע חיה האָט זי פאַרגוואַלטיקט, האָט זי געוואָלט פאַר דער מוטער אויסוויינען איר שמערץ, דערציילן איר אַלץ, מיט אַ צעבראָכן האַרץ, וועדנדיק צוריק אַ קליין קינד, וואָס נויטיקט זיך אין טרייסט, אין שוץ–האָט זי געוואָלט צופאַלן צו איר ברוסט, פון וועלכער זי האָט אַמאָל געזויגן–זי איז אָבער געווען געצוווּנגען זיך אָפּצוהאַלטן צוגעשמידט צום אָרט דורכן סאַרקאַזם, באַגלייט פון די געוויינלעכע ברוטאַלע זידלערייען...

לואי? איר ברודער פלעגט אויסנוצן יעדע פּאַסנדע און אומפּאַסנדע געלעגנהייט זי צו וואָרנען, אַז ער „וועט זי אַרויסיאָגן ווי אַ הונט, אויב מיט איר וועט זיך עפּעס טרעפן" מה גם, אַז זיי וואָלטן זיכער ווייניקער ווי אַלע אַנדערע געליבט אירע ווערטער... איר פּאָטער? ער קומט שוין אַהיים נאָר זייער זעלטן און איז שוין בכלל אינגאַנצן אַן עובר בטל!

דעמאָלט פלעגט זי אין איר אָנמעכטיקן שמערץ אָנפאַלן אויף זיך גופא, וואָס זי דהאָט נישט געהאַט דעם געהעריקן מוט זיך צו פאַרטיידיקן! די נויטיקע הילנס-קראַמפּט זיך אַנטקעגן צו שטעלן דעם דאָזיקן אָנפאַל...

דערנאָך אויף יענעם אומבאַקאַנטן, וועלכער האָט זיך שוין זיכער אָפּגעטראָגן פון דאַנען, אויפן דאָזיקן אויסוואורף, פון וועלכן זי האָט נישט געהאַט די מינדעסטע אַנונג, אויסער זיין שמוציקער עובדה, דעם פאַרגוואַלטיקן, דורך וואָס ער האָט זי אפשר אומגליקלעך געמאַכט אויף איר גאַנץ לעבן!.. ווי פאַרהאַסט איז איר דידאָזיקע ווולגאַרע, אכזריותדיקע צורה, וואָס זי װיל פאַרטרייבן די דערינערונג אָן איר און וועלכע פאַרפאָלגט זי אָבער, חוץ זי שטייט און גייט.

איר האָט פאַרוואַנדלט זיך אין אַ ווילדע רציחה ביי געדאַנק אַז זי איז כמעט איבערצייגט דערין, אַז געצוווּנגען אים זיך אונטערצוגעבן–האָט זי דאָך בעת מעשה, נישט געקוקט אויף אירע ליידן, איבערגעלעבט אַ שאַרפע עמאָציע, וואָס גרענעצט כמעט מיט אַן אומנעהייערן ליידנשאַפטלעכן גענוס ..

פּיים דאָזיקן געדאַנק באַהאַלט איר צוזאַמען מיטן געפיל פון בושה אויף אַ פאַרגליווערנדיקער צאָרן. מ'האָט נישט קיין רעכט, ייִן, מ'האָט בשום אופן קיין רעכט נישט, דערפאַר וואָס מען איז אַ מאַנספערשוין, אַרויפצוּוואַרפן אויף אַ פרוי — וואָס מ'האָט צופעליק אויסגענוצט איר שוואַכקייט, — די שווערע לאַסט פון אַ קינד קעגן איר ווילן!

פאַר דער צייט, וואָס זי וואַרט מיט אַ פיבערהאַפטער אומגעדולד אויף דער מענסטרואַציע, האָט זי שוין אָנגעווענדט אַלע מיטלען, וועגן וועלכע זי האָט ווען עס איז געהערט. זי האָט געוווּסט, אַז מ'קען זיך באַפרייען פון דעם אומגעוווּנשענעם כבוד דורך פאַרשידענע מעדיצינישע פּרעפּאַראַטן, און זי האָט אויסגעפּרוּווט אַלע ביז איינעם, אָבער אָן שום רעזולטאַט. אַנטשטאַט דעם האָבן זיך פאַרקערט אָנגעהויבן ווייזן זיכערע סימפּטאָמען: אַ ווידערהוילן צו פאַרשידענע שפּייזן, און היינט פרי האָט זי דייטלעך באַמערקט אַז איר לייב און דער ביוסט זענען געוואָרן קיילעכדיק...

וואָס וועט מיט איר זיין?..

דער ים, וואָס גרענעצט זיך מיטן האָריזאָנט, איז איצט געוואָרן כמעט בלויליך-שוואַרץ, ווייל ס'גייט אַ מיסטראַל, וואָס פאַרנעפּלט די קלאָרקייט פון די בלויע בערג, וועלכע צייכנט זיך אויס אין דער בלייכער הימל-בלויקייט... אַריינשפּרינגען אַהין? יאָ, דערדאָזיקער באַוועגלעכער קבר, וואָלט ווידער אַלץ איינגעאָרדנט... אָבער דער פעטער, ווי שרעקלעך וועט ער ליידן!

דער אינסטינקט פון זעלבסטדערהאַלטונג האָט איר אַרויסגעריסן פון דעמדאָזיקן יאוש.

—אפשר וועט איר נאָך פאָרט געלונגען זיך אַרויסצודרייען פון דערדאָזיקער געפאַר! אפשר דאָך... עס זענען פאַראַן פאַרשידענע מיטלען... ווי נישט איז וועל איך זיך אפשר נאָרט באַפרייען... אויף אַן אַנדער אופן... אויב נישט... דאַן...

זי האָט אויפגעהויבן די פּוסטן: דער פעטער איז געווען גערעכט, אָט הייבן זיך אָן די קאָמפּליקאַציעס... אַ פאַרבייגיי-

ענדיקער! ווען איך זאָל כאָטש וויסן זיין נאָמען!

האַלב משוגע, האָט זי זיך האַסטיק א קלאַפּ געטאָן אין בויך.

—ניין! ניין! איך! איך וועל פון אים קיין קינד נישט האָבן!. איך האָב עס נישט געוואָלט.. און וויל עס איצט אויך נישט... איך וועל בעסער ריזיקירן מיטן לעבן! ווי אַזוי מאַכן עס יע־נע, וואָס באַפרייען זיך דורך אַ קינסטלעכן מפּיל? איך מוז זיך פרעגן ביי שאַרלאָטען; זי ווייס עס, ווייל זי איז צוזאַמען מיט רעסין געפאָרן קיין פּאַריז צו אַן א ןשערין, בעת זי איז געווען מעוברת און האָט נישט געוואָלט אַזוי גיך האָבן קיין קינד... פרעגן שאַרלאָטען? ניין, עס טויג נישט! זי וועט עס גלייך אויספּויקן פאַר דער גאַנצער פאַמיליע.

איר געזיכט האָט זיך פּלוצלונג אויפגעמונטערט...

—ראָזע! אַ טייערער איינפאַל! אַ פריילעכע דאָס זי זיך אַ הויב געטאָן. — יאָ, איצט בין איך געראַטעוועט! ווי מעלאַניע האָט מיר איבערגעגעבן, האָט שוין ראָזע צוויי מאָל אָפּגעטריבן... עס קאָן דאָך נישט זיין, אַז ביי איינער זאָל גע־לונגען און ביי דער צווייטער נישט... אַלזאָ איך גיי צו ראָזען! איך וועל איר אָנפאַרטרויען מיין סוד...

—ספּיריטע!

ווידער לואיס קול!.. זי וואַרפט אַ בליק אויפן בערגל, זי וועט זיך אַרויפכאַפּן אַהין, כדי קיינער זאָל זי נישט באַ־מערקן.. איין פעלז, אַ צווייטער.. זי קלעטערט, אַ צעטומלטע..

—ספּיריטע!

דער וואַלד האָט אויסגעשטעלט פאַר איר זיינע אַלטע ביי־מער: די דעמבעס בויגן זיך מיט זייערע אויסגעקרימטע צווייגן צווישן די קאַלאָנעס ים־סאָסנעס און ווייסע טענענביימער... זיי־ערע טרוקענע שישקעס באַדעקן דעם טעפּיך פון קאָל עז און מעך... פון הינטער אַ מירטן־בוים באַווייזט זיך אַ גאַנצע מחנה הינער.

אויפן באַרגשפּיץ בלייבט ספּי אַ ווייליע שטיין, הערט זיך צו באַטראַכטנדיק דעם ים, ווי די שיפן פון די פישער, קומע־

דיק צוריק צום פאָרט, האָבן פאַרשפּרייט זייערע רויטע גזעל־ אויף אַ גרויסן שטח...

— ווי שיין דאָ איז!

די לאַנדשאַפט האָט אָנגענומען איר געוויינלעכן אויסזען. אין דער אַרומיקער שטילקייט הערן זיך טויזנטער לייכטע, שטי־ לע גערוישן... די שמייכלדיקע נאַטור איז ווידער געוואָרן איר־ פרייַ ין.

## 6

אויפן וועג פון וואַרדיער קיין שאַטאָ-רוזש איז געגאַנגען סעבאַסטיאַן אַקאָ, שטאַרק דענערווירט און אומגעדולדיק... וויפל מאָל האָט ער שוין, וועלנדיק אַריינדרינגען אין איר זין, איבערגעלייענט דידאָזיקע דעפּעשע, וואָס רופט אים אַהיים מיט דריי וואָכן פריער פאַרן באַשטימטן טערמין...

—קום געשווינד, פּעטער... איך נויטיק זיך אין דיין הילף.

צי איז זי קראַנק? אָדער עפּעס אַן אַנדער אומגליקלעכער צופאַל?

זיינע געדאַנקען זענען אויסשליסלעך פאַרנומען מיט איר, ער פאַרגעסט אפילו דעם שרעקלעכן שמערץ פון זיין קראַנקן פוס. די איבעריקע אָרעלים, זיי אינטערעסירן אים, ווי דער פאַראַיאָריקער שניי.

צעקנייטשנדיק דעם בויגן פּאַפּיר, רוקט ער עס ווידער אַריין אין טאַש און נעמט אַרויס פון דאָרט זיין פּיפּקע מיטן טאַבאַק. פאַרציענדיק די פּיפּקע איין מאָל נאָכן אַנדערן, באַדעקט ער זיך מיט רויך, וואַרפנדיק זיינע אומבאַוועגלעכע בליקן אויפן ווייטן שטח—ווו ער זעט נישט דורכן דאָזיקן רויך קיין שום זאַך, אויסער זיינע שלעכטע געדאַנקען...

ענדלעך די באַקאַנטע אויסגעגנט, דער פייף פון לאָקאָמאָטיוו, די ערשטע הייזער... דער צוג שטעלט זיך אָפּ, אַט זעט

זיך צווישן דער מאַטע פּרעמדע, באַקאַנטע געזיכטער: באַמסטע זשאַנדאַרמען... ווער ווייס, וואָס פאַר אַ שלעכטע בשורה עס וואַרט דאָ אויף אים, וואָס וועט אים האַסטיק אַ שטיק טאָן פאַרן האַלדז.

—פּעטער!

—דו ביזט דאָ?

ער האָט זיך אַזוי געשראָקן, צי איז זי חלילה נישט קראַנק?

—וואָס איז געשען?

—איך וועל דיר אַלץ דערציילן, ביי דיר אין דער היים.

—אַן ערנסטע זאַך?

—יאָ.

—אַזוי ווייס, אַז מ׳קען וועגן דעם נישט שרייבן?

—יאָ.

—צום טייוול!

גייענדיק האָט ער געפרוווט איר פרעגן, ער האָט זיך אָבער אָנגעשלאָגן אָן איר האַרטנעקן שווייגן... וואָס פאַר אַ שווערן אינערלעכן קאַמף האָט זי געהאַט דורכצומאַכן ביים געדאַנק, אַז איר אויפריכטיקער ווידוי זאָל איר נישט פאַרשטעלן דעם וועג צו זיין האַרץ...

—דערצייל!—האָט ער באַפוילן, נאָכדעם ווי ער האָט אויפגעעפנט די לאָדנס אין פאַרמאַכט די טיר און די פענסטער.

ער האָט זי צוגעצויגן צו זיך, אויפמערקזאַם אַריינגעקוקט אין אירע טרויעריקע אויגן, און איר נשמה, וואָס האָט ביי אים געזוכט הילף.

אַ מערקווירדיקער בליקן-אויסטויש, ווו די צאַרטקייט פון אַ קינד, וועלנדיק זיך ראַטעווען דורך דער פאָטערלעכער ליבע, געפינט אַ טרייסט אין איבערטראָגן אויף אים אירע ליידן.

—צי דען איז עס באמת אַזוי ערנסט?

—איך וועל האָבן אַ קינד.

זיין בליק איז פּלוצלינג געוואָרן שטרענג, די קינבאַקן

צונויפגעפּרעסט,—פאַקאָ איז די פאַרשטיינערט געוואָרן. ספּי איז אַ פאַל געטון אויף די קני נעבן זיין פאָטעל.

מיט אַ פאַרשטיקטער, ציטערנדיקער שטים האָט זי זיך מתודה געווען. פון צייט צו צייט האָט זי געהויבן די פויסטן. וואָס עס האָט אים אַמייסטן אויפגערעגט—איז די ווילדקייט פון בלוטדורשט ציוויליזירטן מאַן. די ברוטאַליטעט פון טיראַן, וואָס צוברעכט, פאַרבייגייענדיק, אַ מענטשלעכע עקזיסטענץ, אָן שום געוויסנסביסן—אָדער אפשר נאָך גאָר מיט אַ חוצפּהדיקער, טעמפּער צופרידנקייט—פונקט ווי ער וואָלט אָפּגעריסן אַ גרעזל, אָדער צוקוועטשט אַ פליג! אַזאַ מין באַליידיקנדיקער פאַראַכטונג צו דער פּערזאָן און צום לעבן פון אַ מענטשן, אויף אַזאַ מין נידעריקן אופן זיך באַנוצן מיט דער קראַפט, אַז צוליב איין מאָמענט פאַרגעניגן, איבעררייסן צוויי עקזיסטענצן!

פאַקאָ האָט פאַרלאַנגט, אַז אויב דאָס געזעץ שווייגט, זאָלן לפּחות די זייטן שטעמפּלען מיט דער שאַרפסטער שטראָף די האַנדלונגען פון אַזעלכע מענטשן-חיות... און עס איז לגמרי נישטאָ קיין שום מעגלעכקייט צו פאַלן אויף אַ שפּור פון דעם דאָזיקן שיינעם מענטשן, וואָס זי ווייס אפילו נישט זיין נאָמען, נישטאָ קיין שום שטראָף פאַר אַזעלכע מערדער!... יאָ, יאָ, ער קען דאָס דאָזיקע אַלטע לידל: „די מיידל איז באַשאַפן פאַרן בחור" „די פרוי מוז זיך שטענדיק און אומעטום אונטערוואַרפן דעם מאַן!" דורך אַ מין געדאַנקען-אַסאָציאַציע האָט ער זיך גלייכצייטיק דערמאָנט אָן גאַלישן וויץ.

—ווי עס זעט אויס, מיין פריינט, זענט איר אַראָפּגעפאַלן פון הימל... הײַנטיקע יונגע מיידלעך נוציקן זיך נישט אין קיין פאַרזיכטסמיטלען. מען דאַרף באמת אַוועקגיין אין אַ דאָרף אַריין ווי שאַמפּאַ-רוזש, למשל, כדי צו זעטיקן אַ כשרה בהמה, וואָס ווערט טראָגעדיק פון ערשטן מאָל!... די פריילנס איקס, איגרעק, זעט, וואָס האָבן געענדיקט העכערע טעכטער—שולן זענען נישט אַזוי אומבאַהאָלפן!"

אַ גאַנצער ווירבל פון געדאַנקען, וואָס פאַרשווינדן אַזוי

גיך, ווי זיי קומען... פראַגן, פאַרוואָרפן, הרטה-געפילן, אַלץ דורכגערעדט און דורכגעזיפּט. ער שטייט פאַר אַ געשעענעם פאַקט. ער פילאָזאָפירט נישט מער, נאָר באַמיט זיך זי צו באַרויקן, געפינען וועלכן עס איז אויסוועג.

זי האָט אָנגעשפּאַרט איר הייסן, פיבערדיקן קאָפּ אויף זיינע אַקסלען, און ער גלעט אירע קורצע האָר.

— מאַך נישט קודם כל דערפון קיין דראַמע. וואָס טויג עס? כדי אַרויסצוטראָגן די אַוואַנטורע אויפן גאַס? האָסט שוין אָפּגעטאָן אַ נאַרישקייט, וואָס דו האָסט זיך געעצהט מיט ראָזען...

— עס פאַלט איר נישט איין, אַז עס האַנדלט זיך וועגן מיר...

— זייער גוט. קאָנען מיר, הייסט עס, אָנהויבן עפּעס צו טאָן, נישט מורא האָבנדיק פאַר קיין שום עווענטואַליטעטן. לאָמיר זיך ווייניקסטנס באַקלערן, ווי אַזוי צו פאַרזיכערן די צוקונפט.

אַ פאַרצווייפלטע האָט זי אויסגעשריגן:

— די צוקונפט... עס איז...

— ס'קינד... דו ביסט געריבן: אַן אָנפאַל, אַ פאַרברעכן קעגן דיין ווילן... און ביי אַמפּערנדיקע אומשטענדן...

— זע, פעטער, דו האָסט מיר אָפּגעווענדט פון פראַנסואַן, וואָס איך האָב אים ליב, כדי אויסצומיידן דאָס, וואָס עס איז געשען!

— אין אַלע אונטערנעמונגען זענען פאַראַן צוויי מאָמענטן: איינער — צופעליקייט — מעגלעכקייט. דער צווייטער — דאָס אומפאַרמיידלעכע, דאָס פאָרויסבאַשטימטע. מיט דיר האָב איך מיטן גאַנצן האַרצן געשפּילט אויף די ערשטע קאָרט. מיר האָבן אַרויסגעצויגן די צווייטע. עס האָט זיך, הייסט עס, נישט איינגעגעבן, וואָס קאָן מען מאַכן! דאָס שיקזאַל פירט דעם, וואָס פאַרלאָזט זיך אויף אים, שלעפּט אָבער יענעם, וואָס שטעלט זיך אַנטקעגן. דו האָסט געמוזט זייער גיך זיך לערנען לעבן... עס איז געווען פאָרויסבאַשטימט! אָבער לאָמיר זיך קודם כל אויפקלערן די גאַנצע זאַך... עס איז נאָך נישט קיין אומפאַרבעסערלעך אומגליק.

— איך דאָס האָפענונג! הויכשטיבעלעך רעכן איך אויף דיר... און עטלעכע טעג אַרום וועסטו מיך אַוועקפירן קיין מאַרסעל...

—מיר האָבן נאָך גענוג צייט! נאָך—ער האָט אָנגעהויבן רעכענען—נאָך גאַנצע דריי מאָנאַטן וועט קיינער דיין צושטאַנד נישט באַמערקן...

—ניין, נישט אין דריי מאָנאַטן אַרום, נאָר טאַקע שוין! כדי...

זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט און — זיי האבן זיך פאַרשטאַנען...

—מאַכן אַ קינסטלעכן אַבאָרט? דאָס, בשום אופן נישט, מיין קינד!

ספי איז געוואָרן אַ צעטומלטע.

—הער אויס, ראָזע האָט מיר געגעבן דעם אַדרעס פון אַ באַוווסטער אַקושערין, אַ געוויינלעכע איינשפריצונג... און מען ווערט עס פטור!

ער האָט איר שאַרף איבערגעהאַקט:

—דו ביסט לחלוטין נישט ביים זינען! איך וועל דיר פאַר קיין פאַל נישט צוהעלפן זיך אונטערצווואַרפן אַזאַ אָפּעראַציע!

—דאָס, אָדער זעלבסטמאָרד!

—זעלבסטמאָרד!...—פון כעס איז ער געוואָרן רויט ווי פייער.

—צי ווייסטו, אַז מיטן זעלבן קלאַפּ וואָלסטו מיך אויך דערהרגעט?... זעלבסטמאָרד אין דיינע יאָרן, און צוליב דעם?! ניין, דאָס וואָלט שוין געווען צו נאַריש! דאָס לעבן אפילו מיט אַלע זיינע צרות, איז—הייליק, דו הערסט, צי ניין!... וואָס אַמבאַלאַנגט דאָס, אַז איך זאָל דיך לאָזן גיין צו עפּעס אַ מין צווייפלהאַפטער אַקושערין...

—ראָזע האָט זיך שוין ביי דערזעלבער געמאַכט צוויי אַבאָרטן!

ער האָט געקוועטשט מיט די פלייצעס:

—איינער דרייט זיך אויס, דער צווייטער קאָן באַצאָלן מיטן

לעבן. ניין! דיין געזונט איז פריער פון א.ק. איך זאָג זיך קאַטעגאָריש אָפּ דיך צו באַגלייטן אויפן דאָפּלט געפערלעכן וועג...

—אָ! פעטער, ראטעווע מיך... איך בעט דיך!

—דיין לעבן איז איצט נישט אין געפאַר.

—אמת, אָבער!... ווי אַ צעמישטע האָט זי געבראָכן מיט די הענט... אויב דו וועסט מיר נישט העלפן בין איך גרייט אויף אַלץ!

— אָבער געדענק, מיין קינד. קלער וועגן די קאָנסעקווענצן פון אַ קינסטלעך מיטל... קראַנקהייט, אָדער געפענגניש!

זי איז אויפגעשפרונגען, אַ צוקאָכטע:

—כל זמן דאָס קינד איז ביי דער מוטער אין בויך, געהערט עס איר אַליין. זי האָט דאָס פולע רעכט צו דיספּאָנירן מיט זיך און מיט אים... עס איז נישטאָ אַזאַ געזעץ און אַזאַ גערעכטיקייט, וואָס זאָל מיר קאָנען פאַרווערן זיך צו באַפרייען, פאַרן באַשטימטן טערמין, פון אַ קינד, וואָס איך האָב עס נישט געוואָלט!

—איך גיב צו, אַז עס איז נישטאָ אַזאַ גערעכטיקייט, איך ווייס אָבער, אַז עס עקזיסטירט אזא געזעץ, און עס זענען פאַראַן ריכטער. און איך וויל נישט, אַז דו זאָלסט פאַלן אַלס קרבן פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט, וואָס אויך זי פאַרטיידיקט נישט די שוואַכע, זי זאָגט זיך אָבער נישט אָפּ זיי צו באַשטראָפן, ווען זיי וואַרפן זיך נישט אונטער אירע געזעצן.

—איך לאָז זיך אויס פון זיי! אויסער דעם, וועל איך זיכער נישט דורכפאַלן!

—דו קענסט אריינפאַלן לגמרי נישט ווילנדיק...

—ניין! ניין! איך וויל נישט...

ער האָט איר איבערגעהאַקט, אויפהויבנדיק די הענט:

—וויפל זאַכן קומט פאָר, וואָס מען וויל זיי טאַקע נישט: אומגליק... קראַנקהייט... עלטער...

—אָבער ווי אַזוי וועל איך זיין אימשטאַנד צו האָדעווען

א קינד? ווי וועל איך נעמען די מאַטעריעלע מיטלען?

—צי דען ווייסטו נישט, אַז מיין גאַנצע אַרבעט, אַז אַלץ, וואָס איך פאַרמאָג, געהערט צו דיר?

—פאַר אַ יאָט, מיט וועלכן מען האָט מיך מזכה געווען מיט געוואַלד!... אַך, ניין! אַ שיינעם דאַנק! איך וועל נישט ווערן קיין מוטער פון קיין אַנדערן, אויסער פון דעם, וואָס איך וועל מיר אַליין אויסוויילן. אויב נישט, וועל איך בעסער שטאַרבן.

—שטאַרבן? דו...—עס האָט אים פאַרכאַפּט דער אָטעם.—

בלויז קלערנדיק וועגן דעם, באַגיס איך זיך מיט אַ קאַלטן שוויס...

—ס׳קאָן אָבער אַנדערש נישט זיין!

ביידע האָבן געשוויגן. די טרויעריקע דראָונג איז געשטאַנען אינמיטן, צווישן זיי

דער פעטער האָט א זיפץ געטאָן. אַלע זיינע אָנשטרענגונגען, אַלע האָפענונגען ווערן פאַרניכטעט מיטן פאַרשווינדן פון דאָזיקן מיידל!... ווידער איז אויפגעשטאַנען פאַר זיינע אויגן די פאַרגאַנגענהייט, וואָס ער איז דורכגעגאַנגען לאַנגזאַם, ווי אויף אַ לייטער, אַ שטאַפּל נאָך אַ שטאַפּל—און פּלוצלינג האָט ער זיך דערשפּירט מיד און אָנמעכטיק...

זי, צוקוקנדיק זיך צו זיין געשטאַלט, וואָס די הויט האָט זיך שוין קוים געהאַלטן אויף די ביינער, וואָס דער שמערץ האָט אים פאַרוואַנדלט אין אַ סקעלעט, איז זי געוואָרן ווייכער.

—אָרעמער פעטער! אין דעם מאָמענט האָב איך באַגריפן, ווי ס׳טוט וויי ווען אַז מ׳איז נישט בכוח צו פאַרלייכטערן די ליידן פון די, וועלכע מ׳האָט ליב...

נישט ענטפערנדיק קיין וואָרט האָט ער זי געדריקט די האַנט. ער האָט צוגעמאַכט די אויגן, כדי צו באַהערשן זיינע געפילן.

זי האָט צוגעדריקט איר געזוכט צו זיינעם... דאַן האָט ער ווייטער גערעדט:

—אויב דו ביזט גערירט פון מיין ליידן, טאָ לאָז מיר דיך פירן. דיין שמערץ וועט זיין לייכטער, אַז מיר וועלן זיך ביידע טיילן מיט זיין לאַסט... די אַנדערע? וואָס זיי וועלן זאָגן? דאָס

אינטערעסירט מיך גאַנץ ווייניק! און איך גלויב, אַז דו וועסט אויך דערפון נישט נתפעל !...

און שטייענדיק פנים אל פנים פאַרן פאַקטישן אומגליק, האָט ער זיך נישט פאַרלוירן:

—אַ מיידל—אַ מוטער... און דערנאָך? אויב דיינע קרובים וועלן דיר דערגיין די יאָרן, וועסטו איבערגיין צו מיר... אויב די שכנים וועלן דיך נישט לאָזן לעבן—וועלן מיר זיך איבער-טראַגן אין אַן אנדער אָרט! עס איז שוין צייט, איך זאָל זיך אַנדערש איינאָרדנען. די נייע ווילע ווערט באַלד פאַרטיק. גלייכ-צייטיק וועל איך אויך פאַרדינגען די דאָזיקע אַלטע הורבה... דאָס אַלץ וועט אַריינבּרענגען געלט. מיר זענען ביידע געזונט, נישט פויל... מיר וועלן דערציען אַ קינד. און ווער ווייס, אַז ער וועט אויפוואַקסן, וועסטו גאָר זיין גליקלעך דערמיט, וואָס דו האָסט אים!

—דאָס, קיינמאָל נישט!

—האָב געדולד! הער מיך אויס!

באַמערקנדיק איר וואַקלעניש, האָט ער געהאַלטן, אַז סוף כל סוף וועט ער איר אין דעם איבערצייגן... און אַז עס וועט קו-מען דער מאָמענט, ווען איר צושטאַנד וועט ווערן באַמערקבאַר—וועלן זיי צוזאַמען באַק׳ערן, וואָס צו טאָן און ווי זיך איינצו-אָרדנען... אין פּאַסנדן מאָמענט וועט זי אויף אַ צייט אַוועק-פאָרן, אויב עס וועט נויטיק זיין, וועט ער אַליין אָפּגעבן דאָס קינד צו אַן אַם... עס איז בכלל אַ סך פּשוטער ווי מ׳שטעלט זיך עס פאָר.

—יעדער טאָג האָט זיינע דאגות—האָט ער איר דער-קלערט—דיה לצרה בשעתה! דו ביסט געננג קלוג, און איך בין זיכער, אַז דו וועסט זיך שטעלן העכער איבער די אַלע קליינלעכע אומאָנגענעמליכקייטן, איבערן שמוץ, וואָס ס׳וועלן אויף דיר וואַרפן די מענטשלעכע נאַרישקייט און זייער רשעות. האַלט זיך נישט פאַרדערנידעריקט, דורך דעם, וואָס עס וואַרט אויף דיר. אַ קינד קאָן זיין אַ שטערונג, אָבער בשום אופן נישט קיין אומכבוד... זאָל דיר די דאָזיקע אַוואַנטורע דינען אַלס

מיטל בעסער צו פאַרשטיין און אָפּצושאַצן אַלץ, וואָס עס רינגלט דיך אַרום... זיי רופן ביי מיר אַרויס אַ געלעכטער מיט זייער מאָראַל! אַ דעק פול מיט קנים! די מאָראַל, די עכטע, דאָס איז אַ שולע, ווו מען דאַרף זיך לערנען. טאָג ביי טאָג אויס צו טראַנספאָרמירן די געשעענישן אין אַ לעקציע, אָפּצוואַרפן דעם פאַלשן שיין, כּדי זיך צוקלויבן צום אמת.

אַקצענטן, וואָס האָבן געקלונגען מיט אַ פּוסטקייט אין ספּיס אויער. נישט קרענקן מער דעם פעטער, יאָ... אָבער אים זיך אונטערוואַרפן, ניין!.. קיין שום טענות, קיינע געזעצן וועלן זי נישט צווינגען אַרויפצונעמען אויף זיך די לאַסט פון אַ מוטערשאַפט, אויף וועלכער זי האָט נישט געגעבן איר הסכמה!.. ווער קאָן איר צווינגען איבערצונעמען די שווערסטע פאַראַנט-וואָרטלעכקייט פון ברענגען אויף דער וועלט אַ לעבעדיק באַ-שעפעניש—וואָס, אויסנוצנדיק זיין קראַפט, האָט דער אמתער שולדיקער פשוט געוואָרפן אין איר זיין זוימען, ווי דער ערד-אייגנטימער, בעת זיין זריעה-אַרבעט אויף דעם פעלד.

דער פעטער פאַקאָ איז אויפגעשטאַנען און אַ זיפץ געטאָן.

—גיי, זאָג דיינע עלטערן, אַז איך בין צוריקגעקומען און דו בלייבסט ביי מיר אויף מיטאָג... איך וועל דערווייל אָנשרייבן עטלעכע בריוו. מיין אויפזיכטס-רייזע וועל איך מוזן אָפּלייגן. אַלץ ערגער פאַר די זיידן-ווערעמלעך.

ער האָט איר צוגעצויגן צו זיך און גענומען איר קאָפּ אין זיינע גרויסע הענט.

—איך וועל דיך אַרויסשלעפּן פון דעם דאָזיקן גרוב, איך זאָג דיר עס צו. נו, טו כאָטש אַ לאַך! אין עטלעכע מאָנאַטן אַרום, וועט עס אַלץ זיין נישט מער ווי אַ שלעכטער חלום... מעגסט מיר טרויען. איך וועל דיך נישט פאַרלאָזן!...

7

—פעטער, הע, פעטער!

פּאַקאָ טוט זיך אַ כאַפּ און הויבט אָן האַסטיק זיך אָנצו-טאָן...

—עפּעס אַ מין קאָשמאַר, האָט מיך געמאַטערט אין שלאָף... וויפיל איז איצט דער זייגער?... דער ציפערבלאַט, וואָס לייכט אין דער פינצטער, ווייזט, אַז ס'איז איינס נאָך האַלבער נאַכט...

פון די קלעפּ אין טיר טרייסלען זיך די ווענט.

—פעטער! הע! סעבאַסטיאַן!

ס'איז הייסט עס נישט קיין חלום... וואָס איז געשען... ווער איז דאָרט?

ער שפּרינגט אַראָפּ פון בעט, טוט אָן גייענדיק די הויזן און פרעגט:

—ווער איז דאָרט?

—דאָס בין איך, לואי. ספּי איז קראַנק...

—וואָס?—דעם אַלטנס הענט הויבן אָן ציטערן.

ער טוט אַ נעם אויף יעדן פאַל זיין רייזע-אַפּטייקל און פרווונדיק אומגעשיקט עפענען די טיר, פאַרגעסט ער איבערצו-דרייען דעם שליסל. מיט אַ פאַרשטיקטער שטים פרעגט ער-לואין:

—וואָס איז מיט איר?

—מיר ווייסן נישט. ס׳טוט איר ווי ס׳הארץ. זי רופט דיך, ווייל דיך אומבאדינגט זען.—ער לויפט אהין—וואס פאר א אידיאט ער איז.

ווי הדטים נאכאנאנד, האט ער געגלויבט, אז זי האט רעזיגנירט! פון שרעק, וואס שטיקט אים אין האלז, דאכט זיך אים, אז אלץ ארום ברעכט זיך אויף שטיקלעך.

זיי שפרייזן אונטערן רעגן איבער דער הארבסט-בלאטע. אין דער שטאק-פינצטערער נאכט. „וואס האט זיך אפגעטאן?״ קלערט ער.

ער דערמאנט זיך אן טויט-פאלן, אן זעלבסטמארדן פון פארצווייפלטע מיידלעך. איינע דהאט זיך דורכגעריסן די גע-בערמוטער מיט א שטריקנאדל... א צווייטע אפגעבריט מיט קאכעדיקן לויג וואסער... זיינע אומרויקע געדאנקען, זאגט ער, נאטי לעך נישט ארויס אויפן קול. לואי. ווי ס׳זעט אויס ווייס נאך גאר נישט. זיי קומען צו גיין. די מאמע ארעלי, אן אומ-רויקע, זעט אויס ווי א צעקודעלטע הין.

—איך ווייס שוין מער נישט, וואס צו טאן! טיסאן, טײ, קאווע, זי וויל קיין זאך אין מויל נישט נעמען... אויב ס׳איז בויטיק זענען מיר גרייט צו רופן דעם דאקטאר... א קרענק פאר פינף גראשן,—און די רפואות קאסטן באלד צוואנציק פראנק און די וויזיטן פון דאקטאר—זיי קאסטן אפ א פארמעגן — און נעמען לגמרי אפ דעם חשק זיך ווען עס איז צו קורירן!

ער האט איר איבערגעהאקט:

—גוט, גוט! איך האב מיטגעבראכט רפואות. לאז מיר מיט איר זיך דורכרעדן און באקלערן וואס מען דארף טאן.

—טו, ווי דו פארשטייסט!—זי האט א געגעך געטאן — וואס פאר א נאכט! שוין נישטא ממש קיין כחות צו דעם אלעם. און מארגן דארף מען ארבעטן!

—גיי שלאפן, איך וועל דיך רופן, אז מען וועט דארפן.

די מאמע מיטן זון האבן זיך נישט געלאזן לאנג בעטן. סעבאסטיאן האט זיך אריבערגעבויגן איבערן בעט, ווו דאס

מיידל איז געלעגן און האָט שווער געאָטעמט. די ברעך-אָני-פאַלן האָבן זי געמוטשעט, דער שטערן האָט זיך באַגאָסן מיט אַ קאַלטן שוויים.

ער האָט זי אַ נעם געטאָן פאַר דער האַנט און זיך צוגע-קוקט צו די רעפלעקסן אויף איר געזיכט, כדי צו דערגיין וואָס ער האָט צו טאָן.

—וואָס האָסטו זיך אָפּגעטאָן?

זי שווייגט. באַלד דערהערט זיך אַ זיפץ.

—זאָג מיר געשווינד!

זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

—זאָג מיר, איך בעט דיך!

ער האָט פאַרשטאַנען מער, ווי ער האָט געהערט:

—איך וויל שטאַרבן!... איר געזיכט האָט אויסגעדריקט אַן אומגעהייערע פאַרצווייפלונג.

—אַזוי ווייניק, הייסט עס, האָסטו מיך ליב!

מיט אַ שוואַכן דרוק פון אירע אייז־קאַלטע פינגער וויל זיך, ווי עס שיינט, ספּי אַנטשולדיקן. ער פאָדערט אומבאַדינגט:

—רעד!

זי קרעכצט און רעגט זיך אויף.

—אָ! וואָס פאַר אַ שמערצן!

—איך בעט דיך, ספּי, גיב מיר די מעגלעכקייט דיר צו ראַטעווען!

זי מאַכט אַן אָנשטרענגונג זיך אויפצוזעצן:

—ברעכן... ברעכ...

זי פּרוווט זיך, קאָן אָבער נישט. מאַכטלאָז פאַלט זי צוריק אויפן קישן.

—קינד מיינס, דו קוועלסט מיך... ענטפער! אַ מורמלען. ער הערט קוים: „סם!..“

צום גליק האָט ער ביי זיך אין נעסעסער אַ שטאַרקן ברעך-מיטל. מיט געוואַלד עפנט ער איר אויף דעם מויל און גיט איר איין דעם פּראָשעק:

שלינג אָראָפּ געשווינד!

באַזיגט דורך די שרעקלעכע שמערצן, שלינגט זי עס אַראָפּ אין גאַנצן.

— — — — — — — — — — — —

די רפואה האָט געווירקט, זי דערשפּירט זיך גלייך בעסער. שלאָפט איין אויף אַ ווײַלע. לייכטע שמערץ־אָנפאַלן באַוועגן אויך אין שלאָף די מוסקולן פון איר געזיכט. פּאַקאָ, נאָך כּסדר אַן אומרויקער, נעמט נישט אַראָפּ פון איר די אויגן. ווער האָט עס געקענט קלערן, אַז אונטער דער אויסערליכער רויקייט איז זי אַרומגעגאַנגען מיט אַזעלכע פינצטערע געדאַנקען. נעכטן אין אָוונט איז זי נאָך כּלומרשט אַ גאַנץ רויקע געקומען מיט אים אַ בקסל פאַרברענגען... קומענדיק אַהיים—האָט זי זיך אים מודה געווען פאַרן איינדרימלען - האָט זי אַראָפּגעשלינגען אַ פראָשעק גיפט! סם פאַר מייז, וואָס לואיהאָט אינדערפרי געבראַכט פון אַפּטייק... „עלנט קינד מיין?״. ווי זייער האָט ער געוואָלט איר זען אַ גליקלעכע!

זי האָט אַן עפן געטון די אויגן...

—טרינקען!

זי האָט צו אים געשמייכלט...

—זיי מיר מוחל, פּעטער.

—מער ווערסטו אַזוינס נישט טון?

—ניין.

—שווער מיר עס צו, מיין קינד.

—איך שווער דיר.

ער האָט זי צערטליך אַרומגענומען. זי האָט אים אַ קוש געטון און געמורמלט:

—זיי מיר מוחל..

פּלוצלינג האָט זיך דורכגעריסן אַ שטראָם אָנגעזאַמלטע עמאָציעס. דאָס געוויין פון אלטן האָט זיך צונויפגעמישט מיטן כליפּען פון קינד... מען קען האָבן אַ שטאַרקע נשמה, ווען אויסהאַלטן דעם דרוק פון די געשעענישן... ס׳קומט אָבער אַ

מאָמענט, ווען די רעסאָרן פּלאַצן... און דער מענטש פאַלט אונטער דער לאַסט פון זיינע טיפע ליידן.

ס'איז דער טויטער פונקט, ווו דער שמערץ גענינט צוריק זיין גלייכגעוויכט. דאָס שיקזאַל שפּירט זיך דאַן באַפרידיקט. די טרערן ברענגען טרייסט און אומבאַוווסטזיניק דערוואַכט אויפדאָסניי דער טיפער אומווידערשטיינליכער פאַרלאַנג צו לעבן,

האַלב זעקס אין דער פרי. ס'איז נאָך נישט טאָג. מאַדאַם אָרעלי קומט אַריין האַסטיק צו דער טאָכטער אין צימער.

—איך פאָר קיין אַרק מיטן צוג, וואָס גייט אָפּ זעקס אַ זייגער, אָפּברענגען די קו, וואָס איך האָב דאָרט געקויפט. אויב דו וועסט באַוויזן, וואַש אויס די וועש—ס'איז אומבאַדינגט נויטיק... זינט דו ביסט געוואָרן נאַכלעסיק, האָט זיך אָנגעקליבן אַ מאַסע אַרבעט.

וויפיל פאָרוורפן האָבן זיך נאָך באַהאַלטן אונטער דעם דאָזיקן ביטערן טאָן... ספּי ווייסט עס אויסגעצייכנט. פאַר די לעצטע דריי חדשים, וואָס זי שפּירט זיך מיד, שלעפּט קוים די פיס, וואַקסט אָן אַן אויפהער דער צאָרן אין איר מאַמעס האַרץ, זי הערט נישט אויף צו רעכענען די הזיקות פון יעדן פאַרנאַכלעסיקטן טאָג אַרבעט... אַך! ווען זי זאָל דעמאָלט נישט האָבן צוגעזאָגט דעם פּעטער מער עס נישט צו טאָן—, וואָלט זי שוין לאַנג נישט געווען אויף דער וועלט!... טייערער פּעטער! ער גייט איר נאָך, פונקט ווי אין איר זאָל ליגן די צוקונפט פון דער גאַנצער וועלט! ער היט זי אָפּ און האַלט אין איין טראַכטן, ווי אַזוי זי צו פאַרווײַלן, צו מאַכן פריילעך. אָבער נישט געקוקט אויף דער זיכערקייט, אַז זי קאָן זיך אין גאַנצן פאַרלאָזן אויף אים,—האָט זי זיך בשום אופן נישט געקאָנט צוגעוווינען צום געדאַנק, אַז זי מוז טראָגן די קאָנסעקווענצן פון אַ פרעמדן חטא.

ער האָט גוט געשפּירט, נישט פון אירע ווערטער—זי האָט אים יעצט נישט אָנפאַרטרויט, ווי פריער, יעדן פאַרבאָרגענעם געדאַנק—נאָר לויט איר פאַרשלאָסנעם, שטרענגען אויסזען,—אַז זי לעבט איבער אַן אומגעהייערע אינערלעכע רעוואָלוציע. ער איז דערפון געווען פיל אומרויקער, ווי ער האָט עס איר אַרויסגעוויזן, וויסנדיק, אַז די יוגנט, אין איר צעפערונג פאַרניכטעט אָפט אומברחמנותדיק אַלץ אַרום, און ערשט שפּעטער איז זי אימשטאַנד אָפּצושטעלן די גרויס פון איר דורכגעפירטן חורבן...

מיט אונטערגעהאַקטע פליגל, אַראָפּפאַלנדיק פון די הויכ־קייטן, אויף וועלכע זי האָט זיך אויפגעהויבן אַ דאַנק איר אייגנאַרטיקער דערציִונג צו אַ ברייטער וועלט־אַנשויונג—איז ספּינאָך אין גאַנצן געווען צעטומלט פון דעם דאָזיקן טראַסק אָן דער ערד...

אין איר מאָראַלישער פאַרצווייפלונג און צייטווייליקער פיזישער דערנידערונג, האָט זי זיך טאַפּנדיק געקלאַמערט—ווייל זי האָט צוגעזאָגט צו לעבן—אָן דעם, וואָס ס'האָט איר געקאָנט רעטעווען; אָן דער ליבע פון פראַנסוא.

אויסהערנדיק לוא"ס מעשיות, האָט זיך פראַנסוא אַריינגעהאַקט אין קאָפּ, אַז זי האָט זיך צוליב אים געוואָלט נעמען דאָס לעבן!

—עלנט מיידל!!. האָבנדיק אויף איר רחמנות, וואָס זי איז קראַנק, האָט ער זיך באַצויגן צו איר זייער צערטלעך, פריינטלעך, און פלעגט טאָג טעגלעך צו איר קומען.

די מאַמע—אָרעלי האָט דערשמעקט אין די דאָזיקע טעגלעכע באַזוכן אַ מעגלעכקייט איר חתונה צו מאַכן, און דהאָט זיך שוין באַצייטנס געריבן די הענט: בלייבנדיק אַליין מיט לואין וועט זי ענדלעך אויך פּטור ווערן פון מאַן!

וואָס אָנבאַלאַנגט ספּי, האָט איר ליבע, כאָטש אַ צעטרעטענע געוויקס, ווידער אָנגעהויבן לאָזן שטאַרקע וואָרצלען און אָפּגעשוואַכט אירע ליידן.

אין דעם מאָמענט האָט זי נישט געפאָדערט פון פראַנסואָן מער ווי זיין אויפמערקזאַמקייט, זיין צערטליכקייט... ווען ער זאָל וויכן!—פלעגט זי קלערן ווערנדיק אָן אויפגעביטערטע—און אפשר וואָלט ער מיך פאַרשטאַנען?... אָבער איך בין נאָך בכח צו שווייגן.

און ווער ווייס, אפשר שפּעטער, אַז איך וועל צוריק קומען פון מאַרסעל... אָבער לאָזן אים זיך אַזוי אַנגאַזשירן, בעת ס'פעלט אים גאָר נישט איין... די דאָזיקע פלומרשטע צניעות אין באַצוג צו אים איז געפאַלן אויף איר טרויעריקער

...רע רעכט, וואָס וואָלט אָבער נישט געווען לייכטער ...ס מודה זיין זיך גופא.

—דערווייל דאַרף מען גיין צו דער אַרבעט! דער פּאַטער און לואי זענען שוין אַוועק. מען וועט זען, אפשר וועט זיך באַך ווי ס'איז איינאָרדנען.

—העו! העו!

פראַנסואַ! די דאָזיקע שטים אַליין באַלויכט איר געזיכט ווי מיט זונען-שטראַלן. אַ שמייכלדיקע גייט זי צו אים אַרויס. אין דער ווינטערדיקער לופט, האָט זיך שוין געטראָגן אַ מין אויפבליענדיקער ש-רוים, וואָס ברענגט די בשורה פון אַ נייעם פרילינג.

—איך האָב דיר געבראַכט אַ ביסל קאָנפיטורן...

—איך בין אַליין.

ער האָט אַוועקגעשטעלט דעם קליינעם סלוי. זיי האָבן זיך צעקושט. ווי אַנגענעם ער שמעקט מיט ים-לופט און וואַסער-געוויקסן.

—מיין פראַנסואַ!

זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף דער שטיין-באַנק.

—דו האָסט מיך ליב?—האָט ער איר אַ פרעג געטאָן, גערירט פון דער דאָזיקער אָפנהאַרציקער פאַרגעטערונג.

זי האָט אים אָנגעקוקט, אירע אויגן, האָבן זיך פאַרגרע-סערט דורך דער דאָזיקער פראַגע, וואָס זי האָט זיך אַליין גע-שטעלט. זי האָט געמורמלט:

—צי איך האָב דיך ליב? אַריינטראַכטנדיק זיך, קום איך צו דער איבערצייגונג, אַז איך האָב דיך פון שטענדיק אָן גע-ליבט. לכתחלה האָב איך געקעמפט קעגן דעם דאָזיקן געפיל... פון שטאָלצקייט. שפּעטער אפשר דערפאַר, וואָט איך בין נישט געווען די איינציקע אין דיין לעבן!... יאָ, פון אייפערזיכט, ז...ענדיק ווי דו דערלויבסט זיך צו געניסן מיט אַנדערע פרויען ד... פרייד, וואָס איך האָב זיך אָפגעזאָגט דיר צו געבן...

ער האָט איר איבערגעהאַקט.

—זיי ליבן מיך מער ווי דו!

זי האָט אים פאַרמאַכט דאָס מויל מיט דער האַנט, כדי צו פאַרשטיקן די ווערטער, וואָס וואָלטן איר זיכער געשמערצט.

—אָ! ניין! איך ליב דיר מיט מיין גאַנצער נשמה, מיט אַלע מייגע געדאַנקען, דו ביסט ..—איר שטים איז פּלוצלינג געוואָרן ערנסט—מיין גאַנצער מוט. ווען דו וואָלסט וויסן! אָן דיר!...

אויף זיינע ליפּן האָט זיך צעגאָסן אַ נאַרישער זעלבסט־צופרידענער שמייכל. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ער איז געווינט געווען, פאַרבייגייענדיק אָפּצוהאַלטן פאַרשידענע נצחונות, האָט אים נאָך אַזאַ מין ליבע אויפגעהויבן אין הימל אַריין. דער פישער האָט מיט אַ מאָל דערשפּירט זיין אייגענע גרויסקייט. קיינער, הייסט עס, קאָן קעגן אים נישט באַשטיין! ער האָט איר, פון זיין זייט, געוואָלט פאַרשאַפן פאַרגעניגן.

—אויב אַזוי, טאָ ווען וועלן מיר ביידע חתונה האָבן?

ער האָט אַ ווונק געטאָן מיט די אויגן און צוגעשמייכלט.

—ווען דו וועסט וועלן. האָסט שוין אויפגעהערט זיך אַרומ־צושלעפּן?

ער האָט זיך פאַרטיידיקט.

—איצט נישט מער. שוין אַ מאָנאַט צוויי ווי איך האָב זיך לגמרי באַרויקט...—נישט אַריינגערעכנט, פאַרשטייט זיך, די עטלעכע וויזיטן אין אַ הייזל ביי סען-טראָפּעז, וווהין ער פלעגט זיך אַריינכאַפּן, נישט ווילנדיק, אין די נעכט פון פיש-פאַנג.—דו וועסט זען, ווי טריי איך וועל דיר זיין, אַז מיר וועלן זיך דערנענטערן... און דערנאָך, אַז איך וועל צוריקקומען פון מי־ליטערדינסט וועט מען חתונה האָבן אויף אַן אמת. קאָנסטו דערויף איינגיין?

גאַנץ פּשוט האָט ער איר וועגן דעם אַ פרעג געטאָן, ווי וועגן דער איינפ כסטער, :אַטירלעכסטער זאַך, קוקנדיק איר גלייך אין פּנים אַריין.

זי האָט געענטפערט מיט אַ האַלב מויל:

—אין דעם מאָמענט נישט.

ווען ער זאָל פאַרשטיין די סבה פון איר אַפּזאָג! זי איז רויט געוואָרן בלויז קלערנדיק וועגן דעם. זיך אָנבלאָזנדיק האָט ער געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער הויבט זיך אויף אַוועק צו גיין—זי האָט אים אָפּגעהאַלטן און צערטלעך אַ זאָג געטאָן:

—בלייב נאָך אַ ביסל, שיקולע! איך שפּיר זיך גליקלעך נאָר מיט דיר.—זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן זיין אַקסל—בלייב נאָך, מיר איז עס אַזוי אָנגענעם! רויקע... ווי איצט... דו ווילסט עס?

אָבער זוכנדיק אירע ליפּן, האָט ער איר אין דער שטיל געגעבן דעם ענטפער.

—הער, הער מיר אויס!—האָט זי זיך געבעטן.

ער האָט געטרונקען ביים קוואַל גופא אירע ווערטער. דאָס בלוט אין זייערע אַרטעריעס האָט געקאָכט. די ערשטע האָט זי זיך אַרויסגעריסן, פאַרפּזלגט פון איר סוד, און טאַקע צוליב אים האָט זי זיך נישט געוואָלט נאָכגעבן.

—שוין צייט זיך נעמען צו דער אַרבעט... גיי איצט אַוועק!

—בתנאי, אַז דו קומסט אין אָוונט אויפן באַל; מיר וועלן זיין זיך אַביסל דורכשפּאַצירן...

—אפשר וועל איך קומען..

זי האָט געזען דורך די בליקן, וואָס האָבן אויסגעדריקט אַ שטאַרקן פאַרלאַנג איר צו באַזיצן, אַ גאַנץ אַנדער בילד: די טאַמאַרינדן-ביימער אויף דער פּליאַזשע, דאָס ווייכע געלעגער אויפן זאַמד, וווּ די פּאַרלעך קילן זיך אָפּ צווישן איין טאַנץ און דעם צווייטן...

ער האָט איר נישט אָפּגעלאָזט:

—דו וועסט קומען?

—איך וועל זען.

בלייבנדיק אַליין, האָט זי מיט פאַרגעניגן געקלערט וועגן מאָמענט, ווען זי וועט אים ווידער זען. יאָ, זי האָט גיין! וואָס

האָט זי מורא, אויב ער וועט אפילו אויסנוצן איר וואַקלעניש, איז אויך קיין ביז נישט... אַלע בחורים דערלויבן זיך דאָס זעלבע —אָן שום געוויסנסביסן; און אָן וועלכע נישט איז פּאָרווורפן... צי דען איז זי איצט נישט פולשטענדיק פריי, נישט פּטור צו־ליב אַ געוויסער סיבה, פון אַלע סקרופולן? צי זאָל זי זיך נאָך איצט אָפּזאָגן פון איר רעכט צו ליבן,—מיט איר גאַנצן וועזן— אין אַ מאָמענט ווען אַן אויפריכטיקע צוגעבונדקייט פּראָפּאָנירט איר שוץ און טרייסט?—

אַז די מוטער איז צוריק געקומען איז אַלץ געווען פאַר־טיק. דער מיטאָג גרייט, די וועש אויסגעוואַשן. דער אלטערס צוקניימשטער מויל, האָט פון פאַרגעניגן, אָנגענומען זיין באַלטע פאָרם פון אַ לאַנגן, שמאָלן שניט.

די נאַכט איז הגל, באַזילבערט איבערן איינגעדרימלטן ים. אין דער לופט שוועבט אַ וואונדערבאַרע ווייכקייט... דאָס אָנקומען פון פרילינג, מען האָט געקאָנט מיינען, אַז היינטיקן אָוונט האָבן זיך געענדיקט אַלע ליידן פון די לעבעדיקע ברואים און אויף דער וועלט עקזיסטירט איצט נישט מער, ווי די אומ־באַרעכנטע מענטשלעכע האָפענונג! דער ווינט ברענגט בלויז לידער... און דאָך איז דער שמערץ נישט געשטאָרבן—ער שפּיגלט זיך דייטלעך אָפּ אויף ספּיריטעס געזיכט...

—זאָג מיר, דו ביסט שוין נישט קיין בתולה

פראַנסואַ און זיין פלעגש זיצן אויפן דינעם זאַמד. די הענט פאַרלייגט אויף די עלנבויגנס, אַן איינגעבויגענע, זיצט דאָס יונגע מיידל ווי פאַרשטיינערט, רירט זיך נישט פון אָרט.

—דו האָסט שוין מיט אימיצן געהאַט באַציִונגען?

—...דו ווייסט דאָך ניכער. אַז איך בין נישט קיין פריץ. זי האָט עס באַשטעטיקט לגמרי אָפּנהאַרציק.

—איך האָב דיר עס געוואָלט פריער זאָגן. נאָר דו האָסט מיר נישט געלאָזט קיין צייט און קיין מעגלעכקייט.

מיט אַ ווילדער שטים האָט ער אויסגעשריגן:

—יאָ, ווען איך זאָל עס געווען וויסן פריער, וואָלט איך

געוועזן חייניקער פאַרזיכטיק און געלאָנט האָבן מער פארגעַ-
ניגן !... דו האָסט מיך אָפגענאַרט... האָסט זכער געקלערט, אַז
אז־ב דו וועסט האָבן אַ קינד, וועל איך זיך פון אים אָפזאָגן,
באָטיווירנדיק מיטן דאָזיקן פאַקט.

—קאָנסט זיין גאַנץ רויק. ער איז פון אַן אַנדערן...

—וואָס ?

—הער מיך אויס, פראנסוא! דו מוזט מיך פריער אויסהערן
און דערנאָך משפטן.

זי האָט באַמערקט זיין פאַרוואונדערונג און איבערעגונג, זיין
פאַרקרומט געזיכט, מיטן אויסדרוק פון באַליידיקטער אייגנליבע.
וואָס פאַראַ שוטה ער איז! זיך איינגערעדט, אַז ער איז דער
ערשטער !...

זי האָט אים אַלץ דערציילט. זי האָט ווידער איבערגעלעבט
און איבערגעלעבט נאָך אַמאָל אירע ליידן. ער האָט איבערגעהאַקט
איר ודוי מיט זיינע גיפטיקע חוזק־ווערטער, כדי זיך נישט לאָזן
באַאיינפלוסן פון דער אויפריכטיקייט און אָפנהאַרציקייט, מיט
וועלכער זי האָט, אַן אויפגערעגטע, איבערגעגעבן דעמדאָזיקן אומ-
דערהערטן, אומגליקלעכן צופאַל...

—בבא־מעשיות !... צי דען וואָלסטו עס אַזוי געלאָזן, נישט
אָנגענומען קיין שום שריט?

—איך האָב נישט געהאַט קיינעם, מיט וועמען זיך צו
באַראַטן. מיין פעטער איז נישט געווען אין דער היים.

—מעשיות, חד־גדיות, דערצייל עס דיין באָבן, נישט מיר!
—האָט ער ווידער געזאָגט.

זי האָט אים אַרומגענומען פאַרן האַלז, נישט געקוקט אויף
דעם, וואָס ער האָט זיך אַנטקעגן געשטעלט.

—דו וועסט נישט אויפהערן מיך ליב צו האָבן, זאָג? איך
האָב אַזוי פיל געליטן פון דעמדאָזיקן שמוץ אויף דער ריינקייט
פון מיינע געפילן צו דיר! דו ביסט מיין איינציקע, מיין ערשטע
ליבע... דו וועסט מיר נאָך ליב האָבן, זאָג?

ער האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און זיך באַפרייט פון

אירע אָרעמס. זי האָט זיך אָנגעהאָנגען אין זיין אַקסל.

—איך פאַרלאַנג פון דיר נישט קיין שום שבועות..
דערלייב מיר נאָר דיך ליב צו האָבן!... אַז איך וועל דיר העלפן
איבער ריסיק.—זאָג עס מיר גאַנץ אָפן! מער פאַרלאַנג איך נישט
פון דיר!

## 9

אין אַ מאָנאַט שפּעטער.

ערב דעם גרויסן-תּענית.

ספּי, אַליין אין איר צימער, הערט זיך צו צו די לעצטע געשרייען אין שטוב...

דער פאָטער האָט זיך שוין געלייגט. ער ניכטערט זיך אויס אין פּרוכט-שפּייכלער פון זיין שכרות פאַרן גאַנצן טאָג. לואי האָט אים אויפגעהויבן, בעת ער האָט זיך געוואַלגערט אַ שכּורער אויפן פאָרט, און געבראַכט צו שלאָפן אַהיים — כדי אַליין וואָס גיכער זיך אַפּצוטראָגן קיין סען-טראָפּעז טאַנצן און נאַכטיקן — ביי די מאַרעלס, ווו ער דאַרף זיך זען מיט קאָנסטאַנטינען... פאַקטיש איז ער אָבער געגאַנגען צו קלעמאַנס מיראַל, אַ שלייפערין אין דער געווער-פאַבריק!..

אירע געדאַנקען זענען פלוצלינג אַריבערגעשפּרונגען אויפן פעטער, וואָס איז שוין פון נעכטן אָן ווידער נישט אין דער היים. מען האָט אים אומגעריכט אַרויסגערופן אויף עטלעכע טעג קיין בריניאָל אין דער אָ טיקער אָפּטיילונג פאַר זיידנצוכט אַכטונג צו געבן אויפן פּאַקן די קעסטלעך רוי-זיידנס, אַרויפצולייגן די באַנדעראָלן שטעמפּלען און טראַנספּאָרטירן קיין יִדיסלאַנד.

—אַזוי בלייבט עס—האָט ער איר געזאָגט איינשטייגנדיק

אין וואַגאָן—אויף דער צווייטער וואָך קום איך צוריק, און דאַן פאָרן מיר דירעקט קיין מאַרסעל!

ער האָט באַשלאָסן אַליין אַוועקפירן איר קיין מאַרסעל, איר דאָרט איינאָרדנען, איידער עס וועט אויסברעכן דער שטורם, וועגן דעם פאַרדאָזיקער דראַמע אין אַליוועט, און דער סקאַנדאַל זיין שאַטאָ-רוזש, אַז דער עולם וועט באַמערקן איר שטאַנד. זינט לאַנג האָט מען שוין נישט געקאָנט אָפּלייגן. נישט געהאָלפן אויפן גאַרטל, וואָס האָט איינגענומען דעם בויך—צום גליק נישט קיין שטאַרק אָנזעעוודיקער—האָט מען זיך שוין געקאָנט אָנשטויסן פון די פאַרשידענע ווונקען, פון די באַהאַלטענע, פילזאָגנדיקע שמייכלען פון אירע חברטעס — אויב נישט גאָר פון ר׳ זעס פלאַפּלען און אפשר טאַקע פון פראַנסואַס אומפאָרזיכטיקייט..

זי האָט אים באַלד דערעסן.

און אויב ער האָט נאָך פון צייט צו צייט געהאַט מיט איר באַציונגען—פלעגט ער נאָכן באַפרידיקן די מאָמענטאַלע ווילדע תאוה—איר לגמרי איגנאָרירן.

—אמת, עס איז זייער נאַריש—פלעגט ער זיך אַליין זאָגן—אָבער עס ליגט נישט אין מיין קראַפט, איך קאָן דערצו גאָרנישט העלפן. מיט אַ גאַסן-פרוי אַמוזירט מען זיך, ווייניקסטנס. זי איז לוסטיק, לעבעדיק, און מיט איר אומגעצווונגענער האַלטונג רייצט זי דעם פאַרלאַנג. בעת ספּי... אַ בהמה, וואָס האָט זיך געלאָזט נעמען! אַ מיידל—אַ מאַמע, וואָס מאַכט זיך פאַר אַ צנועה, מיט אַ פּנים פון אַ מנישקע, וואָס קוקט אַרויף צו קריסטוסן... ס׳עקלט!

מיט אַ זאָרגלאָזער חוצפה האָט ער איצט איינגעוויליקט מיט איר זיך צו זען בלויז דאַן, ווען ער האָט געהאַט אַ ליידיקן בייטל. און ווען עס פלעגט אים געלונגען זיך אַרויסצורייסן פון מעלניעס השגחה. די געלע, איבעריאָזנדיק איצט דעם זון—אָרעלי אינגאַנצן פאַר ראָזען—האָט זיך מיט לייב און לעבן אַ וואָרף געטאָן אויפן זון-קאַסטאַל. נישט

אַזאַ רייכער,' אָבער אַ טך אַן אַנגעגעמערער שדוך. אויסער דעם האָט זי געגוג געלט פאַרביידען. און דער פישער האָט זיך גערן געלאָזט כאַפּן אויף דער דאָזיקער ווענטקע:

—מעלאַניע האָט די מטבע, און נישט קיין קינד אונטערן פאַרטוך!,

ספּי פאַרלאַנגנדיק בלויז צערטלעכקייט האָט זיך צופרידנגעשטעלט מיט דידאָזיקע ברעקלעך ברויט, געהייליקט דורך אירע לײַדן. איר ליידנשאַפט ווערט כסדר העפטיקער, ווייל זי שפירט איר גאַנצע אומזיכערקייט. אָבער דאָך האָפּט זי. וואָס? זי ווייסט עס אַליין נישט... אַ פראָלאָנגאַציע, אַ צייטווייליקן המשך פון די ווונדערבאַרע איבערלעבונגען.

היינטיקן אָוונט ווילט זיך איר לאַכן און זאָגן... „דעם יאָר וועט מען זיך נישט פאַרמאַסקירן"—האָט געמאָלדן פראַנסואַ... מעלאַניע האָט געהאַלטן מיט אים. ראָזע האָט נישט געזאָגט נישט יאָ, נישט ניין,..

זי האָט אָפּגערעדט זיך צו טרעפן מיט אים נײַן אַזייגער אויפן קוואַר-וועג פון פעראָ-וואַלד. ער האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט דאָרט וואַרטן אויף איר: ביידע וועלן זיי גיין קיין סטענפאָנס עסן פאָנטשקעס אין האָטעל ביים וואָקזאַל און קומענאַהיים ערשט אין דער פרי...

—אַ ענדלעך איז אונטן נעוואָרן פינסטער... וואָס האָט עפּעס איר מאַמע דאָרט געשריבן, אין דער שטיל, אַ האַלבע שעה נאָכאַנאַנד? זיכער עפּעס אַ שפּיצל קעגן פאָטער; זי און לואי קוקן ערשט אויף אים מיט משונהדיקע בליקן... פאַר די לעצטע צוויי טעג האָט זיי ספּי עטלעכע מאָל געכאַפּט מיט רעסי-באַזאַרן און שאַרלאָטן, פאַרטיפט אין סודות וועגן געשעפטסענינים... ווי עס זעט אויס האָבן זיי זיך אַלע פיר פאַרנומען פטור צו ווערן פון פאָטער!..

זי וואָלט זיך וועגן דעם געוויס מער באַאומרויִקט, ווען זי זאָל איצט נישט זיין אינגאַנצן פאַרנומען מיט זיך אַליין, ד. ה. מיט איר שוואַנגערשאַפט און מיט פראַנסואַן...

די האָט אונטערגעהערט. קיינער אין שטוב רירט זיך
נישט מער... זי דאַרף בלויז אַרויסקריכן דורכן פענסטער... זי
האָט זיך אַרויסגעכאַפּט, אָן אַ שום גערויש, אין דער קאַלטער
נאַכט אַריין. און זיך געלאָזן לויפן אין דער ריכטונג צום פּע-
ראָ-חאַלד.., אַ פערטל שעה, אַ האַלבע!.. קיינער ווייזט זיך
נישט! זי לאָזט זיך אַוועק אים זוכן. אפשר איז ער גאָר אויפן
באַל מיט אַנדערע! זי איילט זיך, לויפט אין דער פינסטערניש
וואָס רינגלט איר אַרום ווי מיט דיקע ווענט.

קיין שפּטאָ-רוזש. אין קינאָ-דאַנסינג פון האָטעל דע פלער.
דער אַנגערויכערטער זאַל איז פול מיט טומלדיקע מאַסקעס. אַ
רייע טישן אַרום די לאָזשעס, ווו מען דערלאַנגט די געסט
פּונקט ווי אויף דער סצענע, פאַרשידענע שפּייזן. פון באַלקאָן
פאַלט אַ פילפאַרביקער רעגן פון קאָנפעטי. די סערפּענטינס דרייען
זיך אין אַלע ריכטונגען. געלעכטערס... געשרייען... עס פאַלן
קוילן—אַ שיסערייַ—אַן פאַרווונדעטע און אָן הרוגים.

אין אַ ווינקל פון זאַל—שאַרלאָטע, אין אַ פּיעראָט-קאָסט-
יום און אין אַ שוואַרצער סאַמעטענער מאַסקע און רעסי-באַזאָר
אין אַ פּאַיאַק-אַנצוג—זיצן זיך ביידע פריילעכע פון דער גוטער
בשורה, וואָס לואי האָט זיי איבערגעגעבן פאַר זיין אָפּטראָגן,
זיך קיין סען-טראָפּעז.

—פּאַרטיק!

ער האָט אונטערגעשריבן די פולמאַכט אויף דער מוטערס
נאָמען, נישט אָריענטירנדיק זיך אין דעם גאנצן ענין!

זיי האָבן געפּייערט דעם דאָזיקן זיג מיט צוויי פלאַשן
שאַמפּאַנער, זעענדיק שוין פאַר זייערע אויגן, ווי די איינציקע
שטערונג, דער פאָטער, ווערט טראַנספּאָרטירט אין אַ משוגעים-
הויז—נישט איין מאָל איז מען משלח אַהין אַ ביסל נאָרמאַלע-
רע מענטשן פון אים!.. און אָט ציילט מען שוין דאָס געלט
פון פאַרקויפטן באָדן מזומנים ממש! דאָס לעבן איז אַזוי שיין,
זיי האָבן מכבד געווען מיט שאַמפּאַנער אַלע אַרומיקע
אויפהייבנדיק אָבער די פלאַש אין דער הויך, כדי אין גלאָז,

וואָס זעט אויס פיל, זאָל זיין וואָס מער שוים און וואָס ווייניקער ווייך.

ביי אַ שכנישן טישל זענען געזעסן פיר פערזאָן, האַלבשכורע, אין קאָסטיומען פון בריוווטרעגער.

מעלאַניע אין די שמאָלע הויזן, האָט געהאַלטן אַרומגענומען פראַנסואַן און געוואָרפן קרומע בליקן אויפן פּאָר פאָלקרעסי. אַ קלענער טייל האַס, וואָס זי האָט איצט געשפּירט צו כּפּין, האָט זיך אויך איבערגעטראָגן אויף שאַרלאָטען; מעלאַניע האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי דערקענט איר גאָרנישט. ראָזע, זיצנדיק ווי זי, האָט אויפגעהערט צו „באַאַרבעטן" איר נייעם אַדאָראַטאָר—אַ קאָרסיקאַנישן שיף-וועכטער—וואָס צוליב אים האָבן זיך פאַרשאַרפט די באַציונגען צווישן איר מיט דער מוטער, ווייל זי האָט אים איר אָפּגעשלאָגן.

—הע, מעלאַניע, גיב נאָר אַ קוק, אָט איז געקומען ספּי.

—מיר וועלן איר מאַכן אַ שיינעם קבלת-פּנים, ווי מיינסטו, שיקולע?

זי האָט בכּיון גערעדט הויך אויפן קול—גלעטנדיק פראַנסואַן פאַרן האַלז—כּדי מען זאָל דערהערן ביים צווייטן טישל.

—זי איז אין אים אַזוי שטאַרק פאַרליבט, אַז זי איז גרייט צו קומען אַהער, באַווייזן אונז איר גרויסן בויך.

—וועגן וועמען רעדט איר דאָ,—האָט אַ פרעג געטאָן דער קאָרסיקאַנער, אָן אַ שום הינטערגעדאַנק.

ראָזע האָט אַ ווונק געטאָן צו מעלאַניען:

—זיי וועלן דערהערן: זייט פאָרזיכטיק! די געלע האָט אָבער מיט אַ כּיוון אויסגעשריגן:

—וועגן ספּיריטע אָרעלי, וועלכע איז שוואַנגער!

דער קליינהענדלער און זיין ווייב זענען אַזוי צעטומלט געוואָרן—פּונקט ווי די מוטער, האָבן זיי אויך דערפון קיין אַבונג נישט געהאַט—געמיינט, אַז ספּי איז קראַנק—און זיי זענען געבליבן זיצן מיט אָפענע מיילער. ספּי מעוברת! ס'איז נישט מעגלעך!.. האָט געמורמלט די פּאַס, אַ דערשלאָגענע.

זייער גאַנצע פרייליכקייט איז מאָמענטאַל אַוועק ווי מיטן רויך. זיי זענען געווען פול מיט ווילדן צאָרן און דערנידערונג.

פּלוצלינג האָט ראָזע אויסגעשריגן:

—הע! הע! אָט איז זי!

ספּי האָט זיך באַוויזן ביים אַריינגאַנג. זי איז אָבער אָפּגעשפּרונגען צוריק פון דעם דאָזיקן געדיכטן ריח פון דער מענטשן-סטאַדע, פון פאַרגיפטעטן שטויב און פון די ווילדע געשרייען...

ווי איז אַהינגעקומען איר קינדערשע פרייד טאַקע אויפן זעלבן באַל מיט אַ יאָר צוריק? איר געדאַנק האָט איצט געאַרבעט בלויז אין איין ריכטונג: „ער איז דאָ!“ געפונען איז[illegible] אונטער דער מאַסקע! נישט קלערנדיק לאַנג, האָט זי זיך אַריינגעריסן אין דעם דאָזיקן ווילדן מישמאַש.

—אפשר וואָלטן מיר זיך בעסער באַהאַלטן—האָט פּראָפּאָנירט מעלאַניע פאַרלירנדיק איר גאַנצע דרייסטקייט, אַז זי האָט דערזען ספּין.

זייענדיק לעת עתה זיכער, אַז פּראַנסוא האַלט איצט פון איר מער און באַפרידיקט דערמיט וואָס זי האָט יענער געשאַדט, האָט מעלאַניע נישט געוואָלט אַרויסרופן קיין סקאַנדאַל... ביי ספּיס ווילדן כאַראַקטער איז עס צו ריזיקאַליש... און ספּי האָט זיך כסדר דערנענטערט, שטופּנדיק זיך דורך דער מענטשן-מאַסע. דער טראַסק פון דשאַזבאַנד פאַרגרעסערט דעם טומל. די טאַנצנדיקע האָבן איר נישט ווילנדיק אַוועקגעשליידערט צו די טרינקער.

די פיר בריוו-טרעגער האָבן זיך האַסטיק אַ הייב געטאָן פון זייערע ערטער. אָבער די צעווילדעוועטע שאַרלאָטע האָט זיי פאַרשטעלט דעם וועג אין מאָמענט ווען רעסי האָט זיך אַ שטעל געטאָן פאַר ספּיריטען.

—וואָס האָסטו דאָ צו טאָן?

—און איר, וואָס טוט דאָ?

—דאָס איז אונזער זאַך!—ער האָט איר באַטראַכט מיט אַ

ברוטאַלן בליק—מען דאַרף שוין גאָרנישט פרעגן צי עס איז אמת, וואָס מען דערציילט וועגן איר.

ער האָט אַ ווייז געטאָן אויף מעלאַניען, פון וועלכער פראַנסואַ האָט זיך תיכף אָפּגערוקט. ווער ווייס, וואָס זי קאָן דאָ אָפּטאָן, די דאָזיקע צעדרייטע!..

זי, אַ ביסל צעטומלט, האָט געפּרוּווט שמייכלען, בעת שאַרלאָטע האָט אַ נעם געטאָן דעם מאַן פאַרן אָרבל און געזאָגט:

—קום, זאָלן זיי זיך דאָ אַליין אַרומרייסן! מיט איר וועלן מיר זיך אָפּרעכענען אין דער היים, נישט דאָ איז דאָס אָרט!

כפי, אַ צעטומלטע, האָט געוואָרפן אירע בליקן פון איינעם אויפן אַנדערן... אירע פריערדיקע חברטעס, איר געליבטער... דאָס האַרץ האָט איר געהאַקט ווי מיט האַמערס. זי האָט נישט געזען רעסין האָט זי נישט געהערט ווי איר שוועסטער האָט אַ זאָג געטאָן:

—מיר גייען... ביז מאָרגן!

—מאָרגן! מאָרגן וועט זי כאַפּן די ריכטיקע פּאָרציע, די גאַנץ־בויידל, אַז די מוטער און לואי וועלן זיך נאָר דערוויסן—האָט שאַרלאָטע אַ צעקאָכטע געטענהט צו איר מאַן! וועלכער איז געווען אויסער זיך ביים געדאַנק, אַז דידאָזיקע „פּראָסטיטוטקע" האָט געהאַט באַציונגען מיט אַנדערע און פאַר אים געשפּילט די ראָל פון אַ פלומרשטער צנועה!..

כפי האָט זיך אָנגעהויבן אַרומקוקן, זיך וועלנדיק אָריענטירן, וואָס דאַ איז פאָרגעקומען, און ערשט איצט באַמערקט אַז זי איז אַליין,

—קום, זעץ זיך אַוועק—האָט איר גערופן פראַנסואַ, אָנווייזנדיק אויף זייער טישל—מיר וועלן דיר אַלץ אויפקלערן, נאָכן טשאַרלסטאָן... עס איז געווען אַ מיספאַרשטענדעניש.

און שטילערהייט, מאַכנדיק דעם אָנשטעל אַז זיי גייען טאַנצן, האָבן זיך אַלע פיר געשווינט אָפּגעטראָגן...

די פאַרטרויבנדיקע מוזיק ענדיקט איין שטיק, כדי תּיכף אָנצוהויבן אַ צווייטס... אַ צעבראָכענע זיצט זי און וואַרט, איבערלעבנדיק ווידער אַמאָל די שרעקלעכע סצענע, פון ברוטאַלער באַליידיקונג... לעבן איר זיצט עפּעס אַ נעגער, וואָס שאָקלט מיטן קאָפּ איבער אַ גלעזל ראָם, וואָס שטייט אויף אַ גאַנצן שטויס שעלכלאַך; אויפמערקזאַם קוקט ער צו איר צו און באַלד נעמט ער זיך אָן מיט מוט.

—לאָמיר זיך דורכשפּאַצירן און דערבייאיקן געדיכטן וועלדל!

פון דעם זעלנערס פּראָפּאָזיציעס שפּרינגט זי אויף פון אָרט, ער אָבער נייגט זיך פאַר איר, לאַכט אונטער, אַרויסווייזנדיק דערביי זיינע בלאַנקענדיקע ווייסע ציין פון צווישן די גראָבע בלויע ליפּן. אין זיין כאַקי זעט ער אויס ווי אַ מאַלפּע, אָנגעטאָן אין מענטשלעכע קליידער. זי דאַנקט אים מיט אַ טרויעריקן שמייכל; מיט אַ חוזק—אויסדרוק ווייזט ער אָן אויף איר פּראוואָצירנדיקן לייב און גיט צו:

—פּשוט, כדי אים אויפצוועקן, אַז ער זאָל פון קליינווייז אויף נישט אָנלערנען קיין שלעכטע זאַכן!—אַ שאַרפער צינישער געלעכטער דערגענצט דידאָזיקע ווערטער.

ספּי איז אויפגעשטאַנען, זי גייט אַרויס פון זאַל, אַ שכורע נישט האָבנדיק געטרונקען קיין איינציקן טראָפּן.

זי האָט זיך אַריינגעהאַקט אין קאָפּ איין איינציקן געדאַנק: זיין אויפזוכן פּראַנסואַן און אַנטגילטיק מיט אים זיך צונויפרע[…]ן... פאַרוואָס האָט ער נישט געהאַלטן וואָרט? נישט געדה[…]לט אויפריכטיק? ווי אַ סאָמנאַבוליסטין שלעפּט זי זיך אין דער פינצטער, קוים וואָס זי גייט און פּאָלקסדאַנסינג... ניין, דאָרט האָט מען אים נישט געזען... אין קאָמערץ-באַר. יאָ, געווען דאָרט, אָבער נאָר וואָס אַוועק!... ווידער לויפט זי אין האָטעל רעפּלער... נישטאָ קיינער... אַ טויט-מידע באַשליסט זי זיך אומצוקערן קיין אַליוועט...

ס׳ גייט לענגאויס דעם ים, פאַרביי דער קאַזינאָ, יאָויפן

גרויסן ווייסן פּאַסאַזש ציען זיך די עלעקטרישע ראַמפּעס. דער לייוונט־דאַך פאַר דער געמיידע איז אויך אין גאַנצן אַלומינירט, פרומגעשטעלט פון די זייטן מיט געלע, רויטע און בלויע שי־רעמס; גרויסאַרטיקע הויכע לאַמפּן אויף פּיס־געשטעלן מיט גרויסע הייסע אבאַזשורן וואַרפן זייער העלן שיין אויפן וועג, איבער וועלכן ספּי גייט.

גאַנץ דייטלעך, ווי אין מיטן העלן טאָג זעט זי די עלע־גאַנטע דאַמען אין פּעלצן, די מענער אין באַל־אַנצוגן—אַרויס־טאַנצענדיק פון זייערע אויטאָס... אַ מענגע אויטאָס, אַריבער פופציק.

פּראַכטפולע טואַלעטן, פאַרשינדנפאַרביקע אָוונט־קליידער, אַנטבלויזטע קערפּערטיילן... און בריליאַנטן, און פּערל, אַ גאַנצער ים!... דורך די כסדר זיך עפענענדיקע טירן טראָגן זיך די מענער פון אָרקעסטער. אַך! יענע פרוי, אין מאַטראָזן־אַנצוג מיטן געקנייטשטן, אָפּגענוצטן פּניב—צי איז עס נישט מאַדאַם אויברוק. אוי! האָט זי זיך פּערענדערט! די ווילדע—יאָ, דאָס איז זי—און אין דער באַגלייטונג פון סיוז קאַלאַ, איבערגעטאָן אַלס מיידעלע. אראנזשע! ווי ווייט איז זי ערשט פון דאָרט!

אויף אַ מאָמענט האָט זיך ספּי אָפּגעשטעלט בײַ דער גרויסער גלאָז־האַלע פון רעסטאָראַן לענגאויס פון דער פּליאַזשע.

דורך אַ שמאָלע שפּאַרע, צווישן די פאָרהאַנגלעך האָט זי זיך צוגעקוקט צו די בלומען־באַפּוצטע טישן, צו די געסט אַרום זיי; סערוויטן, קוילן זשעסטן, לייכטע אויסרופן, געשרייען... אויבן און אונטן—שאַטאָ־רוזש ווײַלט זיך אויפן זעלבן חוצפּה־דיקן אופן... אומעטום,—אויסער אין איר—הערשט דער ברוטאַלער אויסגעלאַסענער פאַרלאַנג זיך צו פאַרשכורן, צו פאַרגעסן...

—זיי האָבן גליק!—האָט ספּי אַ קלער געטאָן, זיך לאָזנדיק ווײַטער אויפן וועג אַהיים.

און ווידער אַנאַליזירט זי דאָס שענדלעכע מיטגעפיל פון נעגער, די שלעכטקייט פון אירע חברטעס און די נידערטרעכטיקע האַלטונג פון איר געליבטן... און דידאָזיקע שוואַנגערשאַפט! איר

גאַנצע צעבּראָכענע, צעשמעטערטע יוגנט טראָגט זיך פאַרבּיי איר גערדאַנק און וויקלט איר איין ווי אין תּכריכים פון טויטע בּלעטער, געטריבּן, געיאָגט דורך אַ העפטיקן שטורם-ווינט... אַזאַ איינזאַמקייט און אַזאַ פרעמדקייט! איר רוקן בּויגט זיך אונטערן אָטעם פון שטאַרקן ווינט, וואָס רייסט די טאַמארינדן-בּוימער און הויבּט אויף אַווירבּעל פון זאַמד... ווי אומגליקלעך, חי פאַר-צווייפלט זי איז! עס ווילט זיך איר וויינען, אָבּער אירע טרערן זענען אויסגעטרוקנט... פּלוצלינג פאַרלאָזן איר די קרעפטן, איר קערפּער ווערט מאַכטלאָז... זי וואַקלט זיך... און פאַלט אַנידער... ווי אַ מין שמאַטע, וואָס פאַרלירט איר אָנהאַלט און לאָזט זיך אַנמעכטיק אַראָפּ צו דער ערד.

## 10

קומענדיק אַהיים אַ טויט-מידע נאָכן נאַכט שפּאַציר, איז זי ערשט באַגינען איינגעשלאָפן.

פּלוצלונגע, אומגעלומפּערטע קולות, האָבן איר אָבער באַלד אויפגעוועקט. ס'איז שוין געווען גרויסער טאָג. ווער שטייט דאָ ביי דער זייט? זי הערט אַ שושקעריי און דערנאָך געשרייען:

—אָ! דאָס איז שוין צופיל!...

די מאַמע לויפט אַריין ווי אַ פוריע, און נאָך איר שאַר-לאָטע און לואי.

—צי איז עס אמת?—פרעגט אַ ווילדע שטים.

ספּי, באַפאַלן אומגעריכט, ווייס נישט וואָס צו ענטפערן. מיט אַ ברוטאַלן זשעסט טוט די מאַמע אַ נעם די דעק און הויבט איר ס'העמד...

—יאָ, זי איז מעוברת!

די באַשולדיקטע טוט צוריק האַסטיק אַ כאַפּ די דעק און פאַרטיידיקט זיך ווי זי קאָן. די אַלטע, אויסער זיך פון כעס, דראַקט זי מיט די פויסטן...

—גאַסן-מיידל! אויסוואורף! אַט פון וואָס דו ביסט קראַנק!... אך! דו מיסט-קאַסטן, דו! ווער איז עס דער חזיר וואָס האָט דיך דערמיט מלבד געווען?

זי טוט איר אַ נעם פאַר דער האַנט און אַ שליידער אויף

דער ערד. שאַרלאָטע שטעכט איר מיט אַ פאַראַכטונגספולן שמייכל:

—זי ווייס עס אפשר אַליין נישט!

די מאַמע הערט איר נישט אויף צו שלאָגן...

—ס׳איז זייער מעגלעך. ווער איז ער, פון וועמען טראָגסטו? זי פארטאָפּלט די קלעפּ...

—דו ענטפערסט, צי ניין?... ניין? אויב אַזוי, טו זיך שוין אָן און מאַרש פון דאַנען. דיין פוס זאָל דאָ נישט זיין. איך גיב דיר פינף מינוט צייט אויפצוקלויבן דיינע בעבעכעס, האָבן ס׳קינד קענסטו, ווו דו ווילסט, נאָר נישט דאָ, ביי מיר אין שטוב.

לואי איז פון כעס ווייס ווי קאַלך.

—צו שאַנד און צו שפּאָט האָט זי אונז געמאַכט אין דער גאַנצער געגנט. מען טייטלט אויף אונז מיט די פינגער!

—איך קאָן שוין פאַרגעסן אָן מיין רייכן שדוך מיט אַזאַ סחורה אין דער משפּחה—ער לויפט צו צו איר מיט געביילטע פויסטן—פּראָסטיטוטקע!

—זי שרייט: פאָטער!

—גיי, לויף אים נאָך,—צולאַכט זיך לואי אויפן קול—קראַ ליק-פעלכלעך! ער איז אַוועק נאָך פאַרטאָג... און גיי, לויף צו דיין פּראַנסואַן, אויב דו ווילסט!

—ער דאַרף איר נ(יטיק!—האָט אַ זאָג געטון שאַרלאָטע מיט אַ בייסיקן געלעכטער— ער לאַכט זיך אויס פון איר, פּיט דריי טעג צוריק, ד׳האָט ער תּנאים געשריבן מיט מעלאַניען! אויסערדעם, האָט ער נעכטן דערציילט, אַז דער יאַט איז נישט פון אים. און, אַז ער האָט זיך מיט איר בלויז געשפּילט, ווייל זי האָט זיך אַרומגעשלעפּט מיט אַנדערע!

—פּראַנסואַ!... ספּי האָט קיין איין מאָל נישט גערעכנט אויף אים, קלערנדיק וועגן דער צוקונפט—מען לעבט דאָך אָבער מיט דער קעגנוואַרט, און זי ד׳האָט אים ליב מיט דער גאַנ- צער קראַפט פון אירע אומגליקלעכע, צעבראָכענע געפילן...

דער דאָזיקער לעצטער קלאַפּ האָט איר אַסך מער, ווי געטון

ווי די קלעפ מיט וועלכע איר מאַמע האָט איר כסדר מכבד געווען—ער האָט זי לגמרי פאַרניכטעט, דערשלאָגן...

—דאָס האָט געמוזט קומען גלייכצייטיק מיט די אידעען, וואָס דער פעטער האָט איר כסדר אריינגעהאַקט אין קאָפּ,—האָט באַמערקט לואי.

—אפשר איז ער טאַקע דער טאַטע פון קינד!—האָט אַ מורמל געטון זיין שוועסטער, וועלכע האָט אים נישט געקאָנט מוחל זיין, וואָס ספּי איז ביי אים טייערער פון איר!

—ס וואָלט מיך גאָר נישט געוווּנדערט. זיי זענען דאָך טאָג ווי נאַכט צוזאַמען! ווי אַ רוקן און אַ העמד — האָט צוגעגעבן די אַלטע—אָ!

ספּי, אַן אויפגעקאָכטע, האָט זיי דורכגעשטאָכן מיט איר ווילדן בליק... וואָס פאַר אַן העזה האָבן די דאָזיקע מיאוסע ווערם צו וואַרפן שמוץ אויף דער הויכער נשמה פון איר פעטער!—ס'האָט זיך איר געוואָלט אַ וואָרף טון אויף זיי און צוּרייסן אויף שטיקער.

—וואָס?—האָט לואי אויסגעשריגן,—אויב דו ווייסט פון חעמען דו טראָגסט, טאָ זאָג? אויב דו שווייגסט, איז עס אַ באַווייז, אַז דאָס איז פון אים!

—זיי וועלן זיך שוין אַן עצה געבן אָן אונז. לאָמיר איר איבערלאָזן. מיינע אויגן זאָלן דיך מער נישט אָנקוקן! דו ביסט פאַר אונז געשטאָרבן!—דער פרוי אָרעליס פּנים איז געוועזן קאַלט ווי שטאָל.—מאַרש פון דאַנען! קומט!

זי האָט אַ ווייז געטון אויף די טיר לואין און שאַרלאָטען, וועלכע האָבן מיט עקל אויפגעהויבן די קעפּ. נישט חאַרפנדיק קיין איין בליק אויף דער פאַרשטויסענער, איז זי אַרויסגעגאַנגען די לעצטע, מורמלענדיק פאַרשידענע זידל־ווערטער, איבערגעחזרייט דעם שליסל און אומבארחמנותדיק אויסגעשריגן:

—קאָנסט אַרויסקריכן דורכן פענסטער. איך וויל מער אין שכוב דיין צורה נישט זען, אויב נישט, וועל איך דיך דערהרגנען צום טויט, דו גאַסנמויד!

ווי אַן אויטאָמאַט הויבט זיך ספּי אויף און טוט זיך אָן. זי האָט געוווּסט, אַז דער אורטײל איבער איר איז אַן אָנט־גילטיקער און קיינער קאָן דאָ נישט ווירקן... זי וואָלט גיכער געשטאָרבן, איידער זיך דערנידריקן צו זאָגן כאָטש איין וואָרט... אַ שרעקלעכע אויפרעגונג האָט זיך אין איר צעפלאַקערט. וואָס מען האָט איר געזידלט מיט די ערגסטע ווערטער—דאָס קאָן זי זיי נאָך מוחל זיין... אָבער אָנרירן אים, איר פּעטער, אַז ער איז פּעיק... דאָס קאָנען טאַקע נאָר אַזעלכע אויסוואורפן ווי זיי!

זי האָט איינגעפּאַקט אין אַ גרויסער קאַרטאָן־שאַכטל עטלעכע העמדער, אַ לייוונטענע קליידל, זאָקן, נאָז־טיכלעך, אַ בראָ־שורקע און עטלעכע ביכלעך, וואָס דער פּעטער האָט איר געגעבן פאַר זיין אַוועקפאָר... וואָס איז עס? בלוט? זי האָט אויפגעהויבן די האַנט צו דער נאָז, פון וועלכער ס״האָט זיך געצויגן אַ רויטער פאָ־דעם... די מאַמע אָרעלי האָט געהאַקט ווי ס׳דאַרף צו זיין!.. ספּי האָט איינגעבויגן דעם קאָפּ אויף הינטן, אויפהייבנדיק אויף אַ הייך די הענט אין דער הויך, כדי איינצוהאַלטן דעם דאָזיקן אומ־באַדייטנדיקן בלוט־שטורץ... געענדיקט.. זי האָט קיין זאַך נישט פאַרגעסן?-.. ניין! אַלץ וואָס דאָ בלייבט זענען לאַכעס, שמאַ־טעס, די הילע פון אַן אַנדער ספּיריטע, וואָס עקזיסטירט שוין נישט מער.

זי האָט איין געדאַנק: וואָס גיכער אַנטלויפן, תיכף אין דעם מאָמענט. אָבער וווּהין?—פרעגט זי זיך אַליין. דער פּעטער האָט נישט איבערגעלאָזט דעם שליסל פון שטוב, און איך ווייס אפילו נישט ווו ער געפינט זיך יעצט... וואַרטן אין אַן האָטעל אויף זיין דעפּעשע און דערנאָך אַוועקפאָרן צו אים? ניין! אַז ער וועט שפּעטער מיט איר צוריקקומען, וואָס וועט מען דאַן זאָגן?—אויב אַפילו זיינע נאָנטסטע, וואָס קאָנען זיין לעבן—האָבן געקאָנט צוקומען צו אַזאַ אַבסורד!..

קודם כל דאַרף מען אָבער אַנטלויפן פון דאַנען, פון דאָזיקן הויז, פון די ברואים, וואָס באַוויזן עס, און טאַקע וואָס גיכער!... אָט אַזוי, דאָס איז אַלץ.

זי האָט אַריינגעלייגט אין אַ בייטעלע איר גאַנץ פאַר־מעגן, צוויי הונדערט פראַנק, וואָס זי האָט אָנגעקליבן הינטער דער מאַמעס וויסן... ס'פּענצטער, דער וועג וואָס גייט באַרג אַראָפּ... און נישט וואָרפנדיק אַפילו הינטער זיך קיין איינציקן בליק, אָן שום צערטלעכקייטס-געפיל צום אַלטן הויז- צום גע־ליבטן וועלדל — האָט זי אַריינגעוואָרפן אין תהום פון פאַרגאַנ־גייט איר קינדהייט און איר משפחה און איז אַוועק—אַליין נישט וויסנדיק וווהין.

צי איז דאָס, וואָס מיט איר קומט איצט פאָר ערנסט אָדער נישט? אַ גליק אָדער אַ קאַטאַסטראָפע? זי האָט זיך נאָך דערין נישט געקאָנט ווי געהעריק אָריענטירן... זי טראָגט זיך איבערן וועג. דאָס איז אַלץ! איבערן וועג, וואָס אַזוי גיך וועט זי שוין אויף אים זיכער נישט גיין! אַרום איז אַלץ גרוי, עס גיסט אַ קאַלטער געדיכטער רעגן...

אָט איז דער ווינקל, וווּ פראַנסואַ האָט איר צום ערשטן מאָל אַ קוש געטאָן... אָט זיינען די שירם—פּאַרמיקע סאָסנעס פון פערא—וואַלד... פּלוצלונג דערהערט זיך אַן אומעטיקער געזאַנג. פייערליך גיסט זיך די שטים, אַרויסגייענדיק עפּעס פון אַן אומזיכטבאַר מויל. איר דוכט זיך, אַז זי קומט פון גאַנץ ווייט, פון די טיפענישן פון איר ריינער קינדהייט, אָפּשפּיגלענדיק מיט זיך די פּראַכט פון איר געבורטס-באָדן:

לעבנדיק אין דער איינזאַמקייט—
אונטערן זונען־מאַנטל,
פאַרשטיי איך בעסער די רייכקייט
ווי ס'לעבן...

זי דערזעט אַ סטאַדע שעפּסן, וואָס שפּרייזן פּאָראַויס און פאַרשטעלן איר דעם וועג. זיך ציענדיקן איבערן גאַנצן שטח... ס'איז די סטאַדע פון יאָזעף סערווין, מיטן צונאָמען „דער חכם" נאָך זיין הויכן וווקס, נאָכן קאַפּישאָן פון זיין ברוינעם מאַנטל —האָט זי אים דערקאָנט פון וווייטן. נישט אָנקוקנדיק, אַז עמיצער הערט אים, האָט ער ווייטער געצויגן זיין רעציטאַטיוו. זיין

שטים איז געווען דורכגעדרונגען מיט א טרויעריקייט. א מעדי־לאַציע פון באַהאַלטענע טרוימען וואו צוזאַמען מיטן ווינט, וואָס טראָגט זיך איבער די באַרג-שפּיצן, שפּירט זיך אויך דער עקל־האַפטער ריח פון שלאַכטהויז:

עלנטע שעפעלעך, וואָס איך היט אייך,
גריזשענדיק ס׳גראָז אויף די בערג—
וואָס איך פיר אייך אויך אין פלאַכלאַנד—
אין א שלעכטער שעה צום שלאַכט־ווינקל—
וו מען מוז זיך צוקוקן ווי מען דערווערגט אייך!

דערזעענדיק ספּין, האָט זיך מיסאַ אוואָרף געטון פאַראויס און די שעפּסן־רייען האָבן זיך תיכף צונויפגעדריקט. זי איז פאַר־בייגעגאַנגען לעבן זיי, בעת זיי האָבן זיך אַרויפגעקליבן אויפן באַרג-אָפּהאַנג.

אויטאָמאַטיש האָט זי א זאָג געטון דעם פּאַסטוך איר גע־וויינלעכן גוט־מאָרגן... אַדיע, שעפעלע! האָט געענטפערט דער פּרוש מיט א טיפן בליק פון זיינע ערנסטע אויגן... וווהין איילסטו זיך אַזוי?

מיט אַן אומבאַשטימטן זשעסט, האָט זי א ווייז געטאָן אויף סאַטאָ-רוזש און דעם ים.

אַז זי איז אַרויף אויפן וועג האָט איר געשטאַלט אויסגעזעען פון דער ווייטנס ווי א טונקעלער פלעק אויפן בלייערנעם הימל... די שעפּסן דערשמעקנדיק דעם לאָנקע-ריח האָבן אויפגעהויבן די אויגן אַן אומבאַוווסטזיניקע מאַסע, וואָס גייט פאָראויס און שטויסט זיך, אַרומגעכאַפּט פון א טעמפּן טטאַדע-געפיל. ס׳רוב פון זיי געצייכנט מיט א רויטן קרייץ איז פאַראורטיילט אויף טויט־שטראָף... הכנעהדיק גייען זיי אונטערן דראָענדיקן בילן פון הינט... א פאַרשעמטע, פאַרגלייכט ספּי איר שיקזאַל מיטן גורל פון דאָזיקן פאַראורטיילטן פי... ניין! וואָס עס זאָל נישט זיין, אָבער זי וועט דעד סטאַדע נישט נאָכגיין...—

זי האָט געמאַכט א קרייז, כּדי צוצוקומען צום פּעטערס הויז.

—איך וויל נישט. ער זאָל האָבן קדענקונג !..

און אין איילעניש האָט זי אָנגעשריבן מיט אַ בלייפעדער שלעכטע ווערטער:

„די מאַמע האָט מיך אַרויסגעטריבן. זי׳ נישט אומרויק. איך וועל דיר געבן צו וויסן ווי נאָר מיר וועט געלונגען ערגעץ ווו זיך איינצואָרדנען. איך שיק דיר מיין גאַנצע צערטלעכקייט, טייערער פעטער. ספּי.

זי האָט אַריינגערוקט דאָס צעטעלע אין אַ שפּאַרונגע אונטער דעד טיר.

—איצט וואָלט איך נאָך וועלן געפינען פראַנסואַן! ווען ער זאָל זי דעמאָלט געווען זאָגן דעם אמת!... אָבער אָפּנאַרן, חוזק מאַכן פון איר... אַזאַ פאַראַכטונג, אַזאַ אַכזריות—דאָס איז איר אוממעגלעך אַריבערצוטראָגן! זי קאָן בשום אופן נישט גלויבן. ער איז נישט אַזאַ שלעכטער! ער וועט איר העלפן!

זי איז צוגעקומען צום פּאָרט. דאָס שיפל איז געשטאַנען אויפן אָרט, אָבער נישט געווען באַזעגלט. זי האָט איבערלאָזן איר שאַכטל ביי אַן איטאַליענישן מאַטראָס! וואָס האָט רעפּאַרירט אַ נעץ לעבן אַ גרויסע שיף, אָנגעלאָדן מיט האָלץ. עס איז דער „דאָפין". זי קען דעם קאַפּיטאַן—לוקא פּיירוטי, וואָס נעמט אונטער געשעפט-רייזן צווישן גענואַ און מאַרסעל, פירט אַהין רייפן פאַר בעדנערס און ברענגט צוריק, כדי נישט צו צו גיין מיט ליידיקן, טראַנספּאָרט אַלטע אייזן.

נישט איינמאָל האָט זי זיך מיט אים געוויצלט אויפן ברעג ים.

נישט פאַרלירנדיק קיין צייט, איז זי תיכף אַוועק צו די קאַסטאַליעס.

—פראַנסואַ?..

די מוטער האָט איר אָנגעקוקט מיט אַ בייזער מינע, און וואַרפענדיק קרומע בליקן אויפן בויך, וואָס ספּי האָט אין איילעניש פאַרגעסן איינצוציען מיטן גאַרטל, דהאָט זי אַ זאָג געטאָן:

—ער איז ביי מעלאניען. היינט אין אָוונט פייערן מיר זייערע תנאים.

—אַ! גוט!... אַ דאַנק אייך!

זי איז אַוועק. זי שפּירט זיך ווי אין אַ האַלוצינאַציע, אין הינערפּלעט—זי שווימט פּונקט ווי זי וואָלט זיך געטראָגן אויף אַ וואָלקן... נישט באַמערקנדיק חי אַזוי—איז זי ווידער ביים פּאָרט... מען דאַרף אָפּנעמען די שאַכטל... און דערנאָך?... נאָך יאָ... צום צוג... אָבער דאָרט וועט מען איר באַמערקן, דערקענען, אויפזוכן אירע שפּורן...

אָבער זי האָט געוואָלט פאַרשווינדן אויף אַזאַ אופן, אַז קיינער זאָל נישט וויסן, ווו זי איז אַהין געקומען. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף איינער פון די טומבעס, צו וועלכע מען פּערפעסטיקט מיט שטריק די שיפן און, אַרומקוקנדיק זיך אויף אַלע זייטן, טיף איינגעאָטעמט און זיך די ים-לופט...

די מורא פאַר דער געפאַר איז אַ סך אומדערטרעגלעכער חי די געפאַר גופא.

אין פאַרלויף פון די לאַנגע חדשים האָט זי מערגעליטן ווי איצט, אין מאָמענט ווען אַלץ איז צובראָכן. וואָס, נישט מער ווי דאָס! מען שטעלט זיך תמיד אַלץ פאָר ערגער און טרויעריקער ווי עס איז באמת! דאָס פאַר וואָס דו האָסט זיך אַזוי געשראָקן ווערט אַ געשעענער פאַקט—און דו שפּירסט זיך פרייער, פּטור געוואָרן פון אַ שווערער לאַסט, אַ סוף.—זי האָט מער קיין מורא נישט. דער שטורעם איז שוין אַוועק, ליגט איצט אונטער אירע פלייצעס. ערשט שפּעטער וועט זי זען, צי איז עפּעס אין איר צובראָכן, צושטערט געוואָרן.

זי האָט אָנגעטאַפּט איר בייטל מיט די צוויי הונדערט פראַנק!... וואָס וואָלט זי איצט געטאָן, ווען זי זאָל זיי נישט האָבן אָנגעזאַמלט!... דער מאַטראָס, ביי וועלכן זי האָט אָפּגענומען איר שאַכטל, האָט צונויפגעלייגט דעם נעץ. ער האָט עס אַ וואָרף געטאָן אויף דער פלייצע און איידער ער איז אַרויף אויפן שמאָלן בריקל האָט ער אַ זאָג געטאָן, זיך ווענדענדיס צו ספין:

—מיר פאָרן אָפּ. אַדיע!

זי האָט זיך אַ הויב געטאָן.

—איר פאָרט אָפּ!

עס איז די זעכסטע צייט... דער ווינט איז גוט.

—אין וווהין פאָרט איר?

—קיין מארסעל.

און זיך וויצלענדיק האָט ער צוגעגעבן:

—אפשר מיטנעמען אייך מיט זיך?

—אָ! יאָ!

—גלייך איצט? ווי איר שטייט און גייט?

—פאַרוואָס דען נישט?

—דערויף דאַרף מען קודם כל האָבן אַ דערלויבעניש פון קאַפּיטאַן.

—איך וועל אים פרעגן. איך קען אים...

זי איז אים נאָכגעגאַנגען מיט אַזאַ פעסטן טריט, אַז ער האָט איר נישט געשטערט... נאָך אַלעמען, אויב דער קאַפּיטאַן זאָל דערלויבן וואָלטן זיי טאַקע געהאַט אַן אַנגענעמע פּאַסאַזשירין.

זי איז אַוועק דירעקט צו לוקא פּוירוטי, איבם אַזוי העפליך געבעטן, אַז אַ פאַרבלענטער, האָט ער נישט געקאָנטביישטיין.

—איך בעט אייך, נעמט מיך מיט! איך וועל אייך לגמרי נישט שטערן... איר וועט זען... איך וועל אַרבעטן אין. קיך, אַלץ ריין מאַכן... פאַר אַרבעט שרעק איך זיך נישט. איך האָב פאַרלאָרן מיין פּאָסטן.—האָט זי אויפן אָרט אויסגע ראַכט—מיין מוטער איז אין מארסעל... איך האָב ווייניג געלט אויף אַ באַן-בילעט! נעמט מיך מיט!

—איר אַנטלויפט נישט, האָט איר, ווייניקסטנס, קיינעם נישט באַגנבעט?

—אָ! צי דען זע איך אויס ווי אַ גנבטע?

—ניין. אָבער איר קאָנט מיר פאַרשאַפן פיל אומאַנגענעמ-לעכקייטן. איך קען אייך פון זען, אָבער ס׳איז ווייניק. איך האָב

קיין רעכט נישט מיטצונעמען פּאַסאַזשירן... און איך האָב קינ־
דער, פאַר וועלכע איך מוז זאָרגן.
טרויעריק האָט זי אַ ווייז געטאָן אויף איר בויך.
—איך אויך. מיך האָט געטראָפן אַן אומגליק. נעמט מיך
מיט. איך גיב אייך מיין וואָרט, אַז איר וועט נישט האָבן קיין
שום אומאַנגענעמלעכקייטן.
דער קאַפּיטאַן האָט זיך געוואַקלט. זי האָט זיך פאַרקליבן
אין אַ ווינקל, זיך באַמיט צו פאַרנעמען וואָס ווייניגער פּלאַץ.
דער שטריק האָט זיך צונויפגעדרייט אויפן דרייבוים.
דער אנקער אויפגעהויבן. די שיף האָט זיך לייכט געטראָגן
אויף אַלע זעגלען. לוקא פּיורוטי האָט שאַרף, אָבער גוטמוטיק אַ
ברום געטאָן:
—קיין שום פּאַפּירן, פאַרשטייט זיך, האָט איר נישט, וואָס?..
נו, איר וועט זיך שוין אַליין ווי עס איז אויסטענהען... אַז מיר
וועלן אָנקומען, וועט איר פּשוט מוזן פאַרשווינדן אַ מבאַמערקט...
מען זאָל אייך נישט זען און נישט הערן. אויב נישט, חעל איך
האָבן אַן עסק מיטן שיף—אייגנטימער! באַלד וועט מען אייך
אָנווייזן אַן אָרט ווו זיך איינצואָרדנען.
ספּי איז גרייט געווען זיך וואַרפן איס אויפן האַלז און
קושן, ווען זי זאָל האָבן דערצו דעם געהעריקן מוט... מען פּאַ־
סירט דורך דעם וואַל... די זעגלען בלאָזן זיך אָן. מאַיעסטעטיש
איז דער „דאפין" אַרויס פון פּאָרט... אַדיע, שמוציק לאַנד!
שמוציקע מענטשן! איך באַדויער לגמרי נישט, וואָס איך ווער
פון אייך פּטור! איך האַלט, אַז מער וועל איך אייך שוין קיין
מאָל נישט זען! אָנגעשפּאַרט אויף די שוק־ווענטלעך האָט זי
פון עקל אויסגעשפּיגן אין וואַסער, וואָס האָט זיך געפּליוסקעט
לענגאויס די מאַסיווע זייטן פון שיף.
דער וואַל גיסט זיך איצט צונויף מיט די הייזער... די
הייזער מיטן בערגל. די שיף טראָגט זיך אין אָפענעם ים
אריין, גייענדיק אָבער כמעט פּאַראַלעל מיטן ברעג.
זי רופט אָן אין געדאנקען דעם נאָמען פון יעדער ווילע
פאַרביי וועלכער די שיף טראָגט זיך דורך.

פלוצלינג הויבט איר הארץ אָן האַסטיק צו קלאַפּן. אַ
שמערץ, וואָס וועקט אויף אַלע אירע ליידן, פאַרכאַפּט איר אין
גאַנצן. דאָרט אונטן אויפן וועג שלעפט זיך אַ העגעלע, וואָס
זעט אויס פון דער ווייטנס ווי אַ מין שפּילצייג... דער פורמאַן־
איינגעבויגן אין דרייען, שלעפּט זיך קוים הינטער א״ם. די טרערן
שטיקן איר און האַלז: איר פאָטער !...
—וואָס וועלן זיי פון אים איצט מאַכן !... זי שטרעקט־
אויס די אָרעמס : טאַטע !... אָרעמער אַלטער טאַטע !... זיי מיך־
מוחל, וואָס איך פאַרלאָז דיך !
די טרערן רייסן זיך דורך, זי וויינט אויפן קול. די־
איבערפולטע נשמה איז אַרויס פון די ברעגעס.

# 1

עס איז אַ געוויסע אַרט גליק צו חיסן
ח ווייט אומגליקלעך מ׳קאָן זיין.
לאַ ראָשפוקאַ

דער גערויש אין האָטעל פון אַ צווייפלהאַפטער רעפּוטאַציע: אַ טראַסקען פון טירן, שווערע טריט אין קאָרידאָר, געשרייען וואָס טראָגן זיך פון פאָרט: שיף-סירענעס, דער ליאַרעם פון די פאַרביילויפנדיקע טראַמווייען. דאָס האַקן פון וואָגנס און משא-פורן איבערן ברוק... און דער טריבער פרימאָרגן, וואָס רייסט זיך אַריין דורך די פענצטער און פאַרהאַנגען! ספּי כאַפּט זיך אויף, מיינט, אַז זי זעט עס נאָך אַלץ אין חלום...

ספּי? ניין!... לואיזע מאַטיע—מיטן דאָזיקן נאָמען האָט זי זיך צופעליק אָנגערופן בעת זי האָט געדאַרפט, אַריינטראָגנדיק פּאַראַויס ס׳געלט, אויספילן אַ מין פראַגע-בויגן... צי איז זי יעצט נישט באמת אַ ניי באַשעפעניש, וואָס טרעט אַריין אין אַ ווילד פרעמדער סביבה?... מיט עקל קוקט זי זיך צו צו די ווענט, קלעפּעדיקע פון שמוץ און פייכטקייט, פון אַלע זייטן הענגען אַראָפּ שטיקער פאַרפלעקטע פּאַפּיר-טאַפּעטן און פון סופיט שיט זיך אַראָפּ אַ מין קאַלירטער זאַמד...

און דער דאָזיקער עקלהאַפטער טאַפּטשאַן מיט די שמוציקע ליילעכער מיט אַ ריח פון צעקוועטשטע וואַנצן!... נישטאָ מער דאָס באַקוועמע בעטל אויפן „דאָספין״, זיין ריין געוואַשענע פּאָדלאָגע...

זי האָט אָן עפּן געטאָן די לאָדנס און געוואָרפן אַ צע-

שרעקעדיקע קרעטשמע, - - -

שרעקענעם בליק אויפן אלטן פארט מיט זיין געדיכטן וועגל-וואלד, ווו אלץ איז שווארץ פון רויך... וויז-א-ווי דער נייער ברעג מיט זיינע יאכטעס, מיט דער קירך נאטר׳דאם דע-לא-גארד און פארא—ווי פארשצמטע אונטערן געדיכטן נעפל... רעכטס די אומעטיקע פעסטונג זשאן מיט אירע טורמע-ווענט לינקס א גאנצע ריי פארטיגעביידעס מיט פאסאדן ענליך אויף פארצארנ-דיקע פנימער... נישט פריילעך זעט אויס מארסעל!... און פון דערוו־טנס שטעלט מען זיך פאר אז דא זעט מען ווונדע!

קומענדיק אהער, איז זי ג״ייך געווארן א פארצירטערטע דערזעענדיק די דאזיקע ווילד-פרעמדע סביבה, דעם דאזיקן סקעלעט פון דער אומגעהייער גרויסער שטאט, דורכן פענצטער פון איר צימער אויפן פערטן שטאק פאר צווי פראנק א טאג.

צומאכנדיק דאס פענצטער, האט איר די האטעל-באדינטע מיט אן אנטציקטן זשעסט אנגעוויזן אויפן טונקעלען האריזאנט אין גאנצן באשאטען מיט ליכט-פייערלעך.

אראפשטעלנדיק די בארוועסע פיס אויף דער שמוציקער שטיינערנ.ר פאדלאגע, האט זיך ספי, א ציטערנדיקע, געשווינד אנגעטאן. דאס גאנצע וואש-געשיר איז באשטאנען פון א שמו-ציקן קובעל און א קליין קווערטל. אונטן אין באר, דער-זעענדיק ספין, שטעלט די שלימזלדיקע דינסט תיכף אוועק איר בעזעם

ס׳איז דאס זעלבע מיידל, וואס האט זינע כטן אין אוונט פארבעטן אהער, באמערקנדיק ווי זי דרייט זיך ארום איבערן גאס, די אויגן אין דער הייך, זוכנדיק ווו ס׳גיט זיך אפ א צימער. מיט אן אינטימער מיטלייד, מיט וועלכער ס׳באציען זיך געוויינלעך איינער צום אנדערן די דערנידעריקטע, פאר-שטויסענע ברואים, האט זי זיך צוגעקוקט צו ספיס פראווא-צירנדיקן בויך און אויסגעדארט געזיכט.

—אדרעסן?—האט זי איבערגעחזרט, אויפהייבנדיק דעם קאפ, אנגעשפארט אויפן בעזעם — נישטא וואס צו האפן, איז נמיצער זאל דיך נעמען מיט דער דאזיקער משא! ווארט, פרגב געסער דעם ווירט גופא.

דער געווזענער אינהאָבער פון אַ פריילעך הייזעל, אוי־סער דעם אַ מאָלער פון פאַרשידענע שמוציקע, שווינדלערישע געשעפטען—וואָס האָט אומגעריכט געירשנט פון אַ קוזין אַ גע־וויסן קאַפּיטאַל און דעם דאָזיקן „פּאָרט־האָטעל" מיטן גאַנצן אינווענטאַר, ביז צו דער שלימזלדיקער דינסט—איז יעצט געזעסן מיט אַ גאַוודיקער מינע ביי זיין קאַנטאָרקע. אַ דיקער און אַ לוסטיקער האָט ער גלייך פון ערשטן מאָמענט באַמערקט ספּיס פיגור.

—דאָס איז די נעכטיקע פּאַסאַזשירין,—האָט דערקלערט די „באָנע",—זי זוכט אַרבעט...

—אוּ.. אוּ!—מאַכט ער, פאַרקרימענדיק זיין צורה—ווער וועט איר נעמען, סיידן...

זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן. ער האָט געוואָלט ענ־דיקן זיין געדאַנק: געוויסע קליענטן וואָלטן זיך אפשר נישט געמיאוסט—נאַטירליך, פאַר אַ ביליגערן פּרייז—זיך צו באַנוצן מיט אַ פאַרגעניגן אָן אַ שום ריזיקע...

אָבער אַ ווונק פון דער דינסט האָט אים גלייך אַנטוישט: אָן עבירה די אַרבעט! איר וועט פון איר גאָרנישט האָבן!

—מען דאַרף זוכן,—האָט ער כלומרשט גוטמוטיק אַ זאָג געטאָן,—ביי אונז קאָנט איר שטענדיק, פאַר פינף און פערציק פראַנק מזומנים, האָבן אַ גוט צימער מיט אַ גלעזל קאַווע... זוכט און אונזער קוואַרטאַל, דאָ פעלן נישט קיין קאָמערסאַנטן.. שאַ, וואַרט, אויף טאַ־ט—גאַס אין אַנאַמיטישן האָטעל האָט מען געזוכט אַ דינסט. אויסער דעם קאָן זיך אַ שיין מיידל שטענדיק איינאָרדנען...

ער האָט אונטערגעשטרייכט די באַמערקונג מיט אַזאַ ציניש געלעכטער און אַזאַ ברוטאַלן בליק, אַז ספּי האָט באַשלאָסן אַהער, אין דעם „פּאָרט-האָטעל" מער זיך נישט אומצוקערן...

מוטיק האָט זי זיך אַוועקגעלאָזט זוכן אַרבעט. קודם כל זוכן אַ פּאָסטן און דערנאָך אַ ביסל אַ ריינער צימער. אין אַנאַ־מיטישן האָטעל, אויף טאָרט-גאַס, האָט מען שוין קיינעם נישט נגעדאַרפט, מען האָט איר געשיקט אין איטאַליענישן האָטעל

אַז מען האָט זיך איר פונאַנדערגעלאַכט גלייך אין צורה אַריין:
—וואָס האָט איר געמיינט, אַז אונזער האָטעל איז אַ שפּיטאָל פאַר געוויינערינס?...

די טורמע-גאַס—מיט איר צעבראָכענעם ברוק, אַ קרומע, אַ לאָמע, מיט צוטראַסקעטע הייזער, לעבן יעדער שוועל אַ בערגל פאַרפוילט מיסט, מיט אַ שמאָלן פּאַס הימל, וואָס האָט זיך נידעריק אַראָפּגעלאָזן איבער די הויכע ווענט, באַדעקט ווי מיט מגפה-פלעקן—דידאָזיקע גאַס האָט אין איר אַרויסגערופן אַן עקל, געשטיקט ביים האַלז און ממש פאַרכאַפּט דעם אָטעם...

גאַנצע משפּחות האָבן זיך געוואַלגערט. געפּאָרעט אין אומגעהייערן שמוץ פון דאָזיקן שטאָט-קוואַרטאַל, אויף אַלע שטאָקן איז געהאָנגען וועש. לויט די צובראָכענע רעליעפן פון די פאַסאַדן האָט זיך באַקומען דער איינדרוק, אַז דידאָזיקע חורבות זענען אַמאָל געווען רייכע פּאַלאַצן.

זי איז פאַרביי פאַר איינעם פון די איינצל-הייזער. אַן אויפשריפט: „אויפן דריטן שטאָק גיט זיך אָפּ אַ צימער" דער צעטל האָט זיך געדרייט אויף אַ טשוואָק אויף איינעם פון די זיילן. זי איז אַריין. אַ שרעקלעכע פייכקייט איז איר תיכף געפאַלן אויף די לונגען. זי האָט קוים באַוויזן זיך אויפצוהויבן אויף די דורך גאַנצע דורות אויסגעריבענע טרעפּ—האָט איר גלייך אַ דהאַק געטאָן אין נאָז דער געפערלעכער ריח פון די קלאָזעטן...

עפּעס אַ מכשפה האָט איר אַן עפן געטאָן דו טיר, עס האָבן זיך געשאָטן זידלערייען אין פּיעמאָנט-שן דיאַלעקט, און געקלונגען ווילדע געשרייען פון אַ מחנה קינדער. אין האַלבפינצטערן קאָרידאָר האָט זיך דערהערט די הייזעריקע שטים פון אַן אומגעלומפּערטע שלימאַזאַרע.

זי האָט זיך באַוויזן אויפן שוועל מיט אַ קינד ביים ברוסט אין פאַר איר קלייד האָט זיך געהאַלטן נאָך איינס, אַן אויסגעדאַרט מיידעלע, וואָס איר גאַנצער שטערן איז געווען באַדעקט מיט אַ שרעקלעכן אויסשלאָג...

—וואָס ווילט איר?

דערזעענדיק דאָס סימפּאַטישע געזיכט פון דעם מיידל האָט די פרוי—וואַרשיינלעך פאַרליבט אין איר מאַן, וואָס האָט זי געשלאָגן מכות רצח, האַסטיק אַ זאָג געטאָן:

—נישטאָ, נישטאָ גאָר נישט צו פאַרדינגען.—

און ברוטאַל זיך געווענדט צו דער אַלטער:

—משוגע, ביסטו, מאַמע, צי חסר דעה? מאַרש!... שליס צו די טיר!..

ספּי איז אַראָפּ פון די ,טרעפּ נאָך שנעלער ווי זי איז אַרויף. דעם אָטעם האָט זי ערשט אָפּגעצויגן צוקומענדיק צו אַ ווינקל פון קעסטרי—אין גרויסגאַס,—וואָס איז פריער געווען דער צענטער פון מאַרסעל. דאָ האָט זיך פאַרזאַמלט אומגעהייערע מענטשן־מאַסע. איבערן קליינעם פּלאַץ, וווּ עס האָט זיך געפונען דער פרימאָרגן—מאַרק האָבן זיך געטראָגן אַזעלכע משונהדיקע קולות, אַזאַ שטאַרקע באַוועגונג האָט מיטגעריסן די צוויי מענטשן־שטרומען, וואָס האָבן אים צעטיילט אויף צוויי אַנטקעגן־געזעצטע ריכטונגען—אַז ספּי האָט זיך אויף אַ מאָמענט פאַר־אינטערעסירט מיטן דאָזיקן שטורעמדיקן ספּעקטאַקל ווי מיט אַ פאַנטאַסמאַגאָריע פון פאַרבן אין אַ קינאָ.

פאַרוווּנדערט, וואָס זי האָט זיך פּלוצלונג פאַרוואַנדלט עזעס אין אַ מין אָביעקט, וואָס ווערט געשלעפּט, געוואָרפן פון אַלגעמיינעם שטרום, וועלכער באַוועגט זיך, שטעלט זיך אָפּ און באַוועגט זיך ווידער צווישן די אויסשטעלונגען פון כל טוב. אַרום די געוועלבער און צווישן די גאַנצע בערג פאַרשי־דענע פּראָדוקטן. קוישן גרינס און פרוכט, נאַשוואַרג, קאַרטאָפל, געפּרעסטע גרויסע פירעקן טרוקענע פרוכט, גאַנצע פּיראַמידן פּאָמעראַנצן און ציטרינען; פיש, ראַקעס, מושלען אויף דיוואַנעס פון ים־גראָז, פאַרבלוטיקטע שעפּסן־פלייש, עופות, לעבעדיקע און געשאָלטענע, אָפּגעפליקטע, לאַנגע בינט ציבעלע און קנאָבל פון כל המינים קעלבאַסע און וווּרשטלעך, חזיר־שמאַלץ און דערביי ביטלעך טרוקענע שמעקעדיקן גראָז, פרישע בוקעטן עוקאַליפּטוס

מימאזן, נעלקן, פיילעכלעך—און שפּילצייג מיט פאַרשידענע צו־דאַטן און אייזערנע און קופּערנע כלים... דאָ זענען געווען הענ־דלער אין געוועלבער און וואַנדערנדיקע קרעמער מיט טישלעך, פּי־עמדע וואָס האָבן גערעדט אויף אַלע שפּראַכן, און זיצערקעס. מיט די פּויסטן אויף די זייטן, האָבן געהאַלטן אין איין לויבן זייער סחורה.

—קויפט, קויפט גוטע מעריאַנעס! (פיש)

עס איז געווען אַן אומגעהייערער קוואַל פון פאַרשלאַגן, גלייכוועדטלעך, זידלערייען,—עפּעס אַ מין משונהדיקע, לעבנס־פרייד און אַן הענדלערישער פיבער, וואָס האָבן ספּין לכתחלה צעטומלט, און דערנאָך פאַרכאַפּט מיט זייער לעבענסלוסטיקער צעהיצטקייט...

—קויף, מיין טייערע, באַנאַנעס!..

ענדלעך האָט זי געקויפט די גאָלדפאַרביקע פרוכט און בייענדיק אַ בערן מאַרק געגעסן... ווידער האָט זי זיך דערשפּירט פול מיט מוט.

די באַלעבאָסטעס מיט די פולע קוישלעך גייען זיך באַזאַכט און קוקן זיך אַרום אויף אַלע זייטן.

גאַנצע באַנדעס קינדער, אָנגעלאָדענע מיט פּעקלעך און פלעשער, שפּאַרן זיך דורך די מענטשן-גרופּן, שליסן איינער מיטן אַנדערן באַקאַנטשאַפט—און זענען פול אומעטום...

אויף אַלע פּנימער זעט זיך מער זאָרגלאָזיקייט ווי דאגות.

חוו נישט ווו זעען זיך אויך מיט זייערע האַנטבייטלען צו מאַכן איינקויפן פרויען „פאַרדעכטיקע״,—צוואַנציקיעריקע זענען זיי אַזוי פאַרוועלקט, אַז זיי זעען אויס ווי פון פערציק, אַנדערע נאָך כמעט קינדער, וואָס עס איז גאָראונמעגלעך צו באַשטימען זייער עלטער; אַלע קוקן זיי אויף אייך מיט אָפּוועזענדע ב יקן און זייערע געזיכט-שטריכן זענען שרעקלעך האַרט...

ווי אַזוי קאָן זיך אַ פרוי אנטשליסן אויף דערדאָזיקער פּ־אפעסיע—ערגער נאָך, געפינען דערין אַ פאַרגעניגן, ווי למשל,

אַט ־־ידאָזיקע לאַבערין, וואָס הערט נישט אויף צו כיליקען אויפן קול קאָנטראָלירנדיק די פרישקייט פון אַ הינדל, וואָס זי טאַפּט איר אַרום פון אַלע זייטן.

אויטאָמאַטיש כאַפּט זיך ספּי פאַר איר בייטעלע, ווי זי האָט שוין נישט מער ווי 189 פראַנק און פלוצלינג דערשפּירט זי עפּעס אַ שרעקלעכע שווערקייט, ווי דער בויך זאָל איר שלעפּן צו דער ערד... זי איז לגמרי צעבראָכן. אַט שלעפּט זי זיך אַרום שוין העכער צוויי שעה און האָט שוין אפילו מער קיין מוט נישט פאַרצושלאָגן אימיצן אירע אַרבעטס-הענט.

ביי יעדן געוועלב זאָגט זי זיך אַליין: ניין, דאָ נישט, אין צווייטן! צוקומענדיק צו דער שוועל, געפינט זי עפּעס אַ תּירוץ און גייט פאַרביי... דער קאָלאָניאַל-הענדלער באַטראַכט איר מיט אַן איראָניע. די גרינסהענדלערין דרייט זיך אויס צו איר מיטן רוקן... ענדלעך, אַז זי איז צוגעקומען צום פ:קיי-באַזאַר— האָט זיין אייגענט מער, אַ פעטער לעוואַנטינער, באַמערקנדיק איר אומאַנטשלאָסענקייט, איר צוגערופן:

—מיט וואָס קאָן איך אייך דינען?...

נישט לאַנג קלערנדיק זאָגט זי אים, אַז זי זוכט וועלכע נישט איז אַרבעט.

דער אַזיאַט האָט איראָניש אַ זאָג געטאָן:

—גוט, איך נעם אייך פאַרן בלויזן עסן. ליבע—וויפיל מיין האַרץ וועט גלוסטן!... עס גייט?

זי לאָזט זיך ווייטער אין וועג לייענענדיק די שילדן... אַריינגייענדיק באַלד דאָ, באַלד דאָרט, צופעליק, אינספּיראַטיוו, אָבער אומעטום דער זעלבער ענטפער.

ענדלעך, אויפן אקול-פלאַץ דערזעט זי אַ ברעטל מיט אַן אויפשריפט: „אַרבעטס-פאַרמיטלערינס-ביוראָ" אויפן ערשטן שטאָק פון זייער אַ שיין הויז.

ס'איז מיטאָגצייט, און דאָס ביוראָ איז געשלאָסן, מען דאַרף וואַרטן גאַנצע צוויי שעה.

פון ים בלאָזט און פייפט אַ שרייענדיקער ווינט. ס'איזגע-

וואָרן אַזוי קאַלט, אַז דער דאָזיקער שמוציקער פינצטערער קוואַרטאַל פון דער אורגאַלטער שטאָט מיט זיין מיאוסער, פריי־ענדיקער אָרעמקייט האָט אָנגעוואָרפן אויף איר אַ פחד, וואָס האָט זיך נאָך פאַרשטאַרקט אונטערן גרויען שיין פון טריבן פעברו־אַר-טאָג. קיין מענטשן זעט מען דאָ כמעט נישט, אויסער פאַר־בייגייענדיקע, וואָס לויפן געשווינד מיט זייערע אויפגעשטעלטע קראַגנס, פונקט ווי עמיצער זאָל יאָגן.

ספּי דוכט זיך, אַז איר אינערלעכע איינזאַמקייט האָט אַרויסגערופן די פוסטקייט דאָ אַרום איר.

איר מידקייט האָט איר געטראָגן און זי האָט אַליין נישט געוווּסט וווּהין זי גייט. אַ גרויסער פּלאַץ, אַן אומגעהייערע קירך מיט הייכע טורעמס... דע לאַ מאַזשאָר פּלאַץ... אפשר איז עס די קאַטעדראַלע?.. ענגע אויף אַן אָריענטאַלישן וואָקזאַל... דערנאָך עפּעס כל המינים כּפּרות-בנינים, אומענדלעכע ראַמפּעס מיט גאַנצע בערג קאַסטנס און אָפּטמאָל צווישן צוויי צינק באַ־דעקטע שאַפּעס—אומגעהייערע באַסיינען, פולע שיפן, אונטער צו געדיכטן נעסט!...

עס איז ערשט דריי אַ זייגער און שוין הויבט אָן צו ווערן פינסטער און עפּעס אַזוי פּלוצלינג, אַז זי קאָן זיך קויס אָריענטירן.

ענדלעך נאָך לאַנגע זוכענישן און דרייעניש, פאַרלירנדיק דאָס לעצטע ביסל כחות, שטייט זי ווידער פאַרן אַריינגאַנג פון ביורא.

דאָס קאַלטע וואַרט-צימער איז איצט אין אירע אויגן אַ גן-עדן. אפילו די אָנגעבלאָזענע מינע פון דער דירעקטרין—אַ מאַטראַנץ מיט רויטע אָראָפּהענגענדיקע באַקן אין אַ שוואַרץ קלייד מיט אַ גאָלדענער קייט אויפן ביוסט, ווייך ווי אַ קישן—האָט שוין ביי איר נישט אַרויסגערופן קיין עקל...

—יאָ, אָבער זי איז גרייט צו גיין פאַר וויפל נישט איז און וואָס פאַר אַן אַרבעט עס זאָל נישט זיין...

—וואַרט אויף!—האָט איר גוטמוטיק, אָבער סקעפּטיש אַ זאָג געטאָן מאַדאַם בעאָן.—איך וועל אייך רופן, אויב עמעצער

ווען איך וועלן נעמען... אָבער אין אייער צושטאַנד...

ספּי האָט זיך אייועקגעזעצט אין מיטן צווישן אַ גראָבער קאַלאַבּרישער פּויערטע, פון וועלכער עס האָט זיך געטראָגן אַ ריח פון שמאַלץ און אַן אויסגעדאַרטע אַלטע פּראָוואַנסאַלערין אָבער אַזאַ אויסגעטריקנטע, אַז זי האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ סקעלעט, אַן אויסגעגראָבענעם פון קבר.

פון העפלעכקייט וועגן האָט זי מיט זיי אָנגעהויבן רעדן, געמוזט אָבער אויסהערן זייערע פילאָזאָפישע באַמערקונגען— אַזעלכע משונהדיקע נאַרישקייטן—אַז זי האָט זיך תיכף פון זיי אָפּגערוקט און זיך צוריק פאַרטיפט אין אירע טרויעריקע געדאַנקען...

עס זענען אוועק גאַנצע דריי שעה און מאַדאַם בעאָן האָט איר קיין איין מאָל נישט גערופן צו זיך.

אָבער נישט געקוקט דערויף, וואָס זי האָט באַקומען מאָגן־שמערצן און אין האַלדז האָט איר געטרוקנט—ראָט זי נאָך אַלץ געוואַרט. אַלע קאַנדידאַטינס זענען איינע נאָך דער אַנדערע אַוועק—באַקומנדיק אַרבעט, אָדער פאַרלירנדיק די געדולד צו וואַרטן. בלויז דער סקעלעט איז געבליבן זיצן צוזאַמען מיט איר. אפילו אויף דער קאַלאַברישער פויערטע מיט איר שרעקלעכן שמאַלץ־ריח האָט זיך געפונען אַן אַמאַטאָרין, אַ צווייט־קלאַסיקע בורזשויקע.

—אין דער אַרבעט איז עס אַן אמתער פערד!—האָט איר פאַרזיכערט מאַדאַם בעאָן—איר וועט פון איר הנאה האָבן...

דערנאָך—דער זייגער האָט שוין געשלאָגן זעקס—האָט זי משלח געווען די אַלטער מיטן „סטעראָאַטיפישן ענטפער: „קומט מאָרגן"... און זיך געווענדעט צו ספּין:

—איך האָב אייך רעקאָמענדירט גאַנצע פינף פּערזאָן, קליינע, קיינער וויל אָבער נישט קיין טראַגנדיקע דינסס...

ספּי בלייך ווי קאַלך, האָט זיך שוין געקליבן אַוועקצוגיין אָבער מאַדאַם בעאָן האָט איר פאַרהאַלטן:

—אָבער איר האָט דאָך אַ פיינעם אויסזען. דערציילט

מיר ווי אַזוי איז עס גע... איבעריקנס, עס איז אייער פּערזענלעכע אַנגעלעגנהייט.. שפּעטער וועל איך אייך אפשר קענען איינאָרדנען...

זי האָט אַ שמייכל געטאָן, וואַרפנדיק אויף ספּין אַן איראָנישן בליק.

— איך האָב אַ באַקאַנטע פּאַרפום־הענדלערין, וואָס קאָן זיך מיט אַ סך פיינע באַלזבאַטים איר ווערט איר זיכער געפעלן, קומט צו מיר נאָכן מינפּעט.

דער אָוונט איז געווען אַזאַ פינסטע־ער, אַז זי האָט בשום אופן נישט געקאָנט געפינען דעם וועג אַהיים. דידאָזיקע אַלע געסלעך זענען געווען זייער ענלעך איינע אויף דער צווייטער.

אויטאָמאַטיש איז זי נאָכגעגאַנגען נאָך עפּעס אַ פאַרליבט פּאָרל... אַ חתונה־רייזע! האָט זי זיך געקלערט. עס האָט איר פאַרקלעמט דאָס האַרץ... איצט האָבן זיך אָנגעהויבן באַלעבטע גאַסן.

נישט ווילסנדיק ווי אַזוי, איז זי צוגעקומען צום „ליבע־ברוק״. גאַנצע מחנות מאַטראָזן, זעלנער פון שטאָטישן גאַרניזאָן, פאָרט־אַרבעטער, דער שמוציקסטער פאָלקס־שיכט פון מאַרסעל און די קאָסמאָפּאָליטישע גאַסטראָליאָרן—אַלץ האָט זיך דאָ געשטופּט אין אַ געוואַלטיקער ענגשאַפט. באַלויכטן פון אויבן דורך די עלעקטרישע לאַמטערנעס אויף די קווער־דראָטן דירעקט איבער די גאַסן און פון די זייטן דורך די גרויסע באַר־לאָמפּן, וואָס האָבן זיך געצויגן לענגאויס די פּאַרטער־הייזער—פּנימער ווייסע, ברוינע גלאַנצנדיק־שוואַרצע אָפּגעברענטע פון די הייסע זונען־שטראַלן, פאַרשוואַרצטע פון אָרעמקייט אָדער פּשוט מענטשן פון פאַרביקער ראַסע—אַלע האָבן זיי געטראָגן דעם שטעמפּל פון אָנגעשטרענגטער שטומפּזיניקייט.

אומעטום—ביי די טירן, וואָס האָבן געפירט אין שמאָלינקע קאָרידאָרלעך פון מעסער־שטעכער־נעסטן אָדער אויף דער העל באַלויכטענער שוועל פון „געשעפט״ זענען געשטאַנען נקבות און פאַרבעטן צו זיך מענער. אויף ספּין האָבן זיי געמאַכט אַן איינ־

דרוק פון גיהנום-שאָטנס און פאַרביילויפנדיק, האָט זי אויף זיי געוואָרפן דערשראָקענע בליקן. אַלטע ווייבער אין קורצע העמ־דער, יונגע אין קורצע דזייזלעך, מיט פּאָלקעס און גאַר־סאָן-פריזורן—געשלעכטלאָזע ברואים... פאַרהושכטער אָפּפאַל פון „לוסט-שקלאַפינס" — אַ גאַנצע סטאַדע פון פאַרגעניגן-ליידנדיקע. אַ גרים-מאַסקע, וואָס ווערט קיינמאָל נישט אַראָפּגענומען גיט צו זייערע צרות אַן אומבאַוועגלעכן גלאַנץ און פאַרדעקט די בלאַסקייט און די טיפע קנייטשן. זייערע אויגן אפילו בעת זיי רופן, גלאַנצן מיט אַ ווילדער דראָונג.

הינטער די פּלייצעס פון דידאָזיקע פּאַראורטיילטע זעט זיך זייער צימער-ווינקל, ווו זיי פּראַקטיצירן: אַ בעטל, אַ קאַ־מאָדע מיט פאַרמאַכטע שופלאָדן.

דאָרט באַהאַלטן זיי, נאָך דער גימנאַסטיק, אַרויספּטרנדיק דעם קליענט, זייער חלק פאַרדינסט און רוקן עס אַריין וואָס ווייטער צווישן ביסל העמדער און די זיידענע זאָכן. פון דאַנען שעפּט כסדר דער סוטענער.

אַ ספּעציעלע באַנדע, וואָס נאָכן קריג, האָט דער אַרײַ־בער אַרויסגעשטופּט פון דאָרט דעם קאָרסיקאַנער—אירע פאַקטי־שע מיטגלידער זענען די נידעריקסטע שיכטן פון די באַפריי־טע זעלנער.רעגימענטן, וואָס זענען פון די שווערע פאָרט-אַרבעט איבערגעגאַנגען צו די פאַרשידנסטע פּראָסטיטוציע-אונטערנעמונ־גען פון לייכטן פאַרדינסט, גנבה און רציחה איינגעשלאָסן...

ווו נישט ווו ברעכט פלוצלינג אויס אַ מחלוקה, וואָס פאַרהילכט מיט איר געוויש דאָס אומדייטלעכע פּלאַפּלען דעם מישמאַש פון כל הלשונות אויף דער וועלט.

אַן אמתער גיהנום פון רופן, שרייען, האַנדלען.

פלוצלינג—זי האָט עס גאַנץ דייטלעך דערהערט, אַ רע־וואָלווער שאָס.

זי הייבט אָן צו גיין גיכער.

אַ מולאַטין*) און אַ רויזן פעניואַר, איז צוגעשטאַנען צום

*, אַ געמיש פון שוואַרצער און ווייסער ראַסע.

פּאָרל, וואָס גייט פאַראויס, פאַר ספּין, און האָט זיי גוטברודע-ריש פאַרשטעלט דעם וועג.

איר זענט געקומען מיט אַ וויזיט צו דער מאַדאַם? זיי-ער גוט, נאַט, קוקט!.. זי צעשפּילעט איר קלייד — זי איז מו-טער-נאַקעט. ציגישע שטימען העצן איר אונטער. פאַרשעמטע האָט זיך דאָס יונגע פּאָרל אָפּגעקערט אָן אַ זייט, די מולאַטין לאָזט זיי אָבער נישט אָפּ.—עס איז אייך געפעלן!—און דער-נאָך, זיך וועגדנדיק צום מאַן, האָט זי געפרעגט:—און דיר, מיין וועלפעלע? קום אַהיים. דיין ווייב וועט נעמען אַ לעקציע... ווייל דו ווייסט דאָך „מ׳קאָן זיין אַלץ אין דער וועלט, אָבער נישט קיין צעלאָזענע!"

ספּי ווערט אַ פאַרציטערטע. זי וויל זיך אָפּטראָגן אומ-באַמערקט, אַנטלויפן ווו די אויגן וועלן איר טראָגן, דערט אָבער, ווי מ׳שיט אויף איר אַ גאַנצן האָגל ציגישע וויצן... זי האָט פּשוט מורא צו פרעגן ביי עמעצן דעם וועג.

איר אַנטקעגן גייט עפּעס אַ מין מאַלפּע און וואַרפט מיט די אויגן אויף רעכטס און אויף לינקס... אַן אויסלענדער? הינטער אים גייט אַרויס פון אַ באַר אַ פרוי, גנבעט זיך אונ-טער צו אים גאַנץ שטיל. כאַפּט אים אַראָפּ מיט אַ געשיקטער האַנט זיין הוט פון קאָפּ און אַנטלויפט, זיך רייצנדיק מיט אים אַ צעטומלטער בלייבט ער שטיין און שרייט אויפן קול:

„גוואַלד, מיין הוט!"

ער באַמערקט פון דערווייטנס די פרוי, וואָס שפּרעקט אים אויס איר האַנט מיטן הוט:

—קום אַהער, נעם עס, פאַר דריי פראַנק און אַ צוגאָב ליבע, וויפל דיין האַרץ גלוסט!

דער ענגלענדער נעמט אַרויס אַ פינף-פראַנק־שטיק, טוט אָן מיט ווירדע זיין הוט אויפן קאָפּ און פאַרשווינדט אונטער אַ האָגל פון ציגישע גלייכווערטלעך...

אַ געשטאַנק פון פעץ, אַלקאָהאָל און טאַביק — זענען די דאָזיקע הייזלעך איבערפולט—דאָס קאָרטן-שפּיל איז אין פולן

ברען. מען האָט מען שרייט, טען זידלט זיך אויף וואָס די וועלט שטייט.

ספּי האָט זיך ווי עס איז אַרויסגעריסן און אַריינגעפאַלן פון בּיַטרי—אויף ריינאַרד-גאַס. פון פּייער אין פּלאַס אַריין. אַן אומגעהייערע ציפער 2 און אַ דורכזיכטיקע שילד „אַלין". ארויס-געבויגן דורכן לופטשיק דער איבער פאַרמאַכטע טיר מיט אַ גראטן-פענסטער רופט די פאַרבייגייער אַ מאַקאַרעלי אויפן ערשטן שטאָק.

אַ ביסל ווייטער, אויפן טרעפ פון וועסטיבול זיצן ווייבער מיט דיקע פּנימער, אין דער ראָל פון פאַרטוערן, און צוּ רייסן זיך לויבנדיק זייער סחורה.

—אַ שיינער קויא, מיינע הערן!.. די שענסטע מיידלעך פון מאַרסעל, מיין ליבע דאַמע!..

אָבער אַלע, דערזעענדיק די אומשולד אונטער דער שווער קייט פון איר לאַסט, האָבן אויפגעהערט צו שרייען און זיך לוסטיק געמאַכט:

—קום אריין מיין קינד, מען וועט דיך אויסלערנען ווי אַזוי זיך צו באַפרייען פון די ווערמלעך... זאָג נאָר דו, גּעש-וואָלענע! האָסט עס געכאַפּט פון אַ פוטבאָל!

מיט אַלע כּוחות איז זי אַנטלאָפן פון דידאָזיקע שמוציקע דבורים.

דערקלייבנדיק זיך ענדלעך אָן אַן אָטעם, צום „פּאָרט-האָ-טעל", האָט זיך איר געדוכט, אַז דערדאָזיקער באַר מיטן פאַר-פעסטעטן גערוך פון זיינע פינצטערע צימערלעך, איז ממש אַ גן-עדן. זי האָט איבערגעגעבן דער שלימזלדיקער דינסט וועגן אַלץ, וואָס זי האָט געהערט און געזען. און יענע האָט איר פאַרגעלייגט עסן מיט איר צוזאַמען אָוונט-ברויט—אַ ביסל וואַסער-דיקע זופּ.

אויסהערנדיק די אַלע מעשיות, האָט זי זיך אַזוי צערעדט אַ יפן קול, אַז דער באַלעבאָס האָט זיך פאַראינטערעסירט צו וויסן וואָס אַזוינס עס איז דאָ געשען.

—נו, און וואָס ?

—איר האָט געוואונען דעם געוועט! עס איז נישט קיין צו-פאַל. זי האָט געבלאָנדזשעט און איז אַרייַנגעפאַלן אין לע רעזערוויי!

—לע רעזערוויי?—האָט ספּי איבערגעחזרט.

ער האָט זיך געוויצלט.

—דער קוואַרטאַל פון דידאָזיקע דאַמען, וואָס! מען האָט אייך זיכער פאַרטשעפּעט, ווי?.. איבערהויפּט היינט, שבת, אין טאָג פון די אורלויבן... אָ! מען קאָן באמת זאָגן אַז איר זענט געקומען פון אייער דאָרף!...—ער האָט זיך וויכטיק אָנגעבלאָזן.. לע-רעזערוויי—דאָס איז די מערקווירדיקייט פון מאַרסעל. די בו-טערי-גאַס—ס'לעבעדיקע פלייש. פרייער האַנדל אין דעטייל, פאַר יחידים... און די ריינאַרד-גאַס... אַנגראָ-געשעפטן פלייש אין פאַר-מאַכטע פושקעס.

ער האָט צוגעשמאָלצן דידאָזיקע פיינע ווערטער מיט אַ צופרידענעם געלעכטער. ספּי האָט אים אָנגעקוקט מיט טיפער פאַראַכטונג...

מ׳האָט ווירקלעך געדאַרפט האָבן אַ נשמה פון אַ קצב צו רעדן מיט אַזאַ ציניזם וועגן אומגליקלעכן מענטשלעכן פלייש, וואָס איז אַהין אַרייַנגעפאַלן.

# 2

אין פאַרלויף פון איין חודש האָט שוין ספּי פינף מאָל געביטן איר דירה, פון די פאַרדעכטיקע האָטעלן אין מעבלירטע צימערן האָט זי זיך איבערגעקליבן צו אַ העגדלערין פון אַלטוואַרג, וואָס האָט איר פאַרדונגען אַ ווינקל פון איר וווינונג. — די אַלמנה עלאַדי רוסטאַן — איז געווען די אויפשריפט אויף די הויז—טרעפּ אין דער פינסטערער טאָרט-גאַס.. ספּי איז אַזוי אויסגעדאַרט, אַזוי פאַרענדערט, אַז קוקנדיק אין צעבראָכענעם שפּיגל אויף דער וואַנט פון איר ווינקל, ״דוכט זיך איר גופא, אַז עס איז בלויז אַ שאָטן פון דער פריערדיקער יונגער מיידל.

איר געזיכט איז איצט באַדעקט מיט דער שוואַנגערשאַפטס־מאַסקע״—און קוקנדיק אויף אירע משונהדיקע זייטן, געפינט זי איר פיגור פאַר אומגעהייער מיאוס.

פאַרשוואונדן איז איר פריערדיקער פאַטאַליזם—דאָס פרייוויליקע אונטערוואַרפן זיך דעם אומפאַרמיידלעכן שיקזאַל—די נישט פאַרדינטע ליידן האָבן פאַרוואַנדעלט די דאָזיקע געפילן אין בונד און האַס...

זי האָט זיך געשעמט מיט איר שענדלעכער מוטערשאַפט, זיך בויגנדיק אין דרייען אונטער דער לאַסט פון דער פאַרהאַסטער משא, וואָס זי וועט איצט מוזן שלעפּן ביזן סוף.

אויפן צווייטן טאָג נאָך איר קומען, איז זי אַוועק לויטן אַדרעס, וואָס ראָזע האָט איר געגעבן, אויף בעל־פּיי־גאַס צו דער אַקושערין מאַדאַם עסקאַרטפיג. מען נעמט אָן פּענסיאָנאַ־רינס... די מלאכים־פאַבריקאַנטן האָט זיך גלייך אָפּגעזאָגט עפּעס צו מאַכן:

—ווען איר זאָלט געווען קומען צו מיר מיט דריי מאָ־נאַט פריער... איצט איז עס צו ריזיקאַליש. פאַר קיין געלט אויף דער וועלט וועל איך עס איצט נישט טאָן!

זי האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף ראָזען, האָט פּראָפּאָנירט איר הילף בעתן געבורט.

—טייער וועל איך ביי אייך נישט נעמען, אַרום און אַרום צוואַנציק פראַנק אַ טאָג.

צוואַנציק פראַנק! אַז איצט מיט פינף פראַנק אַ טאָג שטאַרבט זי ממש פון הונגער...

אין צוויי וואָכען שפּעטער דערזעענדיק, אַז אירע פּי־נאַנסן שעפּן זיך אויס, האָט זי זיך דעצידירט—אויפן פאָרשלאַג פון איינעם, אַן אָרנטלעכן געוועלבער, וואָס האָט איר אַליין נישט געקאָנט באַשעפטיקן, אָנצונעמען אַ וואַקאַנטן פּלאַץ, וואָס איז ערשט היינט פרי פריי געוואָרן—פאַרבייטן אין דערבייאיקן באַר אַ קראַנקע דינסט... אַ קליינע פאַרלייכטערונג—בלויז אויף איין טאָג. ווייל—זעענדיק ווי זי איז משלח די באַזוכער, וואָס האָבן איר פאַרטשעפּעט—האָט איר דער פאַרוואַלטער,—אַן אַראַ־בער, אַן אַלטער קאַוואַלעריסט מיט אַן אויסצייכנונגס־קרייץ פון קריג אויפן ברוסט, תיכּף געוויזן די טיר.

איצט איז איר אויסגעקומען צו זוכן די ביליקסטע לעכער, ווו מען קאָן פאַר עטלעכע גראָשן שטילן דעם הונגער מיט וואָס עס איז.

וויפל מאָל איז זי פאַרבייגעגאַנגען מיט אַ ליידיקן מאָגן פאַרביי רעסטאָראַציעס, באַרן, אונישט געוואַגט אַהין אַריינצוגיין, נישט געקוקט אויף די ביליקע פרייזן... אַ רוסישער רעסטאָראַן אַ יאַפּאַנישער... אַ כינעזישע קעלערל — אַ באַהאַלטן „דהייזל"

ביי איינעם פון די קליינע האָטעלן, ווו מען האָט געטרונקען אָפיום. גאַנץ אָפט פלעגט זי ענדיקן דערמיט, וואָס זי פלעגט פרישטיקן שטייענדיקערהייט אין מזרח-קאַפע — אַן עקלהאַפטער געוועלב פון אָריענטאַלישע נאַשוואַרג — כאַפנדיק אַ שטיקל באַקלאַוואַ מיט האָניק.

איצט האָט זי באַגריפן די פאַרצווייפלטע לאַגע פון די אמתע קבצנים. זי פלעגט זיך אַרומשלעפן איבער די פּלעצער, ווו מען האָט אויסגעלאָדן פאַרשידענע פּראָדוקטן, און באַקומען ווו נישט ווו אַ אָנגעקלאַפּטן פאָמעראַנץ, אַ פאַרפוילטע באַנאַנע...

אָפטמאָל האָט זי אין אַלטן פּאָרט אָנגעלאָדן אויף וועגעלעך קוישלעך פיש און פאַרשידענע ים-דעליקאַטעסן, וואָס פלעגן ברענגען די פישער שיפלעך...

אָפאַרבעטנדיק עטלעכע שעה פלעגט זי עפּעס כאַפּן... פּונקט גענוג אויף צו שטילן דעם הונגער.

אויפן צווייטן טאָג נאָך איר אָנקומען קיין מאַרסעל האָט זי געשריבן דעם פעטער, נישט אָנגעוויזן אָבער איר אַדרעס.

נאָך די אומווירדיקע השערות פון איר משפחה, וועלכע האָבן עס זיכער צעטראָגן איבער גאַנץ שאַטאָ-רוזש, האָט זי נישט געוואָלט, אַז ער זאָל צו איר קומען.

זי האָט זיך געשראָקן פאַר זיינע פאָרווורפן צוליב איר פלוצלינג פאַרשווונדן ווערן — האָט מורא געהאַט פאַר זיין ווירקונג נישט אָפּצוגעבן ס קינד אין קיין עפענטלעך דערציִונגסהויז, קוים האָט זי שוין מער נישט געקאָנט האָפן אויף קיין מפּיל!...

אָבער שלעכט! מען מוז דאָך לעבן! גלייך אויף דער צווייטער וואָך האָט זי זיך אָפּגעגעבן אַ גענויען דין וחשבון, ווי שווער עס איז פאַר אַ פרוי דורכצולעבן, אָן וועלכן נישט איז פאַך, נישט האָבנדיק דערצו קיין גראָשן מיט וואָס אויסצוואַרטן...

באַזונדערס, וואָס עס איז איר אויסגעקומען כסדר צו הערן — „אין אייער צושטאַנד". זי האָט קיין ברירה נישט געהאַט

און געמוזט ענדלעך זיך ווענדן צום פעטער..

זי האָט אים געשריבן דעם גאַנצן אמת, זיך מודה געווען אין איר אָרעמקייט, אין איר אומבאַהאָלפנקייט, אין איר אַרומוואַנדערן פון איין פינצטערן ווינקל אין אַנדערן. דער פעטער האָט איר גלייך געענטפערט און צוזאַמען מיט די צערטלעכע פאָרווורפן געשיקט אויף פינף הונדערט פראַנק.

נישט פאַר איר אַנטלויפן האָט ער איר געזידלט, ווייל ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זי האָט קיין אַנדער אויסוועג נישט געהאַט, נאָר טאַקע דערפאַר, וואָס זי האָט אים תיכף נישט געשריבן ווי זי געפינט זיך. זי האָט זיך לייכט געקאָנט פאָרשטעלן זיין אומרויִקייט און זיין קרענקונג, אַז קומענדיק אַהיים קיין שאַטאָ-רוזש האָט ער איר נישט געפונען און וואָס ער האָט איבערגעלעבט די גאַנצע צייט, ביז ער האָט דערהאַלטן איר בריוו, נישט ווייסנדיק אַפילו ווו זי איז אַהינגעקומען. ווען זי זאָל אים געוועזן אָנזאָגן, וואָלט ער שוין לאַנג ביי איר געווען. איצט קאָן ער זיך נישט רירן, ווידער זיין אישיאַס. אַ שרעקלעכער אָנפאַל, וואָס האָט אים כמעט פאַראַליזירט.

וועגן אים זאָל זי זיך אָבער נישט באַאומרויִקן. ער וועט שוין זיכער ביז דער צייט פון געבורט זיין פולקאָם געזונט. ס'ערשטע וואָס זי דאַרף איצט טאָן, איז גלייך אַוועקגיין אין „קאָנכעפיאָן" אויף סען-פיער-גאַס און זיך לאָזן אונטערזוכן—שפּעטער וועט זי זיך טאַקע קאָנען דאָרט איינאָרדענען אויף האָבן דאָס קינד. דאָרט איז ער זיכער, אַז זי וועט האָבן גוטע פלעגע און נישט פאַר קיין גרויסע קאָסטן... פאַר דער צייט וועט ער זען זיך איבערטראָגן פון וואַר אין דעם דעפּאַרטאַמענט פון ראַנע-ברעג, קוים ווייל זי בשום אופן נישט בלייבן אין שאַטאָ-רוזש.

ער וועט דאָ איינאָרדנען אַלע זיינע געשעפטן און שפּעטער וועלן זיי זיך אַלע דריי באַזעצן ערגעץ ווו אין אַ שיין ווינקל, ווי למשל אין סען-רעמי אין פּראָוואַנס, אָדער אין דער געגנט פון ע.

—ניין, אויף דעם וועט זי שוין קיינמאָל נישט איינגיין!
וואָס וועלן זיי דאַן באמת זאָגן—האָט זי אַ קלער געטאָן אײ-
בערלייענענדיק דעם בריוו.

געענדיקט האָט ער זיין בריוו מיט דער ביטע. זי זאָל
אים פּינקטלעך שרייבן לפּחות איין מאָל אין וואָך. זי האָט
טאַקע אַזוי געטאָן, רעזיומירנדיק אין עטלעכע שורות אירע
איבערלעבענישן פון טעג, וואָס זענען פאַר איר געווען לאַנג
ווי גאַנצע דורות. שווערע, ביטערע טעג פון אַנטוישונג, פון
אַרומדרייען זיך פוסט און פּאַסט, אָן וועלכער נישט איז באַ-
שעפטיקונג און אַלס צוגאָב די לאַנגע שלאָפלאָזע נעכט, וואָס
האָבן איר ממש אַראָפּגעפירט פון זינען.

אומזיסט האָט זי כסדר געזוכט אַרבעט, אַלס ענטפער האָט
זי אומעטום און תמיד געהערט דאָס זעלבע לידל.

אַ שוואַנגערע האָט מען איר אין ערגעץ נישט געוואָלט
אַריינלאָזן, אָדער ווען שוין יאָ—איז עס געווען די שווערסטע
פיזישע אַרבעט פון אַ לאַסט-חיה בלויז פאַרן ביסל עסן.

צווישן דערדאָזיקער מענטשן-מאַסע, צונויפגעלאָפענע פון
אַלע עקן וועלט—אויסער דער איינגעבירגערטער באַפעלקערונג
פון מאַרסעל—אַן ערך הונדערט אַכציק טויזנט בּרואים—האָט
זי זיך געפילט פרעמדער ווי אַלע אויסלענדער. ביי מאַדאַם
רוסטאַן האָט זי זיך וויניקסטנס פאַר אירע פּופּציק פראַנק גע-
קאָנט באַהאַלטן אין איר צימער און קיינעם נישט אָנקוקן. דאָ
האָט זי געגעסן צו מיטאָג אַ שטיקל טרוקן ברויט געווייקט
אין מילך און אַליין געמאַכט אויף זיך אַ דרוק זיך צעפּצורוען..
נאָר דאָס בעט!.. אַ שטיקל דינער מאַטראַץ אויף די הילצערנע
קעסטלעך!..

וועגן ליבע האָט זי איצט אַנדערש נישט געקלערט ווי
מיט אַ געפיל פון האַס און מיט דער שאַרפסטער פאַרביטערונג.

די דערינערונג וועגן אומבאַקאַנטן און פראַנסואַן האָבן
זיך אין איר שמערץ צענויפגעמישט מיט יענע בילדער, וואָס
האָבן איר כסדר פאַרפאָלגט, אַ דאַנק דער ווילדער תאוה פון

די כוליגאַנעס, מיט וועלכע זי האָט זיך באַגעגנט און כסדר געמוזט באַגעגענען.

אין די שלאָפּלאָזע נעכט האָבן זיי זיך איר פאָרגעשטעלט איינער נאָכן אַנדערן, אָנהייבנדיק פון קעז-הענדלער, דעם קליי-ענט פון פּאָרט-האָטעל, וואָס די שלימזלדיקע דינסט האט אים אָנגעוויזן אויף איר באַלד דעם ערשטן אָוונט פון אירע זוכענישן.

ער האָט איינגעוויליקט איר צו רעקאָמענדירן איינעם פון זיינע פריינט, וואָס האָט זיך געגוויטיקט אין פרויען אויף סאָר-טירן און פּאַקן אַ געוויסן סאָרט סחורה...

אונטערוועגנס האָט ער איר פאָרגעלייגט אַ גלאָז וויין. פאַר „אַן אנגענעמען מאָמענט..." אויסערדעם וועט איר באַקומען דעם אַדרעס בלויז מיטן באַדינג...

אין שענקל, וווהין זי איז אַריין, זיך טרייסלענדיק פון קעלט, אין איינעם פון די ערשטע דריי טעג אַראָפּצושלינגען פאַר דריי סו די ערשטע, בעסטע מיקסטור,—אַ קאָכעדיקע ווי פייער—מיטן נאָמען מאָקע-קאַווע !..

ביי א טיש אָנגעשטעלט מיט זייער גרויסע קופּערנע כלים, פול מיט גיפטיקן בראָנפן, זענען געזעסן איינער לעבן אַנדערן, אַ גאַנצע טוץ נעגערס, ווי פאַרשטיינערטע אויף אַ לאַנגער באַנק... אַז זיי האָבן זי דערזעען, האָט עפּעס אַ מין משונהדיק-ווילדער שמייכל אויסגעקרומט זייערע אַרויסשטאַרנ-דיקע ליפּן. די גיריקייט האָט זיך ווי אַ בליץ מאָמענטאַל אָנ-געצונדן אין אַלע צוועלף פּאָר אויגן, און איינער פון דידאָזי-קע פּראים האָט געמאַכט מיטן אויסגעבויגענעם אָרעם אַזאַ זשעסט פונקט ווי ער זאָל פּאַרוויגן אַ קינד.

שטאַרב פון הונגער אָדער האַנדל מיט זיך ! נישט איין, נאָר צוואַנציק מאָל איז זי שוין געשטאַנען פאַר דערדאָזיקער דילעמע !

זי האָט גוט געקענט דידאָזיקע אַלע תאוה-גרימאַסן, וואָס דער אינסטינקט—נישט קיין שאַפּרישער, נאָר אַ טויטנדיקער— האָט סטערעאָטיפּיש אַרויסגעלייגט אויף דידאָזיקע עקלהאַפטע פּנימער.

די דאָזיקע גרימאַסן זענען געווען אין יעדן הויז, און די גאַס איז געווען מיט זיי איבערפולט.

ווען נישט דער געדאַנק וועגן פעטער און ווען נישט איר ווירטין, די מאַדאַם רוסטאַן, וואָס פלעגט איר פון צייט צו צייט אָפּקאָכן אַ ביסל עסן—און הויפּטזעכלעך אַנטואַנעטע, דער ווירטינס טאָכטער, מיט וועלכער זי האָט זיך שטאַרק באַפריינ־דעט—וואָלט זי זיכער געענדיקט — נישט געקוקט אויף אירע ענערגיע־אויפשוואונגען נאָך די קריזיסן פון די פינצטערסטע שטימונגען—מיט וועלכער נישט איז פאַרצווייפלטער, אומפּולסי־ווער האַנדלונג... געשען האָט עס געקאָנט פשוט אין דער פאָרם פון אַ ריינער צופעליקייט. זי האָט זיך אויסגעגליטשט ביים סאַ־מען ברעג ים... אָדער זי איז אַרונטערגעפאַלן אונטער אַ משא־פור, נישט באַוויזנדיק זיך אַרויסצודרייען...

אַנטואַנעטעס דערפאַרונג האָט איר צום גליק געראַטעוועט פון אַ באַרישן טויט און דערפון, וואָס איר באַליידיקטער שטאָלץ האָט עס געהאַלטן פאַר ערגער ווי געשטאָרבן: זיך צוצופּאַסן צו אַ נידעריקן לעבן.

נאָך דער צווייטער באַגעגעניש האָבן זיי זיך אָנגעהויבן דוצן—אין יענעם טאָג ווען זי איז געקומען צו איר מוטער אויף מיטאָג און געפונען די אויפגערעגטע ספּי, זיצנדיק אין אַ ווינקל ביים הייסן אויוון.

מיט אַן אויפריכטיקן מיטגעפיל האָט זי אויסגעהערט די מעשה וועגן ספּיס אומגליקלעכן צופאַל און זיך שטאַרק באַמיט איר צו טרייסטן.

אַ מערקווירדיקן כאַראַקטער האָט זי, דידאָזיקע טוענע !.. עלעגאַנט, אַ דאַנק איר וועש־פאַבריקאַנט, וואָס האָט איר אויס־געמעבלירט אַ שיינעם צימער אויף פאַנטען־רוביער און באַזאָרגט מיט די שענסטע טואַלעטן,—האָט זי בייטאָג געאַרבעט ביי דער פאַרפום־הענדלערין,—טאַקע ביי דערזעלבער, וואָס מאַדאַם בעאַן האָט ספּין דאַן געזאָגט... אַלס פאַרקויפערן, וואָס פלעגט ביי געלעגנהייט, כדי צו קאָנען דעקן אירע פערזענלעכע באַשיידע־

נע פאַרגעניגנס, פאַרקויפן זיך אַליין.

פון קינדווייז אָן אַן אומגליקלעכע און יונגערהייט אַ פאַרפירטע—איז זי געווען שטאַרק פאַרביטערט קעגן מענלעכן עגאָיזם און האָט אומאויפהערלעך געשטרעבט אים צו פאַרניכטן, אויסצוראָטן דעמדאָזיקן סאָציאַלן באַרבאַריזם.

איר אויסזען איז געווען אַ גאַנץ געוויינלעכער. זי האָט מאַכט דעם איינדרוק פון אַ פרוי, וואָס מען טרעפט אַזעלכע אין די טויזנטער, שאַטינע האָר, רעגלמעסיקע געזיכטשטריכ. אַ געזיכט אָן אַ כאַראַקטער, וואָס זאָגט גאָרנישט, ווען נישט דער סאַרדאָנישער פייער פון אירע קליינע שוואַרצע אויגן... איצט זענען זיי כסדר געווען צוזאַמען, אויסער די שעהן, וואָס האָבן געהערט דער פאַרפום-הענדלערין און דעם העמדער־פאַבריקאַנט...

—הער ספי! דאָס איז וויינקסטנס אַ ליבער נאָמען אָבער גישט ספיריטע, וואָס עס איז גוט בלויז אויף דרייען טישן..!

זי האָט טרויעריק אַשמייכל געטאָן, זיך דערמאָנענדיק אָן שאַטאָ-רוזש.

—דו ביסט נישט די ערשטע! וואָס רופט מיך אַזוי.

—הער צו, ספי, איך מוז דיר אַ ביסל אויסמוסרן! דו נעמסט אַלץ צו שטאַרק צום האַרצן. עס איז נישטאָ אַזאַ מאַנספערשוין אויף דער וועלט, וואָס זאָל ווערט זיין, אַז מען זאָל צוליב אים צוברעכן דאָס האַרץ!.. און קיין שום אומגליק אין לעבן וועט דיר נישט אַזוי שטאַרק באַרירן, אויב דו וועסט נאָר האָבן די קראַפט פון אַלץ זיך אויסצולאַכן!.. אַ קינד! אָט קוק זיך צו צו די היגע איטאַליענער מיט זייער אַרמיי קינדער... ערגער ווי פליגן, אומעטום זענען זיי פול!

—ווו מען פאַרזייט זיי נישט, דאָרט וואַקסן זיי אויס,— האָט צוגעגעבן מאַדאַם רוסטאַן.

—מען שלאָגט זיך, מען קעפּט זיך גאַנצע טעג, און עס אַרט זיי ווי די וואַנט... ווי נישט זיי מיינט מען עס! הערשט די וואַקכאַנאַליע דאָרט אויבן אין דער הויך..

די אַלטע האָט אַ זיפץ געטאָן:

—יענע דאָרט זענען שוין ווי די מייז, נישט ווי די פליגן.

—אמת! האָט ספּי באַשטעטיקט. גאַנץ אָפּט לאָזן זיי מיך נישט שלאָפן. און מיין שלאָף איז אָן דעם אויך נישט אי-בעריק!

צונויפגעקוועטשט אין צוויי דאַכשטיבלעך איז די פאַמיליע ראָבאַנאַ געווען ממש אַ קאָשמאַר פאַר די איינוווינער פון מאַ-דאַם רוסטאַנס שטיבל, וואָס איז באַשטאַנען פון פיר קליינע צימערלעך.

צוויי האָט זי אַליין פאַרנומען, אין איינעם האָט געוווינט דער קוילן-אַרבעטער באַמבאַראַ און אין דעם לעצטן—ספּי; און סאַקע איבער איר קאָפּ האָבן כסדר אַרומגעטאַנצט דידאָזיקע „מייזלעך" און איצט האָט זיך דער ליאַרם געהערט אויך און עס-צימער צוזאַמען מיט דער קוך—ווו זיי זענען אַלע דריי געזעסן. עטיענע האָט ווייטער אנטוויקלט איר געדאַנק:

—צי וואָלט נישט גלייכער געווען, אַז די דאָזיקע פּראָים זאָלן תיכּף באַלד ווי זיי ווערן געבאָרן דערטרינקען זייערע שרצים איידער אַרבעטן אויפן דלות מיט זיינע שותפים? אָבער דאָס שטערט זיי נישט אויף זייער אופן צו לעבן אַ גוטן טאָג!..

דער טאַטע שכּורט, די מאַמע העלפט אונטער, און אַז זיי פאַ-רענדיקן פאַרצושטעלן מיט זיך אַ בילד פון אַ חיה מיט צוויי רוקנס—הויבן זיי ווידער אָן די מוזיק פון אָנפאַנג...

דער רעזולטאַט: מען ריכט זיך אויף אַ זעקסטן שרץ. אַ טייערער באָדן פאַרן שקראָפל!

ספּי האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס.

—אָדער אויסגעצייכנט פלייש אויף פאַשטעטן פאַר מו-סאָלינען!..

מאַדאַם רוסטאַן, אַ געטרייע פּאַטריאָטין, האָט געמאַכט עטלעכע זויער-זיסע באַמערקונגען בנוגע דער אינוואַזיע פון די פראַנס-איטאַליענער. די אַלטע שטאָט איז געווען פול מיט זיי,

און זייערע קינדער האָבן ממש פאַרפלייצט די גאַסן.

זיי האָבן זיך געוואַלגערט אין געפּליוכעט אין די ריננ-שטאָקן לענגאויס פון אַלע גאַסן, וואָס פירן צום פּאָרט, באַפּוצט ווי מיט פלאַגן, דורך די וועש וואָס האָבן זיך דאָרט כּסדר געטריקנט. לאַנגע שטריק מיט פאַרשידנפאַרביקע שמאַטעס, וואָס זענען געהאָנגען אויף יעדער פענצטער—אַ מאַלאַרישע אויסשטעלונג, וואָס האָט גאַנץ אָפט געצויגן אויף זיך די אויפמערזאַמקייט פון די אויסלענדער... געגנוג בולטע פאַרבן—מען האָט געקאָנט מיינען, אַז מען געפינט זיך אין נעאַפּאָל!.. וויפיל מאָל, גייענדיק איבער טאָרט-גאַס און דערהערנדיק דידאַזיקע באַמערקונגען האָט זיך ספּי געוואָלט אַ געשריי טאָן צו דידאָזיקע אַמאַטאָרן-קינסטלער:

—אַ שיינע פאַרב, געשאַפן דורך מיסט און גאַל! פּרוווט נאָר איר אַ ווײַלע לעבן ווי זיי!

עטיענעטע איז פּלוצלינג אומעטיק געוואָרן.—גאַנץ אָפט פלעגט זי פון אָפּטימיזם אַריינפאַלן אין אַ שטימונג פון שטאַרקער פאַרביטערונג.

זי האָט פאָרנעזעצט:

—אַ קינד! איך האָב אויך געהאַט אַ קינד! און אויך ער איז פון פאַרגעניגן וועגן באַשאַפן געוואָרן פון מיין ערשטן געליבטן... פון ערנעסטן... ניין פון זשולן!.., געשען איז עס אין איין שיינעם טאָג, בעת אין דער לופט האָט זיך געטראָגן אַן אַלגעמיינע פריילעכקייט.

—יאָ... און מיר האָבן אים באַשטימט לטובת דער רעפּובליק—פאַר איר סאַנירונג! יאָ אַ הייליקער נאָמען פון גאָט פון פערצענטן יולי!—איך שווער דיר, אַז איך האָב זיך אַ סך ווייניקער געפרייט אין טאָג, וואָס איך האָב אים אָפּגעגעבן אַלס מתנה „דער געזעלשאַפטלעכער שוץ."

—געזעלשאַפטלעכע שוץ?—האָט ספּי איבערגעפרעגט שטאַרק פאַראינטערעסירט.

—פאַרשטייט זיך! האָסט געדאַרפט זען, ווי זשול... ניין,

ערנעסט... צום טייוול! איך געדענק שוין אַליין נישט... האָט אונז אַוועקגעוואָרפן... מיך און דאָס קליינע הינטל... איך וואָלט אים אפשר איבערגעלאָזן ביי זיך, ווען איך זאָל געווען קענען דערנערן זיך און אים... עס האָט זיך צו מיר שטאַרק צוגעבונדן דאָס פּיצעלע... אָבער אין יענער צייט איז די מאַמע נאָך נישט געווען אַזוי איינגעאָרדנט ווי איצט. יעדערער האָט געמוזט פאַר זיך זוכן וואָס אין מויל אַריין צו נעמען... און געפינען אַרבעט, האָבנדיק ביי זיך אַ קינד, דאָס איז געווען אַן אוממעגלעכע זאַך. דו זאָגסט, אַז פאַר דעם איז שווער. זיי זשע וויסן, אַז נאָכדעם איז אַ סך שווערער.

—דו מיינסט אַזוי?

—וואָס אַראַ נאַרישע דו ביסט! דו וועסט אויך מוזן טאָן מיט דיינעם דאָסזעלבע וואָס איך: אָפּגעבן אים אין אַנשטאַלט, די מלוכה צאָלט פאַר זיי—עס איז איר פליכט בנוגע צו דיר!

—די מלוכה!... ביים דאָזיקן געדאַנק האָט ספּין אַרומגעכאַפּט אַ געפיל פון אַנטוישטער האָפנונג און פאַרווונדערונג.

דערזעענדיק, אַז דאָס געלט, וואָס זי האָט באַקומען פון פעטער האַלט ביים אויסגיין און נישט האָבנדיק דעם מוט ביי אים ווידער צו בעטן, ווייל אין זיין לעצטן בריוו האָט ער איר גע- שריבן וועגן זיין קומען – איז זי לויט דער עצה פון מאַדאַם רוסטאַן אַוועק בעטן אַ געלד-שטיצע אין הילפס-ביוראָ פאַר שוואַנגערע פרויען. פּופּצן פראַנק! אַך! דער טרויריקער ווינקל אויף קעסרי-גאַס! די פאַרפעסטעטע צימערן פון דערדאָזיקער הילפס-אינסטיטוציע.

נישט געקוקט אויף די אָנשטרענגונגען פון די באַאַמטע האָט זי זיך געמוזט צונויפמישן מיט דער גאַנצער קליענטעלע פון דידאָזיקע שנאָרער און איבערלעבן דעם שרעקלעכן מאָמענט פון אַ באַשעמעניש אָן אַ נאָמען.

אַזוי ווייניג געלט איז פאַראַן פאַר די ירושה-לאָזע, גרויס-געשטויסענע פון דער לעבנס-סעודה, בעת די מולטי-מיליאָנערן באָדן זיך ממש אין גאָלד!...

— פי האָט זיך אומגעקערט צו אירע טרויעריקע געדאַנקען.
— און דיין קינד? וואָס איז מיט אים?
— עס איז געשטאָרבען אין עלטער פון זעקס חדשים...
זיין טויט האָט ביי איר נישט אַרויסגערופען קיין טרערן באַדויערן ווי דאָס פאַרשווינדן פון וועלכער נישט איז הויז-חיהלע — וואָס קאָן מען מאַכן! עס איז אַזוי באַשערט געוועז!... אַלע מוזן טאַנצן דעמזעלבן טאַנץ.
עס האָט וויניקסטנס זיינע ליידן נישט געשפּירט... איין זאַך איז אָבער זיכער! דאָס איז געוועזן די שטענדיקע קאָנקלוזיע פון אַלע אירע וכּוחים אין פּראָטעסטן... מער וועט מען מיר אויף דעם נישט כאַפּן. איך קען אויסגעצייכענט אַלע קונצשטיק ווי אַזוי זיך צו באַפרייען... און אַז דו וועסט פּטור ווערן פון דיין פּעקל, זיי גאַנץ רויק. איך וועל דיך שוין אויסלערנען.
ספּי האָט נישט געזאָגט ניין. די בראשורן וואָס זי האָט באַקומען פון פּעטער, און וועלכע זי האָט מיטגענומען מיט זיך אַנטלויפנדיק פון שאַטאָ-רוזש דהאָבן איר בלויז געלערנט טעאָרעטיש... און אין דעם פאַל זיי בכלל אין אַלע אַנדערע ענינים איז טאַקע דער עיקר די דערפאַרונג און די פּראַקטיק. נאָך איר טעגלעכן שווערן קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ איז זי געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז בלויז דאָס פּראָדוצירן פון מענטשן קינדער אויף אַ נאַטירליכן באַוווסטזיניקן אופן, פאַרדינט אַכטונג פון דער אַנטוויקלטער געזעלשאַפט און פון ציווי־ליזירטן שטאַאַט.
עס איז געקומען דער פרילינג מיט, דיין פרישן הימל־בלוי.
אַ נייע זון האָט איינגעוויקלט די שטאָט אין אַ ליכטיקן זילבער-מאַנטל, נישט אַרויסגערופן אָבער אין דעם פּאַרוויסטן האַרץ קיין נייע בלומען און שפּראָצונגען.
פון די פינף הונדערט פראַנק האָט זי שוין נישט געהאַט קיין איינציקן סו, און איצט וועגעטירט זי נאָך אַ דאַנק די

פופציק פראַנק, וואָס זי האָט באַקומען פאַרן פאַרמשכונטן זיי־נערל. אויסערדעם האָט איר מאַדאַם רוסטאַן געפונען אַ ביסל אַרבעט ביי אַ הוטנפוצערין, מיט וועלכער זי האָט פון צייט צו צייט געהאַט געשעפטן.

צום גליק וועט דאָך אָבער דער פעטער, סוף כל סוף, באַלד אָנקומען... זי האָט באַקומען פון אים אַ בריוו מיט צוויי הונדערט פראַנק און שלעכטע נייעס.

—איך ליג צו בעט נאָך אַ שטאַרקן אישיאַס־אָנפאַל, פון וועלכן מיין לינקער פוס איז אין גאַנצן פּאַראַליזירט. דער דאָקטאָר זאָגט, אַז עס איז אַן עסק אויף אַ לאַנגע צייט! פאַר־פליכטע שטערונג!.. איך האָב געמוזט נעמען אַ דינסט און בין געצוונגען, וואָס גיכער צו פאַרדינגען מיין נייע ווילע, כדי נישט צו בלייבן אָן געלט. מיין עצה איז, דו זאָלסט שוין אַוועקגיין אין שפּיטאָל „מאָנטערשאָפּס". איך האָף, אַז ביז דיין קימפּעט וועל איך שוין ווידער שטיין אויף די פיס און דאַן וועלן מיר זען ווי אים איינצואָרדענען. ביז מיין קומען האַלט אים אומבאַדינגט ביי זיך. זינט לואי איז אַוועק דינען, איז דיין מוטער אין אַ געפערלעכער שטימונג. דיין פאָטער איז ווידער געפאַלן און נאָכן אַמאָל זיך צעבראָכן דעם רוקן-ביין. ער פאַרזיכערט, אַז די קווער־אַקסן פון וועגעלע זענען געווען אונטערגעזעגט אויף אַזאַ אופן, אַז פאַלנדיק זאָל ער ברעכן דעם קאָפּ, און אַז אָפּגעטאָן דעם דאָזיקן קונץ האָבן די ביידע רעסיס מיט דיין מאַמען בראש... זיי ווידער טענהען, אַז ער איז אַראָפּ פון זינען. זיי זענען פולשטענדיק איינשטימיק מיט דער מיינונג פון אויסוואָרף, דעם דאָקטאָר טיור, אַז עס איז שוין צייט אים אַוועקצושיקן אין משוגעים-הויז קיין פּיערפע... אויף דעם אופן וועלן זיי באַקומען די מעגלעכקייט צו פאַרקויפן דאָס סאָסנע־וועלדל. דער דאָקטאָר רידאַל איז פון דער געשיכטע אַזוי אויפגערעגט פּונקט ווי איך, אָבער דאָס גאַנצע שטעטל, צוזאַמען מיטן אבאַט בואַטעל האַלטן מיט דיין מאַמען און שאַרלאָטן... גיב מיר צו וויסן, ווען דו גייסט איבער אין שפּיטאָל.

ענדע וואָך, פילנדיק זיך אַ ביסל מיד — שוין צווייַ מיט אַ האַלבן מאָנאַט ווי זי איז אין מאַרסעל—האָט כפי, נישט לאַנג קלערנדיק, אָנגעשריבן אַ פּאָר ווערטער דעם פּעטער און איז געיטן טראַמוויי צוועקנעפאָרן קיין בעל־דע־מייַ, אין אַ נייעם שפּיטאָל, איינגעאָרדנט אין דער געביידע פון געוועזענעם מוזיי. איינע פון אירע חברטעס האָט איר איבערגעגעבן, אַז דאָרט איז אַ סך בעסער ווי אין „קאָנסעפּסיאָן".

בעל־דע מייַ! אַ פּאָעטישער נאָמען. דעם גאַנצן וועג האָט זי עפּעס מיט אַ געפיל פון פינסטערע איראָניע, געהאַלטן אין איין איבערחזרן דידאָזיקע ווערטער.

## 3

די רעגלמעסיקע קאָנסולטאַציעס קומען פאָר טעגלעך, פון אַכט פרי, אין זייטיקן פּאַווילאָן ביים אַריינגאַנג פון הויף. אַ פראַנקן־שוועסטער האָט איר געהייסן קומען מאָרגן. פאַרבייגייענדיק האָט ספּי, דורך די ביימער, געזעען אַ לאַנגע, אומגעלומפּערטע קאַזאַרמע־געביידע. מיט אַ פאַרדריקט דהאַרץ, האָט זי זיך אומגעקערט אהיים אויף טאַרט־גאַס.

קלויבנדיק זיך אויפן אַנדערן טאָג אין דער פרי ווידער אַוועק צו גיין אין שפּיטאָל, איז זי געווען אַזוי שוואַך, אַז מאַ־דאַם רוסאַן האָט פאַרגעלייגט איר אהין צו באַגלייטן.

זי איז אַריין אין קאָרידאָר ווו אַלע דהאָבן געוואַרט. אַרויסגייענדיק פון דאָקטאָרס אונטערזוכונגס־קאַבינעט, האָט די נאַכט־וועכטערין דערזען עפּעס בלייכקייט — און קוים באַוויזן איר אוועקצוזעצן אויף אַ שטול: זי איז געפאַלן אין חלשות.

אַ טאַסע וואַרעמען בוליאָן, וואָס מען האָט איר געצוווּנגען גלייך אויסצוטרינקען, די פריינטלעכקייט פון דאָקטאָר, וועלכער האָט ביים ערשטן בליק פאַראָרדנט איר איבערצולאָזן אין שפּיטאָל—ווייל ער האָט קאָנסטאַטירט די אומנאָרמאַלע לאַגע פון קינד—די לייבטקייט מיט וועלכער אַלץ האָט זיך דאָ אַזוי גוט איינגעאָרדנט, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס זי האָט נישט געהאַט קיין שום פּאַפּירן און קאַטעגאָריש זיך אָפּגעזאָגט אָנצו-

רופן איר נאָמען—דאָס אַלץ האָט בײַ איר אַרויסגערופן אַ געוויסע סימפּאַטיע צודער דאָזיקער אַנשטאַלט, וואָס וועט איר די גען אַלס היים אין די סאַמע קריטישע מאָמענטן פון איר לעבן...

—גרייט צו אַ בעט פאַר איקס,—האָט אַ זאָג געטון די הויפּט-אַקושערין דעם צו דיזשורירנדיקער קראַנקן-שוועסטער, און רופט אַהער די פריילין אוירעליע.

שטייענדיק רין אומגעהייער גרויסען וועסטיבול, מיט די דערבייאיקע צוויי לאַנגע קאָרידאָרן, האָט ספּי נישט באַוויזן זיך צו אָריענטירן, כּדי צו באַהאַלטן אַלע אירע איינדרוקן: הוילע, ליכטיקע ווענט, טירן, וואָס האָבן זיך כּסדר פונאַנדערגעעפנט, דורכלאָזנדיק די אַהין און צוריק גייענדיקע אָנגעשטעלטע פרויען און קראַנקן-שוועסטער. דער דאָזיקער אומאַנגענעמער גערוך, וואָס מען האָט זיך באַמיט אים צו פאַרניכטן דורך פאַרשידענע דיזענפעקציע-מיטלען! די אומאויפהערלעכע גלעקלעך האָבן פאַרהילכט די אויערן, זיי זענען אָבער גישט געווען אַזוי שרעקלעך ווי די אָפטע געשרייען, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון דער ווייטנס, און געקלונגען אַ סך העכער אין די דאָזיקע גרויסע, ליידיקע צימערן, ווו זיי זענען באַלד ווידער איינגעשלונגען געוואָרן פון דער פוסטקייט... אָט פאָרן פערבײַ לייכטע שפּיטאָלוועגלעך:—צוויי אויגן, וואָס זוכן און שטעלן זיך אויף קיין זאַך נישט אָפּ. אָדער אַ בלייך פּנים מיט געשלאָסענע אויגן...

—אָט איז, מיין קינד, פריילין אוירעליע, די אַקושערין פון ערשטן שטאָק, גייט מיט איר.

זי גייט נאָך און שפּירט אַ מיטליידספולן בליק פאַר איר אומגליק: פריילין אוירעליע האָט אַ פּאָר בלויע אויגן, וואָס פונקלען און שמייכלען, אַ ווייכע סאַמעטענע שטים... איר געזיכט אונטערן שיינעם קאָפּטיכל, האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין צערטלעכער רונדקייט; איר נאָז, עטוואָס דיקלעך האָט קוים באַרירט די דיקע ליפּן... עס מוז זיכער זיין אָנגענעם צו הערן טרייסט-ווערטער פון אַזאַ סימפּאַטישער פּערזאָן!...

—גלייך באַקומט איר אייער בעט און איר וועט זיך

קאָנען אויסרוען. גוט איז אויך דאָס, וואָס איצט איי די צייט פון פרישטיק...

וואָס דהעכער זיי זענען געשטיגן איז אַלץ געוואָרען ליכטיקער.

מיט אַ מומערלעכן ושעסס האָט פריילן אוירעליע געגלעט איר קאָפּ, וואָס זי דהאָט נאָך אַלץ מיט אויפרעגונג געשאָקלט נאָר אַלעמען איז דאָ אפשר טאַקע גאָרנישט אַזוי שלעכט צווישן דידאָזיקע גרויסע, מיאוסע ווענט ?.. דאָ איי אַ סך שטילער און רויקער ווי אונטן... און דערדאָזיקער זאַל—אַ גרויסער שלאָפצי-מע מיט דריי פענצטער—וווהין זי איז אַריין נאָך איר ווענדויי-זערין,—אַ מאָדנע זאַך: ביים ענדע פון אַ לאַנגער רייע בעטן—און ביי יעדערער צו קאָפּנס איז געשטאַנען אַ וויגעלע—זענען געווען קעסטעלעך, ענלעכע אויף קליינינקע ווייסע קאַבינקעס... מען האָט געקאָנט מיינען, אַז מען איז אַריינגעפאַלן צום הויפט-פריזירער פון שאַטאָ-רוזש!

פריילן אוירעליע האָט איר אָנגעוויזן אויף אַ ליידיק בעט און אָנהענגענדיק צו קאָפּענס אַ צעטל פון דער נייער איקס האָט זי געזאָגט!

—נומער פינף, דאָס זענט איר. אָט איז אייער אָרט. דער-ווייל, אויף ווידערזען! באַלד וועט איר זיך באַקענען מיט איי-ערע חברטעס....

אַלץ אַזעלכע נומערן ווי זי. און, ליידן, אַנאַנימע און באַנאַלע... נומערן, און מאַטריקולעס.

טעג פון וואַרטן... פון קוראַציע און פון קלערן וועגן זיך גופא.

—איר האָט נאָך גליק, וואָס איר זענט געקומען צו דער צייט, דאָס קינד איז געלעגן נישט נאָרמאַל. און איר האָט גע-קאָנט האָבן אַ שווערן געבורט... — האָט איר געזאָגט פריילין אוירעליע,— איצט קאָנט איר זיין גאַנץ רויק, ער וועט זיך אַרויסגליטשן ווי אַ בריוו דורכן שפּאַלט פון אַ פּאָסט-קעסטל.

ספּי האָט עס כמעט באַדויערט חוצלגדיק ער זאָל בעסער געבוירן ווערן אַ טויטער.

עקשנותדיק האָט זי זיך געהאַלטן ביי איר פריהערדיקן קאַלטבלוטיקן באַשלוס אים אָפּצוגעבן אין אַ קינדער-אַנשטאַלט. דעם פעטער האָט זי וועגן דעם קיין וואָרט נישט דערמאָנט כדי ער זאָל איר נישט אָפּהאַלטן פון איר פּלאַן...

דערווייל האָט איר די גוטע דערנערונג, דאָס לאַנגע אַליין זיין בלויז צווישן אומגליקס-שוועסטערס, דאָס נייען די ווינדעלעך—אָן אַרבעט וואָס באַשעפטיקט שטרענגט אָבער נישט אָן — די איבונגען וואָס דער דאָקטאָר האָט איר פאַראָרדענט, דאָס פאַרברענגען אין דאָזיקן צימער, ווו זיי זענען כמעט געווען אַרעסטירט, דאָס קוקן דורך די פענצטער אויף דעראום אויפהערלעכער באַוועגונג פון די קומענדיקע און אַוועקגייענדיקע באַזוכער—דאָס אַלץ האָט איר אַ ביסל באַרויקט.

זי האָט זיך נישט בלויז באַקענט, נאָך טאַקע באַפריינדעט מיט עטלעכע פון אירע שכנטעס? וואָס האָבן פונקט ווי זי געשלעפּט די מאַסע פון זייער צופעליקער מוטערשאַפט.

פלוצלונג האָבן זיך אין אַ געהיסן שבת צו נאַכט אָנגעהויבן לייכטע שמערצן.

לעבן איר זייט, דער נומער פיר, פאַר וועלכן עס איז אויך געקומען די צייט, האָט אָן אויפהער ביטער געקרעכצט. מען האָט געמיינט, אַז גי וועט האָבן אַ צווילינג.

—צום גליק בין איך געקומען אַהער גישט אָנגעבנדיק מיין ריכטיקן נאָמען :—האָט זי נעזאָגט—שטעלט אייך פאָר, מיר האָבן שוין פיר קינדער. מיין מאַן איז שווינדזיכטיק... איך בין שוין אַ פאַרמאַטערטע פון זאָרגן וועגן אַלע!.. און איצט די צווייטע אויך טאַקע דאָ איבערלאָזן?... און דעריבער האָב איך נישט אָנגעגעבן מיין נאָמען. וואָס דען זאָל איך טאָן? צוליב זיי לאָזן יענע פיר אויסגיין פון הונגער? מען קאָן זיך קיין עצה נישט געבן אפילו מיט דער קליינער שטאָטישער סטיפּענדיע און דעריבער טאָקע דאַרף מען זיך נישט רעכענען מיט די טענות פון די, וואָס פּראָפּאַגאַנדירן וועגן פאַרגרעסערן די באַפעלקערונג.

—אָבער ווען איר זאָלט זיך געווען באַנוצן מיט פאַרהיטונגס-מיטלען! — האָט באַמערקט אַ קליינע מאַגערע ברוגעטקע

מיט אַ פּאַריסענער ליפּ—אַ בורזשויקע נומער אַכט. וואָס איז ערשט נעכטן אַהער געקומען.

—אַ? דאָס איז גאַנץ לייכט! עס זענען דאָך אָבער פאַראַן אַזעלכע מענער, וואָס ווילן עס בשום אופן נישט? נו, און איר?

—אַ! איך! איך האָב מיר נישט פאָרגעשטעלט, אַז מיט מיר זאָל אַזוינס געשען. שוין אַכט יאָר נאָך מיין חתונה, און איך בין קיין איינמאָל נישט אַריינגעפאַלן.

—הייסט עס—האָט אַ פרעג געטאָן ספּי, אין מאָמענט, ווען די שפּערצן האָבן נאָכגעלאָזן, זיך צוהערנדיק צו זייער געשפּרעך —זענט איר אויך נישט צופרידן, וואָס איר ווערט אַ מוטער?

יענע האָט קורץ געענטפערט.

—איך האָב דערויף מיינע מאָסיוון.

די טרויעריקע, יונגע פרוי האָט זיך ווידער פאַרטיפט אין איר שווייגן... אין די געדאַנקען האָט זי געזען איר מאַן, דעם שיפּס-קאַפּיטאַן, וואָס איז שוין צען חדשים אונטערוועגנס... און איר געליבטן, אַ סוחר, אויך אַ פאַמיליען-מענטש, וואָס האָט נישט געוואָלט קיין אַוואַנטורעס...

—וואָס פאַר אַ סוד טראָגט זי ביי זיך? — האָט ספּי אַ קלער געטאָן,—וואָס פאַר אַ דראַמעס שפּילן זיך אָפּ אין לעבן פון דידאָזיקע אַלע מענטשלעכע באַשעפענישן דאָ אַרום איר און האָבן זיי, די היימלאָזע, געבראַכט אַהער?... אַלע זענען זיי, פּונקט ווי איך, אומגליקלעכע קרבנות, וואָס פאַלן אונטער דער לאַסט פון זייער מוטערשאַפט! און אַז דו קלערסט דערביי, אַז דאָרט אין די אַנדערע זאַלן פון דאָזיקן גרויסן בנין הויבן זיך אָן נייע פריידן, נייע לעבנס, לגמרי זאָרגלאָזע!

ווידער אַ מאָמענט פון שרעקלעכע ליידן, וואָס ווערגן, שטיקן זי; אַ מאָמענט, בעת זי שפּירט די גאַנצע אומגערעכטיקייט פון איר גורל, ווו זי אַמפּערט זיך מיט דער שלעכטער וועלט-אָרדנונג!... עפּעס איז עס אַ מין קייט, וואָס שנירט צונויף דעם האַלז, אַ האַלזבאַנד, וואָס פּייניקט און צווינגט דאָך צו האַלטן גלייך דעם קאָפּ... ניין, נישט געקוקט אויפן

פעטערס פאַרלאַנג, וועט זי בשום אופן נישט מסכים זיין זיך אונטערצוּוואַרפן דעם גזר־דין, וואָס מען האָט איר אויפגעצוואונגען.

זי וועט נישט אָנערקענען אַלס איר קינד דעם וואָס האָט זיך מיט געוואַלד אַריינגעריסן אין איר לעבן. זי וועט אַרויסגיין פון דאַנען אָן אים!

אָנהויבנדיק פון דער הויפּט-אַקושערין ביז דעם צימער-מיידל, האָבן זיך אַלע אַרויסגערעדט די לונג, אָבער בשום אופן נישט געקאָנט ווירקן נישט אויף איר און נישט אויפן נומער, פיר—נישט אַרויף צו וואַרפן אויף דער מלוכה די פליכטן וואָס די לעצטע האָט פאַר ריכטיקער, אַז די מאַמעס זאָלן זיי אַליין דערפילן... מען האָט זיי געבראַכט וויזן די שענסטע ניי-געבוירענע קינדער, יעדן זונטיק פרי פלעגט צו זיי קומען אַ גלח... פריילין אוירעליע האָט אויסגענוצט אַלע ווייבערשע כיט-רע שטיק.

אַ דרוק, וואָס פון שטאַנדפונקט פון די אָנגענומענע אי-דייען, פאַרדינט ער די גרעסטע אָנערקענונג און איז אויסער-דעם א באַווייז פון אַ גוט אָרגאַניזירטן אַדמיניסטראַציע-אַפּאַראַט.

—אָבער אויך זיי וועלן ענדיקן פונקט ווי אַלע אַנדערע, — האָט פריילין אוירעליע פאַרזיכערט די דירעקטריסע —נאָכן ערשטן מאָל זויגן וועלן זיי משוגע פאַר זייערע קינדער.

—פריילין! פריילין! אוי, ס׳טוט מיר שרעקלעך וויי!

ספּי רופט פון בעט אַרויס, דערהערנדיק אין קאָרידאָר די שטים פון אַן אַקושערין.

אין טיר באַווייזט זיך, אָנגעטאָן אין גאַנצן אין ווייסן, איינע פון די קראַנקנשוועסטערס. זי גייט צו צו ספּין און באַ-טראַכט איר.

—איך וועל גלייך קומען און אַלץ צוגרייטן. גוט?

היינט איז דער גאַנצער שלאָפזאַל פון די אומבאַקאַנטע פול מיט קרעכצן און געשרייען:

—דער נומער פיר דענערווירט זיך. פון דערבייאיקן בעט אויף דער צוויי־טער זייט—נומער צען—הערט זיך אַ יאָמערלעכער געוויין:

—אַ! אַ! דערהרגעט מיר! דערהרגעט מיר!

—וואָס איז מיט איר? איך וועל זען.

די קראַנקנשוועסטער גייט צו איר צו. דאָס פּנים און די הענט ברענען ווי פייער. מיט האַסטיקע טריט גייט זי אַרויס פון צימער.

ספּי דהויבט פלוצלינג אָן שטאַרק מורא צו האָבן. זי איז שוין מרוצה אויף אַלץ, נאָר נישט צו שטאַרבן! עס חילט זיך איר שטאַרק צוריקכאַפּן די צייט, וואָס זי האָט פאַרלוירן אין משך פון דעם יאָר און וואַרפן זי מיט פולע הענט פאַ-רויס, כדי צו באַקומען די מעגלעכקייט זי איבערצולעבן נאָך אַמאָל, אָבער לגמרי אויף אַן אַנדער אופן.

אַלץ וואָס זי האָט נישט געזאָגט דעם פעטער, איר דאַנק פאַר זיין צערטלעכקייט, וואָס ער האָט אַריינגעלייגט אין איר קינדהייט... פאַר דער האָפענונג וואָס איז נישט געקוקט אויף איר שלעכטן גורל, דאָך געבליבן אין איר פעסט, אַ דאַנק איר גרונדלאַגן, וואָס ער האָט איר אַנטוויקלט מיט דער הילף פון זיין געדולדיקער דערציונג...

אַן! ווען איך זאָל בלייבן לעבן, ווי וואָלט איך מיך באַ-מיט צו פּראָגרעסירן אין דעם זין, ווי ער האָט עס געוואָלט!.. מער ווייס, אפשר איז עס טאַקע אַלץ נויטיק געווען, כדי איך זאָל זיך קאָנען אויפהויבן צו אַזאַ שטופע צו וועלכער עס דער-גרייכן נישט די, וואָס האָבן נישט דורכגעמאַכט די שולע פון ליידן?.. גליק, אומגליק, ווער וועט זיך אונטערנעמען צו זאָגן פון וואַנען זיי שטאַמען און וווהין זיי קאָנען פירן?..

אַ שטראָם פון געפילן פאַרכאַפּן איר גייסט. זי ליידט און אין דער צווישנצייט פון איין שמערץ-אָנפאַל ביזן צווייטן, דוכט זיך איר, אַז זי זעט אַזוי ווייט, אַזוי קלאָר...

די טיר שוט זיך האַסטיק אָן עפן. אַ וועגעלע...

דאָס איז שוין פאַר איר! ניין, פאַרן נומער צען.

מען פירט זי איבער אין דער אָפּטיילונג פאַר אָנשטעקנ-דע קראַנקהייטן... אַן אינפעקציע-פיבער... זי איז אַהער געקו-מען אינמיטן נאַכט, ערשט נעכטן, קיינער האָט איר נישט גע-

קענט... איר שכנטע האָט פאַרזיכערט, אַז זי איז אַ יונג מיידל פון זייער רייכע עלטערן, וואָס האָט אָן זייער וויסן זיך געלאָזן פאַרפירן...

זיי האָבן איר געגלויבט, אַז זי גייט מאַכן אַ רייזע קיין אינדיען... גייט און ווערט געוואָר!.. די שכנטע האָט געהערט, ווי זי האָט עס דערציילט דער קראַנקן־שוועסטער.

—אוי! פריילין!..האָט רחמנות...

צי דען וועט מען איר שוין קיינמאָל נישט אַראָפּנעמען אונטן? די שמערצן ווערן כסדר העפטיקער, לענגער און כאַפּן איר עפטער אָן!..

ספי קלערט איצט אויסשליסלעך וועגן זיך און וועגן יענעם יאָט וואָס צעשפּאַרט איר דעם בויך, און הויבט אָן מיט די הענט און מיט די פיס דעם קאַמף פאַר זיין עקסיסטענץ. וואָס מער זי ליידט, אַלץ שטאַרקער וואַקסט איר האַס קעגן פאָטער און זיין קינד.

ביז אַהער האָט זי זיך איינגעהאַלטן, געביסן בלויז די ליפּן. איצט טוט זי דאָס אייגענע, וואָס אַלע. אַז עס האָט איר אָנגעכאַפּט אַ שטאַרקער שמערץ, ממש צעריסן דעם קרייץ און דעם הינטערשטן טייל פון לייב ביז צו די סאַמע פיס—האָט זי געמאַכט אַזעלכע געוואַלדן, אַז די ווענט האָבן געציטערט.

די אַקושערינס אַרום איר האָבן זיך צוגעבויגן, פאַרענדיקט איר טואַלעט, און זי אויפגעהויבן.

ענדלעך איז געקומען דאָס וועגעלע... מען פירט זי אַוועק ווי אַ צעשראָקענע חיה, אין געבורטס־זאַל, פון וואַנען, בשעת מען פירט איר אריין, פאָרט אַרויס אַן אַנדערע... אַ גליקלעכע... אַ באַרויקטע... די אַרבעט גייט מיט אַ האַסטיקן טעמפּאָ.

אויף צוויי הונדערט פּאַציענטן קומען פאָר, געוויינלעך, אַכט געבורטן אַ טאָג—היינט זענען פאַראַן גאַנצע צוועלף.

ספי איז די ניינטע. בלויז איין בראָך שטול איז ליידיק—יענע פון וועלכער מען האָט נאָר וואָס אַראָפּגענומען ספיס פאַרגייערין. שטולן זענען דאָ גאַנצע פיר. אַ ליידיקער זאַל ווו עס אַרבעטן קאַלטבלוטיק די אַקושערינס—אַן אַבסאָלוטע, מוס-

טערהאַפּטע ריינקייט—אומעטום בלאַנקענדיקע פּאַיאַנס-געשיר, גלעזערנע שאָלן, ניקלענע טאַסן און וואַש-שיסלעך מיט סטערעליזירט וואַסער—דאָס אַלץ וואָלט ספּין זיכער באַרויקט, ווען זי וואָלט נישט געווען אין אַזאַ שרעק.

אויסגעצויגן אויפן שטול, האָט זי געוואַרט אויף איר רייע באַמערקנדיק יעדן זשעסט, יעדע באַוועגונג...

ווי שרעקלעך עס איז! צו וואָס האָט מען איר פּאַר דער צייט געבראַכט אַהער אויפן דאָזיקן עשאַפאָט, ווו זי זעט מיט די אויגן די גאַנצע עקזעקוציע. זי ציטערט ווי אַ פיש.

—לאָזט מיך נישט אַליין—בעט זי זיך רחמים,—מאַדאַם!.. מאַדאַם!

איינע פון די אַקושערינס ווענדט זיך צו איר מיט אַ באַזאָרגן, אויפגערעגט געזיכט:

—מיר נעמען זיך גלייך צו אייך!

ספּי האָט נישט געקאָנט אָפּרייסן די אויגן פון בעט, וואָס איז געשטאַנען איר קעגנאיבער, עפּעס אַ מין גרויסע, האַלבנאַקעטע מאַסע, פון וואַנען עס זעט זיך בלויז אַן אָפענער לייב און אויפגעהויבענע פיס, צוגעבונדן מיט פּאַסקעס צו פעסטע שטאַנגען,—און פון דאָרט הערן זיך קרעכצן דורכגעמישט מיט קולות פון אַ חיה, וואָס מ'שעכט זי.. זי שרייט מיט אַזאַ ווילדער קראַפט, אַז אין גאַנצן הויז הילכט אָפּ דערדאָזיקער יאָמער און עס באַקומט זיך דער איינדרוק אַז דאָס הויז גופא פּלאַצט באַלד אויף פון דאָזיקן קלאָגן.

דערנאָך אַ משונהדיקער געוויין, און באַלד נאָכדעם אַ הילכעדיקער געשריי פון נייגעבוירענעם...

—אַ יונגל!

ספּי זעט איצט בלויז עפּעס אַ מין רויטן קנויל, וואָס מען באַטראַכט עס און באַמערקט דעם בלוטשטורץ פון פאַרבלוטיקטן לייב... אַ! איצט נעמט מען זיך צו איר, זיי גייען צו איר צו, הייסן איר זיך אַראָפּגליטשן ביז צו די פּיסלעך פון שטול און בינדן איר צו... אָנכאַפּנדיק זיך פעסט מיט די הענט אַן מאַטראַץ, שטרענגט זיך ספּי אָן מיט אַלע קרעפטן, כדי איין

מאָל־פאַר אַלץ מאָל פטור צו ווערן פון איר פייניקדיקער לאַסט, זי פאַרלירט לגמרי די פאָרשטעלונג וועגן אַלץ אויסער אירע ליידן, דעם באַגריף וועגן צייט, וועגן אָרט און אפילו וועגן זיך גופא.

איצט איז זי נישט מער ווי אַ חיה, וואָס שרייט און וואָיעט...

—טוט אַ קוק, מיין קינד, וואָס פאַר אַ שיינער ער איז!

אין צוויי שעה אַרום נאָכן געבורט, אַז מען האָט, לויטן סדר, געבראַכט די אויסגעמאַטערטע ספּי צוריק אין שלאָפזאַל האָט איר די אַקושערין צוגעטראָגן דאָס פּישצענדיקע קינד. מיט פאַרמאַכטע אויגן האָט זי אָפּגעדרייט דעם קאָפּ.

—קוקט זיך איין, זעט ווי ער באַוועגט מיט די הענטלעך... ער איז שוין דורשטיק! היינט קריגט ער נאָך צוקערוואַסער. אָבער מאָרגן וועט איר אים שוין זויגן. די ברוסטן טוען אייך נאָך נישט ווייַ?

פאָרזיכטיק האָט פריילין אויריעלע אַוועקגעלייגט דאָס קינד אויפן בעט, אָבער די מוטער האָט עס מיט אַ דעצידירנדן זשעסט אָפּגעשטויסן.

—איך וועל אים נישט זויגן?

—אַזאַ וואונדערשיין קינד, אינגאַנצן ענלעך צו אייך, ווי צוויי טראָפּן וואַסער. אַ מוטער זאָל זיך אָפּזאָגן, אַזעלכע פאַלן האָב איך נאָך נישט געהאַט! און האָבנדיק אַזאַ שיינעם ביוסט, ווי איר!..

אַ פלוצלינגע רויטקייט האָט באַגאָסן דאָס בלייכע געזיכט. פריילין אויריעליע פאַרשטייענדיק שלעכט די סבה דערפון, האָט איר נישט אָפּגעלאָזן.

—אַן אמתע פאָטאָגראַפיע פון אייך, טוט נאָך אַ קוק אויף אים.

—ניין, ניין. איך וויל אים נישט! נעמט אים צו, גיך־שווינד, איך בעט אייך!

פריילין אוירעלע האָט אַ ווונק געטאָן צו דער פראַקטי־קאַנטין, וואָס האָט איר אַסיסטירט פון דער צווייטער זייט בעט.

מען דאַרף זי נישט אויפרעגן, נישט אַרויסרופן קיין פיבער. מאָרגן וועט זי זיך איבערלייגן...

מען האָט דעם אומגעבעטענעם גאַסט אַריינגעלייגט אין זיין וויגעלע. מאָרגן האָט די שטאָק-אויפזעערן, געטראַכט וועט זי בעסער ווערן. די מילך וועט איר צוקומען וועט זי זיין צופרידן, אַז ער וועט עס אָפּזויגן.

—איך וועל אייך לאָזן צורו ביזן אָוונט, און דאַן וועט איר מיר זאָגן דעם נאָמען וואָס איר וועט אויסוויילן, איך זאָל אים קאָנען איינשרייבן אין די מעטריקע-ביכער. אַריינטראָגן אין די געמיינדע-ביכער! אַ גאַנץ באַקוועמער אויסוועג אויף פטור צו ווערן פון דערדאָזיקער לאַסט.

דער פּאָטער און די מוטער נישט באַוווּסט, זאָל זיין אַזוי! מען מוז אָבער אויסזוכן אין קאַלענדאַר עפּעס אַ נאָמען פֿאַר דעם קינד. צוזאַמען מיטן פֿאַמיליען-נאָמען, וואָס עס וועט אים געבן דער געמיינדע-באַאַמטער וועט ער סוף כל סוף דאָך האָבן אַ קאָמפּלעטן נאָמען... נישט וויכטיק!

פֿריילין אירעליע האָט באַשלאָסן אויסצופרווון אַלע מיטלען, איידער זי וועט זיך אונטערגעבן ספּיס פֿאַרלאַנג. די דירעקטאָרין גופא איז וועגן דעם אַרויפגעקומען. אַן אויסגעצייכנטע פרוי, וואָס דערפילט מיט צופרידנהייט דאָס, דאָס זי האַלט פֿאַר איר פליכט:

—נו, מיין קינד, ווי ווילן מיר אים דאָך אַ נאָמען געבן, דעם פּיצעלע?

שטיל שווייגן.

—איך שטעל אייך דאָך אָבער, מיין קינד, אַן אומבאַדייגט נויטיקע פראַגע?

—ניי! איך גיב אים אָפּ אין אַנשטאַלט.

—איר וועט עס אפשר מיט דער צייט באַדויערן. איך קאָן נאַטירלעך נישט אורטיילן וועגן אייער האַלטונג, איך ווייס נישט און דאַרף נישט וויסן די מאָטיוון, וואָס באַוועגן אייך דערצו, אָבער צוגעבנדיק אַפילו, אַז איר ווילט אים נישט געבן אייער נאָמען, האָט איר דאָך די פליכט אים צו געבן אַ פערזענלעכן נאָמען. וויסנדיק דעם נאָמען, וואָס אים וועט געבן דער געמיינ-

דן־באַאַמטער און דעם נאָמען וועלכן ער איז אַריינ־
געטראָגן אין די ביכער ביי דער אַנשטאַלט פאַר געזעלשאַפטלעכן
שוץ, וועט איר ווייניקסטנס צו יעדער צייט זיך קאָנען איינפאָר־
מירן וועגן זיין עקזיסטענץ.

—ניין! ניין!..

—ווער ווייס, אפשר וועט איר שפּעטער האָבן געוויסנס־
ביסן... און עס וועט זיך אייך דאָך וועלן אויף אים אַ קוק טאָן,

—קיין מאָל אין לעבן נישט!

—מען קאָן גאָרנישט וויסן!

—קיין מאָל נישט, איר ווייסט עס זייער גוט. איך האָב
גענוג וועגן דעם גערעדט.

—ווי אַזוי ווילט איר, איך זאָל עס געדענקען. איך האָב
דאָ ביז צוויי הונדערט פּערזאָן טעגלעך אָנקומנדיקע, אויסער
אַוועקגייענדיקע... איך האָב דאָ ביז דריי טויזנט געבורטן אַ
יאָר, דערצו האָב איך געדאַרפט האָבן אַן איבערמענטשלעכן
זכרון! נו, מיר וועלן נאָך זען!... צי דען איז שוין גאָרנישטאָ
קיין מיטל וואָס זאָל אייך באַוועגן זיך צו ציען צו דער שטים
פון דער מענטשלעכקייט, פון הומאַניטעט, פון דער געזונטער
לאָגיק? עס איז אַ ליכטיק קינד, ס׳אומגליקלעכע!.. און זיין מו־
טער וויל אים נישט קענען!

ספּי האָט איראָניש געשוויגן.

—מאַכט זיך נישט פאַר אַזאַ שלעכטע!.. קוים איז ער
שוין דאָ... ער איז דאָך נישט פאַראַנטוואָרטלעך, דער אומ־
שולדיקער... נעמט אים צו... ניין? אויך גוט... אויב אַזוי גיט
אים אַ נאָמען, איך בעט אייך... אפילו דאָס אויך נישט! אויב
אַזוי וועלן מיר אים אַ נאָמען געבן...

ספּי האָט אַ קוק געטאָן אויף פריילין אוירעליע

—נו, גוט! מאַרק! אַזוי איז עס שוין באַשערט...

—אויב איר ווילט וויסן—איז עס מיר לגמרי גלײַך איינס.
נישט פאַרשטייענדיק ווי אַזוי ס׳האָט זיך דאָ צענויפגעג־
בונדן מאַרק אוירעלי—האָט די אַקושערין איינגעוויליקט:

—נו, זאָל זיין אַזוי.

און באַטראַכטנדיק מיט אַ גוטן שמייכל די אָפּגעשוואַכ־טע פּאַציענטין, האָט זי צוגעגעבן:

—קיינער ווייס נישט, וואָס עס וואַרט אים אָפּ אין לעבן... קיינער נישט, אויסער גאָט!.. אָדער די ציגיינערין—האָט פּלוצ־לינג אויפגעבליצט אַ געדאַנק אין ספּיס מוח, זי האט זיך דער־מאָנט אָן דער פּאָראויסזאָגונג וואָס איז איר ביז היינט להלוטין אַרויס פון זינען—... לאָמיר פונדעסטוועגן האָפן, אַז זיינע טויף-מוטערס וועלן ברענגען גליק, דעמדאָזיקן עלנטן קינד.

מיט ווירדע האָבן ביידע פאַרלאָזן דעם שלאָפזאַל. אין קאָ־רידאָר האָט די דירעקטריסע, אַרויפלייגנדיק איר האַנט אָן אַ קדושין-רינגעלע,—זי איז אויך געווען אַן אַלטע בתולה—אויף אירעליעס שולטער, נאָך אַ זאָג געטאָן:

—דידאָזיקע קליינע סימפּאַטיזירט מיט אייך זייער .. פּרוווט נאָך אויף איר צו ווירקן, מען דאַרף דורכאויס, אַז פאַר איר אַוועקגיין פון דאַנען זאָל זי זיך דאָך אַנטשליסן איר קינד מיט־צונעמען.

## 4

דער פרימאָרגן הייבט אָן צו וואַרפן אַ שיין אויף די פינצטערע, פייכטע ווענט פון קליינינקן צימערל אויף פּאָרט־גאַס, ווי ספּי וווינט שוין אַ גאַנצן חודש צייט... מאָרגן ענ־דיקט זיך דער מאָנאַט און ווידער האָט זי נישט מיט וואָס צו באַצאָלן ווי פאַר די פריערדיקע הדשים...

אַ מיסטראַל בלאָזט מיט אַ דעמאָנישער קראַפט און טרייסלט די טיר און ס פענצטער, וואָס האַלטן זיך קוים אויף זייערע ריגלען. די בלייכע בלויקייט פון יוני־הימל רייסט זיך דאָך ביסלעכווייז אַרויס דורכן שטורעם פון אייזקאַלטן ווינט, די גאַנ־צע נאַטור ציטערט, פונקט אַזוי ווי די יונגע פרוי, וואָס זיצט אויפן בעטל.

לעבן איר, נעבעטער צום וואַנט, איינגעוויקלט אין אַ לייכ־טער דעק, איינגעלייגט אין פירן, שלאָפט דאָס פּיצעלע קינד...

עס האָט אָפּגעווייינט אַ גאַנצע נאַכט און איז נאָר וואָס איינגעשלאָפן.

אין דער הויך, ביי ראָביאַנען, האָבן שוין די פינף יאַטן אָנגעהויבן זייער טעגלעכן שדים־טאַנץ, וואָס לאָזט ממש נישט לעבן.

און פון דער זייט אונטער אַ דין ווענטל, הערט זיך אַ שטיקענדיקער, דהאַרטנעקיקער, אָפּגעריסענער הוסטן... לאַנג

וועט ער שוין נישט אָנציען, דערדאָזיקער וואָלער בארבאַרל...
נאָך אַן אומגליקלעכער מענטש, וואָס די געזעלשאַפט האָט אים אויסגעלערנט ווי אַזוי צו לעבן!

ווידער דערמאָנט זי זיך דעם נעגער, מען האָט אין אַ געוויסן טאָג אָנגעקלאַפּט ביי איר אין טיר, און זי איז אַ צע-טומלטע געגאַנגען עפענען.

קוליבאַלי האָט איר דערלאַנגט אַ קליין טעפּעלע מילך און שטייענדיק ביי דער טיר אַ זאָג געטאָן:

—עס איז פאַר דיין פּיצעלע!

זי האָט אפילו נישט באַוויזן אים צו דאַנקען. נאָכדעם פלעגט ער איר כסדר, אַן אַ שום בעטן פון איר זייט, כמעט יעדן טאָג,—קוים איז ער נאָר געוועזן בכּוח—ברענגען פאַרן קינד מילך.

שוין אַ וואָך צייט שפּייט ער מיט בלוט... ביי טאָג, בעת זי איז פריי, גיט מאַדאַם רוסטאַן אַכטונג אי אויף אים, אי אויפן קינד... און אין אָוונט פאַרנעמט זיך ספּי מיט ביידן. גאַנצע טעג לויפט זי אַרום זוכן אַ פּאָסטן, אָבער אָן שום רעזולטאַטן...

אַן אומדערטרעגלעכער, כאָטש שוואַכער געשריי או אַ! או אַ! רייסט איר אַרויס פון אירע פינצטערע געדאַנקען.

—דו ביסט הונגעריק?

זי באַטראַכט אירע ליידיקע ברוסטן... איצט וואָלט זי שוין געפּאָלגט, ווען מען זאָל קאָנען אומקערן דאָס פאַרגאַנ-גענע, אויסבעסערן...

ווען זי זאָל זיך געוועזן האָבן צוגעהערט צו די עצות, וואָס מען האָט איר געגעבן אין בעל-דע-מע אין דער צייט, בעת זיי האָבן געלאָזן דערגיין דעם מילך-צופלוס ביזן העכסטן גראַד, אָפּהאַלטנדיק אָבער דאָס שטייגן פון דער טעמפּעראַטור.

קיין זאַך האָט נישט געקאָנט באַאיינפלוסן דעם פעסטן ווילן פון דעם איינגעעקשנטן מיידל.

ניין, און ניין! זי וועט נישט דערנערן מיט איר סוב-

מטאַנץ דעמדאָזיקן קליינעם וואָרם, וואָס איז געקומען אויף דער וועלט קעגן איר ווילן !...

אויסגעמאַטערט פון דעמדאָזיקן אומנוצלעכן קאַמף, איז זי כּוף כּל סוף געווען געצוווּנגען אָפּצוציען די מילך און דערנערן דאָס קינד מיטן פלעשל.

פונקט אויפן פופצנטן טאָג נאָכן געבורט האָט זי אונטער די אומצעפרידענע בליקן פון פריילין אוירעליע פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל און דאָך געמוזט מיטנעמען מיט זיך דאָס אומגעווונ־שענע קינד.

קוים האָט זי אַזוי דעפיניטיוו און קאַטבלוטיק באַשלאָסן אים אָוועקצוואַרפן, האָט זי אים פערזענלעך געמוזט אַוועק־טראָגן אין דער אַנשטאַלט פאַר געזעלשאַפטלעכן שוץ. די שפּי־טאָל־אַדמיניסטראַציע פלעגט איבערנעמען אויף זיך דידאָזיקע צרבעט בלויז אין אויסנאַמספאַלן, ווען די מוטער איז געווען קראַנק אָדער געשטאָרבן אין קימפּעט.

—אַדיע, פריילין!—האָט איר שטרענג אַ זאָג געטאָן די סאַמעטענע שטים, וואָס איז אין יענעם מאָמענט געווען שטע־כעדיק ווי אַ ריבאייזן.—איך ווינש אייך, אַז איר זאָלט קיין מאָל נישט דאַרפן חרטה האָבן אויף דער דאָזיקער שלעכטער עובדה...

אויפן אַנדערן, אויפן דריטן טאָג—צי איז עס געווען שרעקעוודיקייט אָדער אומבאַוווסטזיניקע געוויסענבּיסן?—אָבער ספּי—אומדערשיטערלעך אין איר ווילן נישט צו געבן אים די ברוסט—האָט פּלוצלינג דערשפּירט, אַז איר באַשלוס אים תּיכּף צווועקצוגעבן הייבט זיך אָן וואַקלען...

פון יענער צייט אָן האָט זי כּסדר אָפּגעלייגט דאָס דער־פילן פון איר באַשלוס פון איין וואָך אויף דער צווייטער... דאָס וועט זי נאָך שטענדיק באַווייזן... הויפּטזעכלעך האָבן אויף איר אין דער באַציונג געווירקט דעם פּעטערס בריוו, וואָס האָט איר געהאָלטן אין איין געבן גוטע עצות און שטאַרק דאַדויערט, וואָס גראָד אין איצטיקן מאָמענט איז ער נישט אימ־

שטאַנד איר צו געבן די נויטיקע הילף, אויסער די קליינע סומע פון הונדערט פראַנק, וואָס ער שיקט איר צוזאַמען מיטן בריוו.

די רעכענונג פון אונטערנעמער האָט איינגעשלונגען זיין גאַנץ ביסל אָפּגעשפּאָרט געלט און צום אומגליק שטעלט זיך דער זומער-סעזאָן זייער שלעכט!

עס זעט זיך נישט לעת-עתה קיין שום מעגלעכקייט צו פאַרדינגען די ווילע! ער באַמיט זיך צו קריגן אַ הלואה און וויפל עס וועט אים געלונגען צו באַקומען וועט ער איר תיכף איבערשיקן.

דער געדאַנק אָפּצונעמען ביי אים צוליב די חטאים פון אַן אַנדערן, זיינע לעצטע גראָשנס, האָבן ביי ספין אַרויסגע-רופן אַן עקל.

איר מיסטרויאישער שטאָלץ האָט איר געטריבן דערצו זי זאָל אים פאַרזיכערן, אַז זי גיט זיך אַליין גאַנץ גוט אַן עצה מיט זיך און מיטן קינד...

יעדן פרימאָרגן האָט זי אַלץ געהאָפט צו געפינען וועל-כע נישט איז אַרבעט און אין אָוונט אַ פאַרצווייפלטע זיך גע-לייגט שלאָפן נאָך די אומזיסטע זוכענישן. ביי דידאָזיקע שווע-רע באַדינגונגען איז דער קליינער מאַרק פון טאָג צו טאָג געוואָרן אַלץ שוואַכער. פון די הונדערט פראַנק, וואָס זי האָט ערשט מיט צוויי טעג פריער באַקומען פון פעטער איז איר— זי איז געווען אַ פאַרציטערטע—געבליבן נישט מער ווי פיר פראַנק.

און דאָס בעת די מילך קאָסט איר נישט מער ווי אַכט און דרייסיק סו...

דעם אמת זאָגנדיק, ווען נישט מאַדאַם רוסטאַן און טיע-נע—וואָלט איר שוין לאַנג די נויט און דער הונגער אַרויסגע-טריבן אויף דער גאַס, אַן אַ דאַך איבערן קאָפּ. זאַלבע-דריט האָבן זיי נעכטן געגעסן אויף מיטאָג דאָס לעצטע שטיקל וווּרשט. און פאַרן גאַנצן טאָג האָט דאָס קינד אויסער די עטלעכע

טראָפּן קאָנדענסירטע מילך צעמישט מיט וואַסער—דאָס לעצטע פון פלעשל—עטיענעס אַ מתּנה—נישט געהאַט קיין זאַך אין מויל.

מאַדאַם רוסטאַן, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ בריה צו פלעגן שוואַכע זויג-קינדער האָט אים דערצו נאָך געגעבן אַ טראָפּן געקאָכטן ווייַן.

—פריילין אירעליע האָט מיר גוט פאַרדרייט דעם קאָפּ!—האָט אַ זאָג געטאָן ספּי,—געמענדיק אויף די הענט ס'ווייַנענדיקע קינד—האָדעווען אים? אָבער ווי אַזוי?.. זיך ווענדן אין בּוֹרא פאַר דער ערשטער הילף! עס לוינט זיך גאָר דעריבער נישט צו רעדן!... גאַנצע פּופּצן פראַנק!.. דאָס איז אַלץ, וואָס מען טוט אויף קעסרי-גאַס פאַר די, וואָס ווילן נישט מען זאָל וויסן, ווער זיי זענען... און ווען איך זאָל זיי אפילו זאָגן מיין נאָמען? נישט דורך קיין נדבות וועל איך האָבן די מעגלעכ-קייט זיך אַרויסצוהעלפן פון מיין פאַרצווייפלטער לאַגע!...

אויטאָמאַטיש האָט זי געשאָקלט דעם שרייענדיקן קנויל. זי האָט עס צוגעדריקט צום געזיכט.

—עלנט קינד!

עפּנדיק דאָס מייַלכל האָט עס געזוכט דעם גומענעם פּאַס. געריררט האָט זי זיך דערצו צוגעקוקט, געוואָלט עס אַ קוש טאָן, פלוצלונג אָבער איז זי אויפגעשפּרונגען און מיט עקל ווי-דער עס אַ לייג געטאָן אויפן בעט:

—גיין! ניין! איך קאָן נישט... עס איז דער טאַטע, עס איז ער... איך וועל אים קיין מאָל נישט קאָנען ליב האָבן.

דאָס קינד שפּירנדיק, אַז מען לאָזט אים ליגן, נישט קלערנדיק ווי צו שטילן זיין הונגער, האָט זיך געריסן מיט אַלע כּוחות.

ספּי האָט אָנגעוואַרעמט אַ ביסל וואַסער, אַריינגעטראָגן צוקער, צוגעגעבן אַ פּאָר טראָפּנס פּאָמעראַנצן-זאַפט און עס דערלאַנגט דעם קינד, וואָס האָט זיך גלייך באַרויקט.

אין דרויסן, ווו דער מיסטראַל האָט אויפגעהערט, האָבן זיך

די וואָלקנס, געטריבן דורכן ווינט, אויסגעגאָסן אין אַ שטאַרקן, געדיכטן רעגן. ער האָט געהאַקט אין די שויבן, געגאָסן און זיך דורכרייסנדיק .דורך די האַלב פאַרפוילטע ראַמען פון טיר און פענצטער, אַראָפגערונען אויף דער פּאָדלאָגע.

—צו ווענדן זאָל איך זיך איצט ווענדן נאָך אַ לעפל עסן ?—איר רוקן האָט זיך אויסגעבויגן.—נאָך אַ טאָג זיך אַרומשלעפּן און קלאַפּן אין די טירן... וואָס ווייטער אַלץ ערגער! איך מוז בעטן טיענען, זי זאָל מיר בּאָרגן צען פראַנק.

זי האָט געוווּסט, אַז דער מאָמענט איז אמת נישט קיין גינסטוקער.

ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק האָט מען עטיענעטע אָפּגעזאָגט איר פּאָסטן ביי דער פּאַרפום-הענדלערין און געשלאָגן כּפרות מיט איר און מיט אַלע אירע קליענטן — צווישן זיי האָבן זיך שוין געפונען די שמוציקע טיפּן! ערשט מאָרגן האָט זי געדאַרפט אָנקומען אויפן נייעם פּאָסטן, אַלס קאַסירערין אין באַר קאָסמאָס וווהין דער תּעמדער-פאַבריקאַנט האָט איר רעקאָמענדירט. אָבער ביי איר אין קעשענע וועט זיך נאָך תּמיד געפינען עטלעכע פראַנק.

—מיר דוכט, אַז זי איז נאָך נישט אַוועקגעגאַנגען..

נעכטן איז טיענע געבליבן נעכטיקן ביי דער מוטער, ווייל נאָך מיטאָג האָט זי זיך שלעכט געפילט... זי איז געווען שטאַרק אומרויק, האָט זי זיך מודה געווען פאַר איר פריינדין, דערזעענדיק אין טאַשן-שפּיגעלע איר בלייך געזיכט.

—איך האָב מורא, אַז פאַר דער צייט, וואָס דו ביסט געווען אין שפּיטאָל, פּונקט אין דעם טאָג וואָס דו ביסט אַהין אַריין, האָב איך עפּעס אַריינגעכאַפּט!

—וואָס? אַ קראַנקהייט?

—אַ סך ערגער ווי דאָס! נידערטרעכטיקע אויסוואורפן! נאָך דאָס האָט מיר געפעלט!—האָט אויסגעשריגן מאַדאַם רוסטאַן...

אַרויפוואַרפנדיק אויף זיך דעם מאַנטל — אַ רעליקוויע פון די אַלטע צייטן—איז ספּי אַריינגעגאַנגען צו קוליבאַלן. ער גיין

געשלאָפן. אַרויסגייענדיק אויף די שפּיץ פינגער, האָט זי באַ־שלאָסן צו בעטן דעם גמילת-חסד און גלייכצייטיק זיך ווענדן צו מאַדאַם רוסטאַן מיט דער ביטע אַכטונג צו געבן אויפן קינד. אָבער דערזעענדיק ווי עטיענעטע ברעכט מיט גרינעם גאַל אַזוי, אַז זי קאָן נישט גיין צו דער אַרבעט—האָט זי נישט געהאַט קיין מוט צו בעטן ביי איר געלט. די אַלטע האָט אויף איר גע־קוקט מיט פאַראַכטונג און געמורמלט:

—אָט האָט זי אָפּגעטאָן אַ שטיקל! אַך, די ווייבער! וואָס פאַרא גאָרנישטן זיי זענען איבערהויפּט אין דער יוגנט!

צווישן איין ברעך-אָנפאַל און דעם צווייטן האָט זיך עט־יענעטע אַמפּערט:

—פון דעם איינציקן מאָל וואָס איך האָב נישט באַוויזן צו באַזאָרגן קיין פּרעזערוואַטיף!... ניטאָ וואָס צו מאַכן. איך בין אַ שטיק פייער! אַזאַ נאַטור. אָן פאַרהיטונגסמיטלען, וואָלט איך פאַר־פלייצט די וועלט מיט מיינע קינדער!..

באַגינען האָט איר די מוטער געגעבן אַ שטאַרק אָפּפיר־מיטל – אַ געטראַנק פון עפּעס אַ מין גראָז, וואָס זי האָט באַקומען פון אירער אַן אַלטער באַקאַנטער, מאַריע דער גראָז־הענדלערין... און אַ נייער ברעך-אָנפאַל—און דערנאָך אַ שטאַרק שלוקעכצן.

—אך! דאָס מיטל האָט לגמרי נישט געווירקט!—האָט זיך געבעסט מאַדאַם רוסטאַן.—וועסט זיך שוין נישט אויסדרייען אָן אַן אָפּעראַציע... איר זענט אַלע ווערט דעם שטעקן!

—וואָס זאָלן מיר טאָן?

—איר ווייס וואָס?—האָט די אַלטע געזאָגט, שוין מיט אַ ווייכערער שטים.

עטיענעטע האָט געמורמלט.

—נאָר פאַר די גבירים איז דאָסדאָזיקע פאַרגעניגן נישט פאַרבונדן מיט קיין ריזיקע!.. אָבער געדולד! מען וועט זיך שוין אַן עצה געבן...

עס זענען נאָך פאַראַן גענוג אויסגעפּרוווטע מיטלען! ביי דער אַלטער מאַריע איז עס נישט דער ערשטער פאַל!

דערנאָך דערהערנדיק פּלוצלינג די קולות און דאָס טאַנצן פון ראַביאַנאָס מחבלים, פון וועלכע עס האָט זיך געטרייסלט דאָס גאַנצע הייזל, בעת זייער טאַטע, אַ שכורער האָט פאַר-הילעכט די שטוב מיט זיינע מיאוסע זידלערייען, איז עטיענעטע געוואָרן אַזוי צעקאָכט, אַז זי האָט אָנגעהויבן אויפן קול צו שרייען:

—הע! איר, דאָרט אויבן, פאַרמאַכט אייערע מיילער! דאָ ליגט אַ קראַנקער מענטש! טראָגט זיך אָפּ ערגעץ אַנדערש, ווו זיך אויסצוניכטערן פון אייער שכרות!

זי האָט אַ כאַפּ געטאָן די קער-באַרשט און אָנגעהויבן טראַסקען אין סופיט.

—איך האָב שוין גענוג דעם דאָזיקן דלות! גענוג! אי-בער גענוג!

מיטן גאַנצן כוח האָט זי אַ שליידער געטאָן די באַרשט דורכן גאַנצן צימער אין וואַנט אַריין.

—איצט איז נישט די צייט זיי צו בעאומרויקן—האָט ספּי אַ טראַכט געטאָן.

באַהאַלטנדיק איר אַנטוישונג, האָט זי זיי געבעטן, אַז געבנדיק צו טרינקען דעם שווינדזוכטיקן זאָלן זיי גלייכצייטיק אויך וואַרפן אַן אויג אויפן קינד, ווייל זי גייט ווידער אַוועק זוכן אַרבעט.

—דו לאָזט זיך שוין ווידער אַוועק אָפּשלאָגן אומזיסט די שוועלן?—האָט אַ זאָג געטאָן עטיענעטע.—אָ, לאַ-לאַ! מיט דיין אויסזען האָסטו לגמרי קיין רעכט נישט צוצוגעבן די זאַכן [illegible] באַדייטונג, וואָס באמת, האָבן זיי עס נישט! מיטן באַ-דינג, נאַטירלעך, אַז דו זאָלסט זיין געשיקטער פון מיר! איך וועל ווידער אַריינפאַלן, אַרויסגייענדיק אָן מיין רעגן-שירם!

נישט ענטפערנדיק קיין וואָרט, איז ספּי אַוועק צום פּאָרט, ווו זי האָט געהאָפט צו געפינען גוטע מיטפילנדיקע מענטשן. די פּאָרט אַרבעטער האָבן זי געקאָנט און פלעגן

איר זייער געֶרן זען. איינער פון זיי, סימאָן בערמו, האָט איר שוין אפילו געהאַט אַמאָל געבאָרט הונדערגט סו.

ביים געדאַנק, אַז זי וועט ווידער מוזן בעטן ביי אים אַ גמילות-חסד, האָט זיך איר גאַנצער שטאָלץ שרעקלעך געצאַמ-פּערט—אָבער נישטאָ קיין אויסוועג, ס'קינד קאָן נישט וואַרטן!

זי האָט זיך אונטערגעגעבן דעם אינסטינקט, וואָס האָט זי קעגן איר ווילן געצויגן צום פּאָרט, — און איז אַוועק זוכן סימאָנען... די געלט-בויט! יאָ!—אָבער אויסערדעם האָט איר אַהין געצויגן עפּעס אַן אומזיכער, הכנעדיק געפיל פון איר הארץ, וואָס האָט כסדר פון אַלעמען באַקומען שטאַרקע קלעפּ און געשפּירט דעריבער אַ מין דאַנקבאַרקייט צום דאָזיקן מענטשן, וואָס האָט איר געהאָלפן אָן שום הינטערגעדאַנק.

אייגנטלעך איז עס שוין אָבער געווען אַ פּאָרגעפיל פון אַ דערוואַכענדיקער סימפּאַטיע. עס איז געווען אַן אומבאַמערק-באַרע דערוואַכונג פון אַ ניי געפיל, ריכטיקער, די ווידער-געבורט, אין די טיפסטע טיפענישן פון איר וועזן, פון יענער אומבאַזיגבאַרער באַדערפעניש און צערטלעכקייט, אין וועלכער עס נויטיקן זיך אַלע פיינפילנדיקע נשמות — עס איז געווען אַ וואַכער פונק, וואָס האָט אָבער נישט פאָראויסגעזאָגט דאָס אויפפלאַקערן פון דער ליבע גופא—נאָר בלויז אַן אומבאַוווסטזי-ניקן פאַרלאַנג צו ליבן און צו ווערן געליבט. ווען ספּי זאָל אין דעם מאָמענט געווען האָבן די פעיקייטן צו אַנאַליזירן אירע געפילן—וואָלט זי זיכער מיטן גרעסטן עקל אָפּגעוואָרפן בלויז דעם געדאַנק וועגן ליבע. נאָר לגמרי אָן איר וויסן איז פון דעמדאָזיקן עקל-געפיל גופא אויפסניי אַנטשטאַנען יענער איינגעשלאָפענער, מיסטעריעזער לעבנס-אָטעם...

זי האָט געוואָרפן אַ בליק אויף די שיפלעך. ווו איז ער? אויסגעמאַטערט פון אומזיסטן אַרומזוכן, האָט זי זיך פשוט אָנגעהויבן נאָכצופרעגן.

סימאָן איז נאָך נעכטן אַוועק אויפן ים, מיט אויסלענ-דער אויף גאַנצע צוויי טעג...

פלוצלונג האָט ספּי דערשפּירט אַ שטאַרקן מאָגן-דרוק...

דאָס מאַטערט איר אָן שום ספק דער הונגער!.. ווידער איז זי אַוועק... אין שטאָט-ראַט, די טעגלעכע אַנאָנסן פון די אַר-בעטס-געבער. וועלנדיק זיך ראַטעווען פון הונגער-טויט, שטופּן זיך דאָ אַ פינף, זעקס אומגליקלעכע אַזעלכע ווי זי, און שטו-דירן די מעלדונגען. צווישן זיי געפינט זיך אויך אַ דאַמע, באַשיידן געקליידעט, אָבער מיט אַ דיסטינגירטער האַלטונג, זי דרייט זיך אַרום די אַרויסגעהאָנגענע פּלאַקאַטן און זוכט אַ מעגלעכקייט אומבאַמערקטערהייט דורכצולייענען די אַנאָנסן... די אַרבעטסלאָזע וואַרפן אויף איר זייטיקע בליקן: אפשר איז זי גאָר אַן אַרבעטס-געבערין? און וואַרטן אויף איר קלענסטן ווינק גרייט איר אָנצובויטן זייערע אַרבעטס-הענט.

האָבנדיק עטלעכע אַדרעסן, לויפט ספּי ווייטער. עס גייט דאָך דער עיקר וועגן דעם, ווו מ׳קאָן קומען די ערשטע.

קודם כל איז זי אַוועק לויטן נאָנטסטן אַדרעס אויף פּאַ-ראַדיז-גאַס, ווו עס האָט זיך אין מעבלירטע צימערן געפּאָדערט אַ דינסט צו אַלץ. דאָרט וועט זי אפשר קאָנען זיין מיטן קינד!.. מעבלירטע צימערן—זענען אייגנטלעך אַ טרעף-פּונקט, ווו די דינסט פירט אויס אַלץ. איידער מען פאַרבעט דאָס בעט דאַרף מען עס אַליין פאַר זיך אויסבעטן.

געשווינט איז זי אַוועק פון דאָרט לויט אַן אַנדער אַד-רעס. מען זוכט באַדינטע פאַר אַ ביורא. לאָנגשאַן-בולוואַר 63—גייך צו פיס איז עס זייער ווייט!.. אָבער עס איז דאָך די בעסטע פון אַלע מעלדונגען.

אין אַ האַלבע שעה אַרום איז זי געווען אויפן פּלאַץ: 59 אַ נייע געביידע מיט דער... 63, 61 אויפשריפט: „איטאַלאָ-אַנגלאָ-אַמעריקאַנער באַנק". אַ דערשראָקענע קומט זי אויף די טרעפּ צום קאָרידאָר.

דער אָנגעבלאָזענער פּאָרטיער אין זיין בלויער, גאָלד-באַ-פּוצטער ליווריי שטעלט זי אָפּ:

—וואָס דאַרפט איר?

זי ווערט רויט און נישט קאָנענדיק אַרויסרעדן קיין וואָרט, ווייזט זי אים דעם אַנאָנס.

מיט אַ פּראַכטונגספולן קאָפּ-שאָקל, ווייזט ער איר אָן אויף אַ גרופּע אָרעמע ווייבער אין אַ ווינקל פון גרויסן וועס-טיבול:

—גייט אַהין און וואַרט!

עס גייען פאַרביי שיין געקליידעטע מענער, און דער פּאָרטיער אין מונדור מיט די בלאַנקענדיקע קנעפּ נעמט צו-פּאַר זיי העפלעך זיין היטל און בייגט זיך אין דרייען.

ספּי באַוווּנדערט מיט וואָס פאַר אַ לייכטקייט דער דאָ-זיקער פּאָליציי-כלב האָט זיך מאָמענטאַל פארוואַנדלט אין אַ הכנעדיקן שטוב-הינטל און דערנאָך תיכף, ווידער אָנגעדרייבן בייסן.

און אין ווינקל פון די קאַנדידאַטינס איז נאָך ערגער...

דאָרט באַנוצט מען זיך פּשוט מיט די עלנבויגנס. מען וויל למשל נישט וואַרטן אויף דעך ריי—און גלייך באַווייזן זיך פויסטן... עס איז אַוועק אַ שעה, ספּי וואַרט נאָך אַלץ.

געוואַרט האָבן אַן ערך צוואַנציק מענטשן, געדולדיק שטיי-ענדיק אויף די פיס. צען פערזאָן בערך זענען געקומען פאַר איר... אַ צענדליק נאָך איר, און מען האַלט נאָך אַלץ אין איין קומען.

עס דערהערט זיך אַ לייכטער זיפץ: עס האָט זיך געעפנט אַ טיר, און עס איז אַריין דער שר-הנשים. אַ ביורא-משרת לאָזט זיי אַריין צו אים אין צימער, איינע נאָך דער אַנדערער.

ענדלעך איז געקומען ספּיס ריי.

אויטאָמאַטיש טראָגט זי זיך איבער די קאָרידאָרן, ווו הינטער יעדער טיר הערט זיך דאָס קלאַפּן פון שרייב-מאַשי-נען... ענדלעך, אַ קליינער, ווי איר דוכט זיך, באַקוועמער צי-מער, ווו אויסגעצויגען אויף אַ גרויסן באַקוועמען לעדערנעם פאָטעל זיצט עפּעס אַ מין מאַסיווער מענטש.

ער לייענט, און נישט אויפהייבנדיק דעם קאָפּ האָט ער אַ זאָג:

—באַפּירן.

—איך האָב נישט קיינע.

—טויג נישט. אַן אַנדערע.

דער ביורא-יינגל האָט תיכּף אַן עפּן געטאָן די טיר און רופט שוין די צווייטע, ספּי האָט געפּרוווט אַרויסרופן מיטלייד ביי די דאָזיקע מאַכט-האָבער.

—נעמט מיך, איך בין אַן ערלעכע און וויל אַרבעטן.

—אָבער דער שעף האָט אפילו מיט קיין אויג נישט אַ פינטל געטאָן.

דער יינגל האָט איר כמעט אַרויסגעטריבן פון צימער צו-ריק אין וועסטיבול אַריין!..

אילוזיעס!..

ווי אין דעם מעשהלע וועגן „יונגערל-פינגערל“ — וואָס האָט געשאָטן הינטער זיך אויפן וועג שטיינדלעך—אַזוי האָט ספּי—זי וועט עס האָבן צו געדענקען—געהאַלטן אין איין פאַר-לירן אירע אילוזיעס.

צי דען וועט שוין קיינער אויף איר קיין רחמנות נישט האָבן? איר פאַרצווייפלונג איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז ס'האָט זיך איר געוואָלט פאַלן צו די פיס פאַרן ערשטן בעסטן מענטשן און בעטן הילף: אינגאַנצן איז זי אַלט אַכצן יאָר, נאָר וואָס איז זי אַרויס פון שפּיטאָל, מוז זאָרגן פאַר איר קינד, און אַליין האַלט זי זיך שוין קוים אויף די פיס.

זי איז נישט קיין פּראָסטיטוטקע, נישט קיין פאַרברעכערין, נישט קיין גנבטע... זאָל מען איר אויסשטרעקן אַ האַנד, איר אַרויסצוהעלפן! אָבער די וועלט, ווי ס'שיינט, איז פול מיט שקלאַפן-הענדלער.

לויט די צייטונגען און זשורנאַלן איז די געזעלשאַפט כלומרשט אַזוי גוט-האַרציק און באַציִונג צו די אָרעמע... או-מעטום הערט מען וועגן פייערלעכע ספּעקטאַקלען, פילאַנטראָפּי-שע בעלער, זאַמלונגען לטובת אָרעמע... ווו זשע באַהאַלטן זיי זיך די דאָזיקע פילאַנטראָפּישע פּערזענלעכקייטן, די באַרימטע כּלל-פאַרזאָרגער, וואָס זייערע פאָטאָגראַפיעס ווערן רעפּראָדוצירט און זייערע קלינגענדיקע נעמען געדרוקט?..

און שאַטאָ-רוזש האָט זי זיך קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט, אַז אַזוי זעט אויס דאָס פּאַקטישע לעבן.

זי האָט זיך אָראָפּגעלאָזן אויפן שוועל פון באַנק, זי מוז זיך כאָטש אַ ווײַלע אָפּרוען, איידער זי לאָזט זיך גיין ווייטער... אָבער זי האָט לגמרי פאַרגעסן אָן דער עקזיסטענץ פון פּאָרטיער. דער נעכטיקער אַנאַרכיסט—איז היינט אַ דאַנק זיין שיינער ליווריי—אַן איבערצייגטער קאָנסערוואַטיסט.

ער איז צוגעגאַנגען צו איר און מיט כעס אויסגעשריגן:

—מאַרש פון דאַנען, געשווינד! איר פאַרשטעלט דעם וועג.

ווידער האָט אָנגעהויבן אַ שטאַרקער רעגן.

ספּי גייט ווייטער, האַלטנדיק זיך נענטער ביי די מויערן. ווי עס איז שלעפּט זי זיך, שוין נישט מיט אַזעלכע גיכע טריט, איבער די גאַסן פון מאַרסעל, זוכנדיק אַ שטיקל ברויט, וואָס זאָל איר ראַטעווען פון הונגער-טויט!..

פון לאַנגשאַן-בולוואַר אויף מאַנטעבעלאָ גאַס, פון דאָרט אויפן אַקס-שאָסיי, דערנאָך אויף פּאַסטער-אַוועניו און פון עק קאַרדעיע-בולוואַר קיין קאַטאַלאַני.

צום גליק האָט דער רעגן אויפגעהערט, אומעטום קומט זי צו שפּעט, דער פּלאַץ איז שוין פאַרנומען... נישטאָ פאַר איר קיין שום זאַך.. בלויז דער שרעקלעכער „מאָרגן". אייגנטליך האָט זי זיך שוין געקאָנט דערצו צוגעוווינען. אָבער היינט מוז זי זיך מודה זיין, איז זי באַזיגט...

און דערווייל... מוז מען גיין אַהיים.

צי וועט זי אָבער דערגיין? דער טראַמוויי. מיט אַ ווילדער קנאה האָט זי געקוקט אויף די, וואָס ער האָט געפירט.

דער הונגער און די מידקייט האָבן איר צוגעגעבן מוט. זי וועט זיך אַוועקזעצן אויף דער דערביי-איקער באַנק, באַטראַכטן די פאַרבייגייער און בעטן ביי זיי אַ נדבה—נישטאָ וואָס צו מאַכן. זי האָט זיך געשלעפּט לענגאויס די ווענט פון די אָרעל-קאַזאַרמעס. אָט איז אַ וואַנט ביים קאַזאַרמע טויער.

אָבער אינגאַנצן אַ פאַרנומענע פול אָנגעפּאַקט מיט שנאָרערס, צום זיי שטייען נאָך אַזעלכע, און אַלע עסן.

זי איז צוגעגאַנגען, אירע אויגן האָבן געפּונקלט.

—גיט מיר אויך: איך בין הונגעריק.

אַ מאַנספּאַרשוין האָט עפּעס געמורמלט אין זיין לאַנגער באָרד אַריין און האָט זיך תיכף אָפּגערוקט מיט זיין שיסל, שלינגענדיק גיריג דאָס פעטע געקעכץ. אַ שכורע פרוי פון אַ יאָר זיבעציק, האָט צוגעדעקט צום האַרצן איר טאַסע עסן אין איר געדראָט מיט דער פרייער האַנט. אַ צווייטע, אויסלייזדיקנדיק איר קאָנסערוון-פּושקע, וואָס דינט איר אַנשטאַט אַ טעלער, קראַצט זיך אין קאָפּ—און פון איר פינגער שיט זיך עפּעס—צי ברעקלעך, צי לעבעדיקע חיהלעך, אָבער זי גיט ספּין אַן עצה:

—דאָס פּאַרטיילן איז נאָך נישט געענדיקט, גיי דאָרט אַהין.

זי ווייזט איר אָן דעם אַריינגאַנג אין קאַזאַרמע, וווּ די איבעריקע שנאָרער באַקומען דאָס געקעכץ.

דער געדוך פון עסן האָט ביי איר אַרויסגערופן אַ קאָפּ-שווינדל. צי איז עס פון הונגער אָדער פון עקל? איינער פון די וואַך זעלנער איז אונטערגעלאָפן צו איר און האָט איר ביי-צייטנס אַ כאַפּ געטאָן.

— נו וואָס? קאָנסט שוין מער נישט שטיין אויף די פיס?

זי האָט געמורמלט:

—איך בין הונגעריק.

—וואַרט קליינע, דער פּאַרטיילער איז נאָך דאָ. ווו איז דיין שיסעלע?

זי האָט זיך אַרומגעקוקט. יעדער שנאָרער האָט געהאַט אין האַנט עפּעס אַ מין כלי, וואָס עס איז אַבי אַזוינס וואָס עס זאָל נישט אויסרינען דאָס עסן.

—כּוּ אַזוי ווי איך—האָט זיך אָפּגערופן עפּעס אַ לץ, וואָס איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן וואַנט, כדי דער מיטאָג זאָל איר בעסער שמעקן.—הויב אויף אַן אַלטן הוט. אין אַקורצע צייט אַרום וועט מען זיי שוין מער נישט פאַרלירן...

דער זעלנער האָט רחמנות געהאַט אויף דער הונגעריקער מיידל און, זיך װענדנדיק צום באַדינטן, װאָס האָט אויסגעלײדיקט דעם קעסל, האָט ער אַ געשריי געטאָן:

—הע, מאַרטין! איך װעל דיר דערלאַנגען מיין קעסעלע און גיב איר אַ ביסל געקעכץ. זי גייט אויס פון הונגער. ניין! איך װיל בעסער עסן און שטאַרבן אַ זעלנער.

ער האָט אַ זוך געטאָן ביי זיך אין קעשענע, אַרויסגענומען פון דאָרט צװאַנציק סו און אַריינגעלייגט איר אין האַנט.

—נאַ, אָט האָסטו, גיי, ענדיק דיין מיטאָג. גיב מיר אָבער אָפּ מיין קעסעלע, אויב נישט, װעט מען מיך איינזעצן אויף גאַנצע פיר טעג!

איצט האָט זי ענדלעך געקאָנט אַהיימפאָרן מיטן טראַמװײ און קויפן אַ האַלבן ליטער מילך פאַרן קינד, װאָס האָט שוין זיכער קיין כוח נישט צו שרייען.

—איך האָב אים אין דערפרי געגעבן אַ ביסל מילך, —האָט איר געמאָלדן מאַדאַם רוסטאַן.—אָבער ס׳איז דאָך נישט אַזוי לייכט צו באַקומען אַ טראָפּן מילך, עס איז נישט קיין װאַסער פון אונטערן קראַן.

5

ספּי האָט צוגעטראָגן צום קינדס דורשטיקע ליפּן דאָס פלע־שעלע מילך מיט דער סאָסקע, אָבער דאָס פּיצעלע, רויט פון כעס, וויל נישט טרינקען.

דער כעס האָט געשטאַרקט זיינע כחות און ער האָט אָנגע־הויבן שרייען.

—וואָס שרייט ער ?

—ווייל ער איז קראַנק, צום טייוול !—האָט אַ זאָג געטאָן מאַדאַם רוסטאַן פריינדלעך־פינדיק אויף זיין געשריי.—גיט אים בעסער אָפּ אין קינדער־שוץ, איר מוזט זיך סוף כל סוף דערויף דעצידירן, דאָרט וועט מען אים נאָך אפשר אָפּראַטעווען. דאָ וועט איר אים נישט אויסהאָדעווען, סיידן איר ווילט ער זאָל שטאַרבן.

—וואָס רעדט איר עפּעס אַזוינס? איך וויל, אַז ער זאָל לעבן, דאָס עלנד קינד, איך ווינשט אים נישט חלילה קיין שלעכטס.

מאַדאַם רוסטאַן האָט אַ נעם געטאָן דאָס פלעשל פון דער מוטערס האַנט און פאַרריינגערוקט די סאָסקע אין קינדס מויל, וואָס האָט זיך געריסן פון שרייען, אָבער דאָס קינד האָט זיך אָפּגעדרייט.

—ער איז דאָך אָבער פאָרט הונגעריק...

זי האָט אָנגעטאָן אירע ברילן און אויפמערקזאַם באַטראַכט דאָס קינד און דערנאָך דאָס פלעשל.

—איצט פאַרשטיי איך, די מילך איז זויער געוואָרן.

—יאָ!

אַ צעבראָכענע איז ספּי געפאַלן אויפן ראַנד פון בעט.

וואָס זאָל זי איצט טאָן... ממש אַ קאַטאַסטראָפע.

—דאָס שיקזאַל צווינגט אייך דערצו, מיין קינד. דאָס קינד מוז האָבן וואָס צו טרינקען נאָך ביז מאָרגן, אויסער דעם דאַרף ער האָבן אַ דאָקטאָר. גלויבט מיר, אַז אויב איר האָט נאָך כוח צו גיין, האָט איר שוין באַדאַרפט אַוועקטראָגן אין פינדל-הויז. דאָרט איז אָפן טאָג און נאַכט, דאָרט וועט אים זיין בעסער ווי דאָ. עטיענעטע זאָל נישט זיין אַזוי מיד פון איר היינטי-קער אַוואַנטורע, וואָלט זי מיט אייך מיטגעגאַנגען, איך קאָן ליידער אויך נישט גיין, איך קאָן נישט איבערלאָזן קוליבאַלן אליין... ער האַלט נעבעך גאַנץ שלעכט. איך וועל זיך גאָר נישט וווּנדערן, אַז ער וועט אויסציען די פיס...

דאָס קינד האָט נאָך אַלץ געשריגן. דאָס זענען געווען לאַנגע ביטערע קרעכצן, די מוטער האָט צום ערשטן מאָל גע-קוקט אויף אים מיט אַ לייכטן גלאַנץ אין די אויגן.

—עלנט קינד מיין! דו זעסט—איך האָב געפּרוּווט דיך אָ-בערלאָזן ביי זיך, ווי איך זאָל דיר טאַקע ליב האָבן. אָבער אי מיר, אי דיר גיט זיך זייער שווער איין דאָס לעבן.

—יאָ!—האָט צוגעגעבן מאַדאַם רוסטאַן—און עס איז ערשט בלויז אַן אָנהויב.

—איר מיינט, אַז מען דאַרף נישט וואַרטן ביז מאָרגן?

—זיכער נישט! וואָס קאָן ער דען האָבן פון דער גאַנצער ליבע, אויף וועלכער אַ מוטער איז פעיק—אויב זי קאָן איבם נישט געבן מער ווי אַ ביסל ריינע וואַסער. עס איז בשום אופן נישט גענוג...

ספּי האָט שווער אָפּגעזיפצט:

—איך האָב שוין אפילו קיין ליבע-געפילן אויך נישט מער!

די אַלטע האָט אויפגעהויבן אויף אים אַ פּאָר מיטלייד-פולע אויגן.

—דאָס וועט מיט דער צײַט צוריק קומען, מיין טייבעלע. עס וועט זיך געפינען אַ מענטש, וואָס וועט דיך ליב קריגן און ווידער. ווערסטו דורכמאַכן דאָס זעלבע און אפילו געפינען דעי- רין פאַרגעניגן אַזוי ווי אַלע...

וואָס פאַרא מאָסע געפילן, וואָס זענען סותר איינער דעם אַנדערן! אין שטורם פון די געדאַנקען, וואָס האָבן אין איר מוח אָן אויפהער געבראַזשעט, האָט זיך ספּי נישט געקאָנט אָריענ- טירן—וווּ עס איז דער אמת—פונקט ווי מען קאָן נישט אין אַ גרויסן המון געפינען דעם, וואָס מען זוכט.

—נו, דעצידירט אייך מיין טייערע. אָט האָט איר דאָס קינד, זייט נישט קיין שלעכטע מאַמע.

אַ „שלעכטע מאַמע!" פון די הענט, וואָס האָבן איר אים דערלאַנגט, האָט זי אַ נעם געטאָן דאָס קינד.

נישט געקוקט דערויף, וואָס זי האָט זייער גוט געשפּירט די איראָניע פון דידאָזיקע ווערטער—האָט זי געשוויגן. דידאָזיקע פרוי וועט עס בשום אופן נישט באַגרייפן, פאַרשטייט זיך, עס איז טאַקע בעסער שוין אַוועקצוטראָגן אַהין דאָס קינד...

איר זון געפינט זיך ערשט אין אַזאַ לאַגע, אַז זיין אַ גוטע מוטער הייסט אָפּגעבן אים צו אַזעלכע מענטשן, וואָס וועלן בע- סער פון איר קאָנען פאַר אים זאָרגן.

אָבער ווען זי זאָל אים באמת ליב האָבן, צי וואָלט איר דאַן נישט באַהערשט אַ פּרימיטיווער מוטערלעכער אינסטינקט און אַ שוואַכערער שטאָלץ-געפיל? זי וואָלט זיך זיכער אַ סך פריער געווענדט צום פעטער און נישט געוואַרט אַזוי לאַנג, ביז זי זאָל זיין געצוווּנגען אים אָפּצוגעבן.

גייענדיק פאָרויס, מיטן קינד אויף די הענט האָט זי אַלץ אַנאַליזירט און איצט גאַנץ קלאָר אַלץ געזען... „מען דאַרף אָפּ- ריייניקן דעם מח פון אַלע פאַראורטיילן, וואָס האָבן זיך אַהין פאַרקליבן,—האָט געזאָגט דער פעטער!—יאָ, אָבער מען דאַרף אויך קאָנען זיך דערקלויבן ביזן גרונט, כדי צו צווינגען די אמתע געפילן, וואָס באַהאַלטן זיך דאָרט, אַרויפצושווימען אויף דער אויבערפלאַך."

מיט אַן אומבאַשטרייטבאַרער שטרענגקייט האָט זי קאָנ־טראָלירט אירע געדאַנקען, אירע האַנדלונגען, דורכמאַכנדיק די ערשטע העלפט פון דער אומענדלעכער פּאַראַדיז־גאַס.

—איך קאָן מיר עס גאָרנישט מוחל זיין, וואָס איך האָב נישט געהאַט דעם געהעריקן מוט זיך צו שיידן מיט אים גלייך דער ערשטן טאָג. איך האָב זיך געלאָזט באַאיינפלוסן פון פרעמ־דע מיינונגען: „איר וועט אים ליב קריגן, איר וועט זען, איר וועט אים ליב קריגן, איר וועט זען, איר וועט אים ליב קריגן! לאָזט אים נאָך דערווייל ביי זיך...

נישט ווילנדיק האָב איך אים אונטערגעוואָרפן אונטער אַזעל־כע שווערע באַדינגונגען, פאַר וועלכע ער וועט אפשר באַצאָלן מיטן לעבן, און מיין עקל איז געבליבן דערזעלבער. מיר האָט געפעלט דער פעסטער כאַראַקטער, און איצט האַלט איך ווידער ביי דעם וואָס איך האָב געוואָלט גלייך ביים אָנפאַנג. אויב אַזוי, וואָס האָב איך אויסגעפירט צו וואָס האָב איך זיך געמאַטערט? זי האָט אַ זיפץ געטאָן. „אוי, ווי שווער ער איז!“

זי איז געגאַנגען פאָרויס, נישט געקוקט אויף איר אומ־ענדלעכער מידקייט. אָט איז דער פּרעפעקטור־פּלאַץ. איר אַנט־שלוס ווערט פסדר שוואַכער, וואָס נענטער זי איז צום ציל. זי איז פעסט דעצידירט, און דאָך ווילט זיך איר וויינען, אָדער זיך אַ וואָרף טאָן אויף דער ערד און מער נישט אויפשטיין, קיין מאָל נישט... און דידאָזיקע אומבאַקאַנטע, וואָס גייען דאָ פאַרביי גלייכגילטיק, האַקן איר איבער דעם וועג, און בויגן זיך נישט צו צו איר קראַנק האַרץ! צי שפּירט זיך גאָרנישט צו מערקט מען גאָר נישט איר אומגעהייערע פאַרצווייפלונג? און די ערנסטע געשעענישן אין יעדנס לעבן, וואָס האָבן גע־דאַרפט צודעקן די מענטשן ווי מיט לאַנגע באַמבוס־שטעק, עך— אַזן אונז פשוט איבער, ווי געווען, לויטן אויסזען כמעט די זעלבע?! צעבראָכענע, אָבער שטענדיק אויף די פיס! ווי נאַריש איז דאָס לעבן, ווי נאַריש דער קאַמף... אומזיסט באַוועגן מיר מיט

די הענט, פיס, קלאַמערן זיך, זאָגן צו, וויינען, בעטן, — דער בלינדער ראָד טוט זיך אַ דריי, נישט זעענדיק אפילו ווען ער צורייבט...

זי איז צוגעקומען צום עק עדמאָנד ראָסטאַנד-גאַס. אָט איז די געביידע: געזעלשאַפטלעכער שוץ... נישטאָ מער וואָס צו מאַכן, דער גורל איז געוואָרפן... זי קוקט זיך אַרום: אַך! דאָ איז עס די ביורא, ווו מען גיט אַוועק די קינדער; דורכגיין דעם קאָרידאָר, דערנאָך דעם הויף, דער פּאַוויליאָן קעגנאיבער... דאָרט איז קיינער נישטאָ... בעסער טאַקע, מיט וואָס איז עס בעסער? פרעגט זי זיך אַליין. צי האָב איך דעם איינדרוק, אַז איך טו אַ שלעכטע זאַך? צי האָב איך נישט געדאַרפט האָבנדיק די פולסטע איבערצייגונג, אַז איך בין גערעכט, אַרויסווייזן מוטיק מיין ווילן פריי און אָפן פאַר דער גאַנצער וועלט?

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף איר משא:

—מיין זון! ניין, ניין, ער איז נישט מיין זון! עס איז אַ שלעכטער זוימען, וואָס אַ בייזער ווינט האָט אין מיר פאַרטראָגן און געמאַכט וואַקסן.

אַ מענטש, וואָס האָט געקאָנט האַנדלען אַזוי ווי דער פאָטער פון דאָזיקן נפשל—האָט אים נישט געקאָנט איבערגעבן בירושה מער ווי פאַרברעכערישע נייגונגען...

ניין ניין, עלנט קינד, איך האָב צו דיר גאָרנישט, אָבער איך וויל דיך נישט קענען. שפּעטער וועלן מיר זען, אין איצטיקן מאָמענט זענען נאָך מיינע ליידן פריש, און דיינע צו פאַרלייכטערן בין איך נישט אימשטאַנד.

פון דער צווייטער זייט באַריערע, וואָס האָט צעטיילט דעם צימער אויף צווייען, איז אויפגעשטאַנען אַ פרוי אינגאַנצן אָנגעטאָן אין שוואַרצן מיט אַ גוט ערנסט געזיכט.

—וואָס ווילט איר?

רויט פון אויפרעגונג און אינגאַנצן זיך טרייסלענדיק, האָט איר ספּי דערלאַנגט דאָס פּיצעלע.

—איך וויל אייך אַנפאַרטרויען דאָס דאָזיקע קינד.

—גוט. פארוואָס?

—כדי ער זאָל נישט שטאַרבן פון הונגער, ער האָט שוין פון אין דערפרי אָן קיין טראָפּן אין מויל נישט געהאַט.

—...יאָ, ער איז זייער בלייך, אויסגעמאָגערט... וויפל איז ער אַלט? צוויי וואָכן?

—אַ חודש...

די ביורא-פאַרוואַלטערין האָט געמאַכט אַ פילזאָגנדיקן זשעסט. זי האָט געהאַט אַ גרויען קאָפּ און אַ מיטפילנדיק, געזיכט פון אַ פרוי פון פאָלק.

—איך וועל גלייך פאַראָרדנען, מען זאָל אים געבן אַ ביסל מילך...

זי האָט גענומען דאָס קינד, געעפנט עפּעס אַ קליין פענסטערל און געזאָגט צו אַן אומזעבאַרער פּערזאָן:

—אָט איז אַ פּיצעלע, וואָס גייט אויס פון הונגער, נעמט זיך צו אים, וואָס גיכער.

דערנאָך האָט זי זיך ווידער געווענדט צו ספּין:

—אָבער דאָס איז נאָך נישט קיין גרונט אויף אים אָפּצוגעבן.

—קיין אַנדערע מאָטיוון באַוועגן מיך נישט.

—אויב ס'צווינגט אייך דערצו די נויט, קאָן איך אייך שוין גלייך געבן געלט אויף דאָס סאַמע נויטיקסטע, און דערנאָך וועט מען אייך שוין באַזאָרגן. איך וועל די זאַך איינאָרדנען, און אין פאַרלויף פון אַ יאָר צוויי, דריי, אויב ס'וועט נויטיק זיין, וועט איר באַקומען אַ געניגענדיקע שטיצע, איר זאָלט עס קענען דערציען...

—איך דאַנק אייך, דאָס וועל איך שפּעטער זען.

—שפּעטער וועט אייך אָבער נישט אַזוי לייכט זיין אים צוריק צו קריגן. אין די מייסטן פאַלן זענען די קינדער, וואָס מען גיט אָפּ אין די אַנשטאַלטן פון געזעלשאַפטלעכן שוץ, פאַר זייערע מאַמעס פאַרלוירן. איר מוזט וויסן, אַז איר וועט נישט האָבן די מעגלעכקייט אָפּצונעמען אייער קינד, ווען אייך [illegible]ט זיך גלוסטן.

זיך צוקוקנדיק צום פאַרעקשנטן געזיכט פון יונגן מיידל, זאָט די פאַרמיטלערין צווישן איר און דער געזעלשאַפט גע־שפּירט אַ שטאַרקן שטאָך אין איר אייגנליבע.

זי האָט אָן עפּן געטאָן די באַריערע און איז צוגעגאַ־גען צו ספּין:

—בלויז לטובת אייער קינד זאָג איך אייך דאָס אַלץ. דאָ ווערט ער, נאַטירלעך, ווערן באַזאָרגט מאַטעריעל, אָבער מען קאָן עס דאָך נישט פאַרגלייכן מיט דער צערטלעכקייט פון אַ מוטער.

זיך באַמיענדיק צו באַקעמפן די עמאָציע, וואָס זי האָט מאָמענטאַל דערשפּירט, האָט ספּי געמורמלט:

—איך בין נישט זיין מוטער!

—גוט, גייט אַלזאָ צוריק צו דער מוטער, גיט איר אי־בער דעם פאָרשלאַג וועגן דער הילף. דערציילט איר מכח די שווערע אויפנאַמס-באַדינגונגען אין אונזער אַנשטאַלט. און איר וועט זיך איבערצייגן, אַז זי וועט אייך דאַנקען, וואָס איר האָט איר אָפּגעבראַכט צוריק דאָס קינד.

—ניין, ניין, זי איז מיט אים שוואַנגער געוואָרן, קעגן איר ווילן, און וויל אים נישט האָבן. שרייבט אים איין.

—ווו איז זיין מאַמע?

זי האָט זיך צוגעקוקט צו ספּין, וועלכע האָט איר נישט געענטפערט און וועמענס בליק ס'איז געווען קאָנצענטרירט אויפן פּלאַקאַט אויף דער וואַנט: „די פּערזאָן, וואָס ברענגט אַהער אַ קינד יונגער פון זיבן חדשים" ווערט געפּרעגט וועגן נאָמען, דאַטע—און געבורטס־אָרט פון דאָזיקן קינד. זי קאָן אָבער אויף דידאָזיקע פראַגן נישט ענטפערן...

די דאַמע האָט דערזען איר בליק און פאַרשטאַנען:

—יאָ, אַזוי איז עס. איך האָב אייך טאַקע געוואָלט איבער־לייענען די דאָזיקע מעלדונג. איר האָט פולע רעכט נישט צו ענטפערן אויף מיינע פראַגן, און אויב איר פאָדערט דורכאויס וועל איך ס קינד גלייך איינשרייבן, אָבער מיר טוט עס אַזוי וויי. איך בין דאָך אויך אַ מאַמע, איר פאַרשטייט, צי ניין?...

איך ווייס, אין וואָס פאַר אַ צערטלעכער ליבע ס'גוויטיקט זיך אַזאַ פּיצעלע אין פאַרלויף פון זיין ערשטן לעבנס-יאָר. איר דאַרפט וויסן, אַז דאָ איז די שטערבלעכקייט צווישן די זויג-קינדער אויף גאַנצע פופצן פּראָצענט העכער ווי אין וועלכן נישט איז אָרט אין גאַנץ פראַנקרייך... און אויב אפילו ער וועט בלייבן לעבן, מאַכט אים נישט פאַר קיין אויסוווּרף, פאַר קיין פּייריער.

—ער האָט מיך געמאַכט פאַר אַ טויגעניכץ, יאָ איך בין די מאַמע, אָבער אין איצטיקן מאָמענט וויל איך אים נישט האָבן. שרייבט אים איין. שפּעטער וועל איך אים אפשר צוריק-נעמען.

די פאַרמיטלערין האָט זיך אַ נעם געטון פאַר איר רעגיסטערס.

—גוט. נומער 39-485. די נעמען?

—מאַרק-אַנרי.

—פאַמיליען נאָמען?

מיט אַ פאַרשטיקטער שטים האָט די עלנטע אַ זאָג געטאָן:

—פאָטער און מוטער אומבאַוווּסט. אָט איז זיין מעטריקע.

די פאַרוואַלטערין האָט אַוועקגעלייגט איר פעדער.

—אָ! איר האָט אים הייסט עס נישט אָגערקענט?

ניין!

—צי ווייסט איר, אַז אָפּזאָגנדיק זיך פון אים ביי דידאָ זיקע באַדינגונגען, רייסט איר איבער די לעצטע פעדעם, וואָס פאַרבינדן אייך מיט אייער קינד און איר פאַרלירט אפילו איי-ערע לעגאַלע רעכט אויף אים!

—דאָך נישט אויף שטענדיק?

—אָ! כמעט אויף שטענדיק! די שוועריקייטן אים צוריק צו נעמען זענען אַ סך גרעסער ווי ביי אַן אונטערגעוואָרפן, אומבאַקאַנט קינד!

—אָבער אויב איך זאָל ווען נישט איז האָבן ד, מעגלעכ-קייט, וועל איך זיין אימשטאַנד אים צו אָנערקענען?

—יאָ, גאַנץ באַשטימט.

—און אים אָפּנעמען?

—מיט גרויסע שוועריקייטן.

—די אַדמיניסטראַציע האָט ס׳רעכט אָפּצוגעבן די עלטערן. אייער קינד, אָבער ס׳איז נישט אָבּליגאַטאָריש און איר וועט דערביי האָבן אַזוי פיל לויפעניש, אַזא מאַסע שוועריקייטן, אַז סוף כל סוף וועט איר אַליין רעזיגנירן. לכל הדעות וועט איר זיך קיין מאָל נישט דערוויסן נישט חו ער געפינט זיך, נישט חאָס מיט אים טוט זיך. און איין פּאַר אַלע מאָל זייט וויסן, אָט חאָס: אויב ער פאַלט אַריין צו אָרנטלעכע מענטשן, וואָס בינדן זיך צו אים צו און פאַרבייטן אייך אין דער מיסיע וואָס ס׳ליגט אויף אייך, איז ער דאַן פאַר אייך געשטאָרבן.

ספּי׳ס האַרץ איז, ווי אַ חיה, חאָס פאַלט אַריין אין אַ פאַסטקע, און האַקט זיך אָן אַלע פאַרצוימונגען און מיט אַ זייער אומזיכערער שטים האָט זי אַ זאָג געטאָן:

—איך וועל עס נישט אַריינלאָזן אין אַזאַ לאַנגער באַנק, ס׳זאָל זיך שאַפן אַזא לאַנגע. אָבער איצט בין איך געצוווּנגען צום דאָזיקן שריט.

—גוט, צי ווילט איר באַקומען חעגן אים יעדן חודש וועלכע נישט איז ידיעות?

—גאַנץ באַשטימט.

—וועל איך אייך פאַרשרייבן... אייער נאָמען?

ווידער האָט זיך ספּי פאַרשלאָסן.

—איר קאָנט אים נישט אָנגעבן, דאַן וועל איך פאַרשרייבן, אַז ס׳קינד האָט געבראַכט אַן אומבאַקאַנטע פערזאָן. אבער אין דעם פאַל קאָן איך אייך נישט אַרויסגעבן קיין קאַרטע, כדי איר זאָלט האָבן די מעגלעכקייט פון צייט צו צייט וועגן אים זיך צו דערוויסן! נאָר מיט אַזאַ רעגיסטראַציע-קאַרטע וועט איר שפּעטער קענען אָנהייבן געוויסע אונטערהאַנדלונגען אים צוריק צו באַקומען.

—איר מאַטערט מיך.

—ניין, איך דערפיל בלויז מיין פליכט און וואָרן אייך... איך גיב צו, אויב איר האָט מורא פאַר אומדיסקרעציע, וואָס שטערט אייך אויפצוגעבן אייער נאָמען, דאַרפט איר וויסן, אַז אַלע אונזערע באַאַמטע זענען פאַרפליכטעט צו האַלטן ביי זיך

דעם פּראָפעסיאָנעלן סוד. זיי זענען די איינציקע, וואָס העלן וויסן אייער נאָמען, פּונקט ווי איך בין די איינציקע, וואָס וועט אייך זען. קוים גייט איר פון דאַנען אַוועק, געדענק איך מער קיין וואָרט נישט פון דעם אַלעם, וואָס מיר האָבן דאָ גערעדט. איר האָט נישט וואָס מורא צו האָבן פאַר קיין שום זזכעניש...

—איך האָב דערפאַר קיין מורא נישט. שרייבט. ספּיריטע מאָרעלי טאָרט-גאַס נומער 15.

די פרוי האָט פאַרשריבן און דערלאַנגט דער אויסגעמאַטערטער יונגער פרוי אַ גרינע קאַרטע, אויף וועלכער ס'איז געווען פאַרשריבן דער רעגיסטראַציאָנס נומער פון קינד, זיין נאָמען און פאַמיליע-נאָמען און די געבורטס-דאַטע. אַ שורה מיט אַ דיקער שריפט האָט אָנגעגעבן, אַז ידיעות וועגן קינד קאָן מען באַקומען צווישן צענטן און פופצנטן פון יעדן חודש. עס איז אויך געווען אָנגעוויזן דער קרייז צו וועלכן עס געהערט, די לאָקאַלע אָפּטיילונג פון „געזעלשאַפטלעכן שוץ". און דערנאָך צוויי קעסטעלעך מיט ליידיקע שורות... ספּיס ציטערנדיקע הענט האָבן כסדר געדרייט דאָס דאָזיקע שטיקל קאַרטאָן, וועלכעס איז איצט געווען פאַר איר אַלץ, וואָס ס'איז איר געבליבן פון טרויריקן עבר.

אויטאָמאַטיש האָט זי דורכגעלייענט די געדרוקטע שורות און די אָנגעשריבענע ווערטער.

—אָט איז עס. יעדן חודש קאָנט איר קומען אָדער שיקן אימיצן מיט דערדאָזיקער קאַרטע און זיך דערוויסן, וואָס איז מיטן קינד. אויף דער צווייטער בלויז איין וואָרט, לעבט... אָדער געשטאָרבן.

—ס'איז שרעקלעך!

ווידער אַן עמאָציע און טאַקע די שטאַרקסטע.

ספּי האָט זיך צעוויינט אויפן קול... זי האָט זיך אָבער באַהערשט, און די פאַרוואַלטערין האָט מיט איר איבערצייגנדער שטים קאָנסטאַטירט:

—דאָס איז אונזער רעגולאַמין. איך קאָן נאָך, אויב אירווילט, אַנולירן און אָפּגעבן אייך אייער קינד.

—ניין, ניין! איך האָף, אַז מען וועט אים היטן, אַז ער וועט לעבן; איך בין צופיל אומגליקלעך.

גערירט, איז די פּאַרוואַלטערין ווידער צוגעגאַנגען צו איר און איר אַוועקגעזעצט.

—ס'וועט פאַרבייגיין. איר זענט נאָך אַזוי יונג. איך וויל, נאַטירליך, נישט אויסאיבן אויף אייך קיין שום דרוק. אויסער דעם וואָלט איך דערמיט ארויס פון מיין ראָל. אָבער ווען איר זאָלט נאָך קאָנען האָבן אַ ביסל קראַפט, געדולד און מוט, וואָלט אייך אייער קינד איצט נישט געפעלן מער צו לאַסט, ווייל מיר וואָלטן געזאָרגט אי פאַר אים, אי פאַר אייך.

דערהערנדיק די דאָזיקע ווערטער האָט ספּי אויסגעגאָסן די גאַנצע פאַרביטערונג, וואָס האָט זיך ביי איר אָנגעזאַמלט אין פאַרלויף פון עטלעכע מאָנאַטן.

—אָבער, ניין, ניין, איך קאָן נישט, איך האָב מער קיין כּוח, און נישט קיין מוט?... דאָס, וואָס מיט מיר איז געשען, האָב איך נישט פאַרדינט. מען האָט מיך פאַרגעוואַלטיקט. איך קען נישט זיין טאַטן, מיינע עלטערן האָבן מיך אַרויסגעיאָגט פון שטוב. איר פאַרשטייט שוין מאַדאַם, אז איך קאָן אים נישט אָנקוקן, ס'דאָזיקע קינד! איך באַדויער אים, איך וואָלט אים וועלן ליב האָבן... איך האָב זייער געוויסנהאַפט געטאָן אַלץ וואָס איך האָב נאָר געקאָנט, כדי אים צו לאָזן ביי זיך, איך שווער אייך—אָבער איצט איז געענדיקט? ער שטערט מיר צו געפינען אַרבעט און אין אָוונט, אַז איך קום אַהיים אַן אויסגעשעפּטע, אַ אויסגעמאַטערטע, און טו אויף אים אַ קוק, ווערט מיין פאַרצווייפלונג נאָך גרעסער, שרעקלעכער! איך האָב אים נישט ליב. ער רופט אַרויס ביי מיר פאַרביטערונג, דערמאָנט מיר אָן אַלע מיינע ביטערע ליידן, אָן מיינע שווערע נסיונות, אָן מיין גאַנץ אומגליק...

ווידער האָט זי זיך צעוויינט און מיט טרערן אין די אויגן דערקלערט:

—גלייבט מיר, מאַדאַם, גלייבט מיר, אַז כדי איך זאָל

נאָך קאָנען לעבן, מוז איך אָן אים פאַרגעסן—כאָטש צייטווייליק פאַרגעסן.

—אויב ס'איז אַזאַ געשיכטע, קאָן מען, נאַטירלעך, פון אייך נישט פאָדערן... אפשר שפּעטער... ווער ווייס...

זי האָט געדריקט ספּיס האַנט, וועלכע האָט זיך אַ הייב געטאָן און איז אַוועק מיט שוואַכע טריט, זיך באַוועגנדיק ווי אַן אויטאָמאַט.

## 6

אַז זי איז אַרויס אויף דער גאַס, איז שוין געווען גוט פינסטער. זי האָט זיך געשפּירט טויט־מיד און שרעקלעך נידערגעשלאָגן. אירע פיס האָבן זיך געשלעפּט, ווי זיי וואָלטן נישט געווען אירע, אַ פאַרבייגייער איז שמייכלענדיק צו איר צוגעגאַנגען:

—קאָן מען אייך באַגלייטן, ליב קינד!

זי האָט אויף אים אַ קוק געטאָן מיט אַזאַ פאַרצווייפלונגספולן בליק, אַז ער האָט זיך מאָמענטאַל אָפּגערוקט און איז פאַרשווונדן געוואָרן...

באַלד איז זי אַרויס אויפן פּרעפעקטור־פּלאַץ, נישט באַמערקנדיק אַליין, אַוועק אויף סען־פּעראַל־גאַס און דערנאָך אויף קאַנביער. דער שיינער יוני־אָוונט האָט אויסגעגאָסן זיין גאַנצע פּראַכט אויף דער רוישנדיקער שטאָט. די געשעפטן זענען געווען באַלויכטן הינטער זייערע גלעזערנע ווענט. די עלעקטרישע לבנות אויף די הויכע געשטעלן האָבן פאַרגאָסן מיט זייער קינסטלעך ליכט די טעראַסן פון די איבערפולטע קאַפע־הייזער.

איבער דער גאַנצער ברייט פון די גאַסן האָט זיך געטראָגן אַ געוואַלדיקער שטרוים גליקלעכע מענער און לאַכנדיקע פרויען, חוצפּהדיק אַרויסשטעלנדיק זייערע נאַקעטע הענט. און אין דאָזיקן שטרוים האָט זיך געשלעפּט ספּי ווי אַ לעבעדיקער מת, אַ קערפּער אָן אַ נשמה.

אויף קור-בעלזונס דהאָט זי זיך אָפּגעשטעלט און איז אַני-דערגעפּאַלן אויף אַ באַנק. אירע געשוואָלענע פּיס האָבן איר אַזוי ברעקלעך ווײ געטאָן, אַז פון שמערץ האָט איר פאַרדריקט ס'האַרץ. ווי זי האָט זיך נאָר אַנידערגעזעצט האָט זי גלייך פאַרלאָרן דאָס באַוווסטזיין, ווי זי וואָלט לגמרי אויפגעהערט צו עקזיסטירן.

דער שלאָף—דער ווונדערבאַרער רעטער פון אַלע צרות!.. שפּעטער אין אַ לאַנגער, לאַנגער צייט אַרום חלומט זיך איר, אַז עמעצער שלאָגט איר.

—האַלאָ! צי וועט איר זיך סוף כל סוף אויפכאַפּן, צי נישט!

מ'טרייסלט איר, עס דוכט זיך איר, אַז זי איז אָפּגע-שלאָפן גאַנצע וואָכן. זי טוט אַן עפן די אויגן, דערזעט אַ פּאָליציי-אַגענט, אַריבערגעבויגן איבער איר, און זי רירט זיך נישט פון אָרט. עס דוכט זיך איר נאָך אַלץ, אַז זי שלאָפט...

—נו, קליינע, מיט וואָס אַזוינס, למשל, האָסטו זיך אָנ-געטרונקען, וואָס דו ביסט אַזוי פעסט איינגעשלאָפן? וואָס טו-סטו דאָ בכלל?

עפּעס אַ מורמל, וואָס קומט פון אונטערבאַוווסטזיין:

—איך רו זיך אָפּ...

—נו! קום, לאָמיר גיין!... טרייסל זיך אויף! שוין העכער צוויי שעה שפּאַציר איך דאָ אַרום און גיב אויף דיר אַכטונג... נאָך האַלבע נאַכט גייען אָרנטלעכע מענטשן אַהיים. אויפן גאַס בלייבן בלויז אַרומטרייבערינס!...—ער האָט זיך מן-הצד צוגעקוקט. אַ גאַנצע באַנדע לעער-יונגען, וואָס זענען אַרויס-געקראָכן פון אַן אומגעהייער גרויסן אויטאָמאָביל, און האָבן זיך מיט אַ ליאַרם אַריינגעריסן אין טיר פון אַ באַר, וואָס האָט זיך שוין געהאַלטן ביים שליסן—...אָדער אַזעלכע, וועלכע האָבן מיט וואָס צו לעבן אַ טאָג.

אַ צעטומלטע טוט זי אַ פרעג:

—וויפל איז דער זייגער?

—דאָס וועט מען דיר שוין זאָגן דאָרט. ווהין איך וועל

זיך צוזאַמענפירן אויף נאַכטלעגער... די פולווערן זענען נישט קיין שלאָפצימערן. נו, געשווינד, קום מיט מיר! דו זאָלסט באַטש האבן פאַפירן—האָט ער זיך געוויצלט....

—אַ נייע מעשה!—האָט זי אַ קלער געטאָן.

אינסטינקטיוו האָט זי אָנגעהויבן קומען צו זיך און איז געוואָרן אַ פאַרציטערטע.

—איך האָב זיי נישט ביי זיך. איך בין געגאַנגען אַהיים.

—אַן אַלט לידל! נו, מאַרש! דיינע דערקלערונגען וועסטו שוין אָפּגעבן אין קאָמיסאַריאַט.

—עס איז דאָך אָבער אוממעגלעך. איך האָב דאָך נישט געטאָן קיין שום שלעכטס.

—זיך אַרומגעטריבן אויף עפענטלעכע פּלעצער.

—אָבער איך בין אויף נומער פּופצן טאָרט-גאַס... איר האָט קיין רעכט נישט... עס איז אוממעגליך!

—וואָס? דו שטעלסט זיך אַנטקעגן. איך וועל דיך אויסלערנען ווי אַזוי צו רעספּעקטירן די פּאָליציי. אויב דו האָסט נישט פאַרוואָס מורא צו האָבן, וועט מען דיך פריי לאָזן. גלייכער צו אַרעסטירן לויט אַ פאַרדאַכט—אפשר טאַקע אומזיסט איידער לאָזן אַרויסדרייען אַ פאַרברעכערין!

זיך אַנטקעגן שטעלן? איצט איז זי שוין אין קיין זאַך נישט זיכער... זי האָט נישט געוואַגט... זי וויס בלויז איין זאַך: זי האָט לגמרי קיין אַנונג נישט געהאַט, וואָס פאַר אַ געזעצן און פאַסטקעס די געזעלשאַפט שפּרייט פונאַנדער אויף אַלע וועגן פאַר די, וואָס שלעפּן זיך אַרום מיט אַראָפּגעבויגענע קעפּ... זי האָט נאָך אַמאָל געפּרוווט זיך אויסטענהנען:

—איך האָב געמיינט, אַז מען מעג זיך זעצן אָפּרוען אויף אַ באַנק, בעת מען איז מיד... אַז עס איז נישט פאַרווערט פון גרויס מידקייט איינצודרימלען... איך וועל עס מער נישט טאָן, הער אַגענט!.. אויב איר גלויבט מיר נישט, קאָנט איר מיך צופירן ביז טאָרט-גאַס. עס איז נישט ווייט פון דאַנען...

—אַ שיינער איינפאַל!... ווען ער זאָל דאַרפן יעדעס מאָל ווען ער אַרעסטירט זייער עולם, אַליין גיין קאָנטראָלירן אַלץ

וואָס זיי רעדן, וואָלט ער שיין אויסגעזען! דאָס איז אַן עכט פּאַרן צענטראַלן קאָמיסאַריאַט... פּאַקטיש איז ער נישט געווען קיין שלעכטער מענטש, האַלטנדיק אָבער, אַז דאָס אויסזען פון דערדאָזיקער בירגערין רופט נישט אַרויס קיין צוטרוי, האָט ער נישט לאַנג קלערנדיק, באַשלאָסן צו האַנדלען לויט די פאָר־געשריבענע אינסטרוקציעס און דריבער דערקלערט:

—די טאַפּי-ווער-גאַס איז נאָך נענטער. אויב ס איז באמת אַזוי ווי דו זאָגסט וועסטו בלויז אָפּקומען דערמיט, וואָס דו וועסט איבערשלאָפן אַ נאַכט אין אַרעסט-הויז... מען שטאַרבט נישט דערפון...

—אָבער...

—געענוג גערעדט! מאַרש!

זי האָט געפאָלגט. אין וואָס פאַרדעכטיקט מען איר? זי האָט זיך געשעמט און האָט אויסגעמיטן די בליקן פון די פאַר שפּעטיקטע דורכגייער.

אָט איז ענדליך דער קאָמיסאַריאַט. אַן אומפריינטלעכער זאַל. אַ באַנק, אויף וועלכער עס זיצן שוין צוויי אומגליקלעכע. אַ טיש. אָבער נישטאָ קיינער. ווו נישט ווו דרייען זיך אַרום עטלעכע אַגענטן...

—זעצט זיך...

אויב אַרויסגייענדיק פון פינדל-הויז האָט זי נאָך פאַר־געשטעלט מיט זיך אַ שטיקל שמאַטע, איז זי שוין איצט, זיצנ־דיק צווישן אירע אומגעריכטע שכנים געווען אינגאַנצן פאַר־ניכטעט. וואָס קאָן אויפטאָן איר שרעקלעכע שוואַכקייט קעגן דער דאָזיקער טייוול-מאַשין, וואָס האָט איר צופעליק אַריינגע־כאַפּט אין אירע קלעשצעס? זיך פאַרשטעלן און האַסן... אפילו דערויף האָט זי שוין קיין כוחות נישט... זי שווייגט גלייך מיט אַלע אַנדערע. וואָס וואַרט מען? קעגן איר ווילן פאַר־מאַכן זיך איר די אויגן... די גאַנצע מעשה איז אָן שום ספק נישט מער ווי אַ קאָשמאַר...

פלוצלינג דערהערט זיך אַ רוקן פון אַ שטול איבער אַ שטיינערנער פּאָדלאָגע. זי שפּרינגט אויף. ביים טיש זיצט, אַרומ־

גערינגלט פון אַגענטן אַ מענטש אין ציוויל־קליידער מיט אַ הערשער־פּאָזע. דער שאָטן וואָס פאַלט פון אים אויף דער ווייַ־סער וואַנט נעמט אָן מוראדיקע פאָרמען און דעריבער זעען אויך זיינע זשעסטן אויפן שאָטן משונהדיק אומגעלומפּערטע און וואַרפן אָן אַ שרעק. וואָס איז עס אַזוינס? דער שרעקנס־טעאַטער גיניאָל?.. מען האָט אויסגערופן איר נאָמען און דער דאָזיקער רוף קערט איר אום צו דער ווירקלעכקייט.

דער מענטש—אַ פּאָליציי־קאָמיסאַר? אַ סעקרעטאַר? וואָס דער אַגענט האָט אים אָפּגעגעבן זיין ראַפּאָרט—שטעלט אָן זיין לאָרנעט:

—נאָך איינע אַ מינדעריעריקע!.. דו זאָגסט, אַז דו ווֹינכט אויף טאָרט־גאַס ביי דיינע עלטערן?

די ווערטער דערטראָגן זיך צו איר אומדייטלעך, ווי דורך אַ נעפּל,—צוליב דעם שלעפּעריקייט, וואָס איר מוח קאָן עס פאַר קיין פאַל נישט איבערטראָגן... זי מאַכט אַן אָנשטרענגונג כדי צו פאַרשטיין, וואָס מ׳רעדט צו איר.

—ביי מיינע עלטערן? ניין! איך וווין אַליין.

—אָ! אָ! באַשעפטיקונג?..

ביסלעכווייז קומט זי צום באַוווסטזיין.

—ווען איר זאָלט מיר קאָנען געפינען וועלכע נישט איז באַשעפטיקונג!

—אָן שום באַשעפטיקונג... איך פאַרשטיי.

ער האָט זיך געווענדעט צום אַגענט.

—וויפל געלט האָט זי אין קעשענע? טוט אַ קוק!

—עטלעכע סו...

—נישט קיין געלונגענע ביזנעס... גוט. די ווייטערדיקע דערקלערונגען וועט איר אָפּגעבן אין „עוועשע". עס לוינט זיך נישט איר אַוועקצוזעצן אינאיינעם מיט די איבעריקע. עס איז שוין האַלב איינס. די קערבל וועט גלייך קומען.

—עוועשע? די קערבל?... ווידער האָט זי זיך אַוועקגע־זעצט מיט דערזעלבער פאַרבלופטער מינע, אָבער איינער פון די אַרומטרייבער האָט איר שטילערהייט דערקלערט,—עוועשע—

הייסט די געביידע פון דער פאָליציי. דער צענטראַלער קאָ־מיסאַריאַט!... און אויב דאָרט פילט זיך באמת אין עפּעס אַ מאַנגל איז עס לכל הדעות נישט אין קיין נאָרעס. און די קאָרב — איז...

דער גערויש פון אַ אָנגעפּאָרענעם אויטאָ פאַר דער טיר האָט איבער די פראַזע.

דער אַגענט טוט אַן עפן אַ טיר אין הינטערגרונט און קאָמאַנדעוועט:

— מאַרש! אין וועג אַריין.

דאָס אַרעסט־הויז שפּייט אויס זיין שניט: פינף פרויען און דריי מענער טוען זיך מיט אַ ליאַרם אַ לאָז אַרויס אויף דער גאַס. די אַגענטן אַרום זיי שפּילן די ראָל פון וואַך־הינט.

— שטייגט איין די ערשטע, — באַפעלט מען ספּין און די צוויי אַרומטרייבער, וואָס שטייען לעבן איר פון ביידע זייטן.

— דאַמען־ערע! וויצלט זיך דער אַגענט, וואָס האָט איר אַהער געבראַכט.

ער העלפט איר צו אַרויפצוקלעטערן אויפן סאַלאַט־קאָרב. אויטאָמאַטיש טוט זי אַלץ וואָס מען הייסט איר, פאַרטעמפּט פון די לעצטע געשעענישן, און אַ צעטומלטע לאָזט זי זיך אַראָפּ אויף דער הילצענער באַנק אין אַ ווינקל פון שמאָלן דורכגאַנג.

אַ דאַנק די טראַגישע איבערלעבענישן רעאַגירט זי שוין נישט אויף קיין שום זאַך. עפּעס אַ מין אומבאַוווסטזיניקער צווייטער איך באַפערקט אַלץ, וואָס דאָ קומט פאָר אַרום איר.

די מענער שטייגן איין אין דער שטיל. די פרויען מור־מלען אָדער וויצלען זיך. איינע פון זיי, זייער אַ יונגע, דער־זעענדיק דעם אויטאָ מיט די פאַרמאַכטע אָפּטיילונגען, האָט אָנ־געהויבן אויפן קול צו שרייען און זיך ווערן קעגן די אַגענטן, וואָס האָבן איר געטריבן.

— ניין! ניין! איך וויל נישט!.. האָט רחמנות... מיין קליינע וועט נישט וויסן, ווו איך בין אַהיגעקומען!

זי האָט באַקומען אַ נערוון־אָנפאַל.

—אַז דו וועסט זיך אַדורכפּאָרן אַזויפיל מאָל חדי איך—וועט עס שוין אויף דיר נישט מאַכן אַזאַ שטאַרקן איינדרוק,—האָט איר פילאָזאָפיש דערקלערט איינע אַן עלטערע פרוי, אַרויפקלויבנדיק זיך אויפן העכסטן טרעפ...

האַסטיק האָט זי זיך אויסגעדרייט צו דער פרוי, וואָס איז געגאַנגען הינטער איר:

—שטופּ זיך נישט אַזוי, שכורטע! דו איילסט זיך, ווייזט אויס, אָפּצוגיסן מיר מיט דיין ברעכן! האַלט איר נאָר דאָרט אונטער, ראזעטע!

ראָזעטע די פּאָרלעצטע אין דער רייע,—הינטער איר גייט צושטופּנדיק איר פון הינטן, נאָך יענע אומגליקלעכע וואָס באַקומנדיק אַ נערוון-אַטאַק האָט זי זיך אויפן גאַס געוואָלט אַרויסרייסן פון די אַגענטן—האָט געהאָלפן איינשטייגן אַשרעקלעך שמוציקער שכורער פרוי, און דערנאָך איז זי פּאַמעלעך אַליין אַריינגעקראָכן.

—אַך, צום טייוול;—כּעסט זי זיך.—פאַרלוירן אַן אָפּצאַס. שוין צום צווייטן מאָל פאַרליר איך אים, איינשטייגנדיק אין מיין אויטאָמאָביל. צי דען קאָנסטו נישט, שאָפער, אַראָפּלאָזן אַ ביסל נידעריקער דעמדאָזיקן טרעפּל. זאָג!

דער שאָפער, אַ ווילער יו.ג, שמייכלט אונטער. צוויי אַגענטן טוען אַ נעם די ווידערשפעניקע, וואָס ווערט זיך מיט אַלע כחות.

—ניין! ניין! איך וויל נישט!... העלפט. העלפט מיר!

די פאַרבייגייער שטעלן זיך אָפּ. איינער פון די אַגענטן יאָגט זיי פונאַנדער:

—אַוועק פון דאַנען!

איינער פון די פאַרבייגייענדיקע, גערירט פון פאַרצווייפלטן שמערץ, פרווט צו אינטערווענירן.

—אפשר וואָלט איר זי טאַקע באַפרייען?

—איר האָט נאָך אַזוינס נישט געזען! דעם ערשטן מאָל מאַכן זיי שטענדיק אַזעלכע העויות... פאַר אונז איז עס שוין אָבער קיין נייס נישט... גייט אַוועק, גייט אַוועק!

—העלפט! מיין מיידעלע... איז קראַנק... וועט נישט וויסן וווּ איך בין...

ענדלעך איז געלונגען אריינצוּוואַרפן די אומגליק עכע צווישן די איבעריקע, וואָס מאַכן זיך לוסטיק:

—נידערטרעכטיקע! פשוט אויף מיינע פיס!... ווייז נישט, פארשווין מיינער!.. אין אַ שעה אַרום וועט מען דיר אָנטאָן די טעלער אויף די הענט!

ביי עווענע, ווו עס זענען שוין געשטאַנען נאָך צוויי אויטאָס צום איבערפירן די אַרעסטירטע, איז ספּי די רעצטע אַרויס פון דער באַוועגלעכער תפיסה. מען וואָלט איר זיכער אָן שום ווייטערדיקע פאָרמאַליטעטן אריינגעפּאַקט אין טורמע צוזאַמען מיט די אַרומטרייבערס און פראָסטיטוטקעס, וואָס מען קלייבט צונויף אין מאַרסעל יעדן אָוונט און מען האַלט זיי אין טורמע ביז אין דער פרי, ווען ס׳קומט פאַר דער פאַרהער און דאָס סאָרטירן—ווען נישט אַן אומגעהייער גליקלעכער צופאַל.

איינער פון די גרעסערע באַאַמטע האָט זיך צופעליק געפונען אויפן פלאַץ בעתן אויסשטייגן פון די אַרעסטירטע—געווען איז עס דער געהילף פון דער זיכערהייטס-מאַכט—און באַמערקנדיק ספּין איז ער געוואָרן איבערראַשט פון שמערץ-אויסדרוק אויף איר געזיכט און פון איר שטילער האַלטונג.

אריינפאַלנדיק לכתחלה אין די הענט פון די נידעריקע אַגענטן, וואָס פירן אויס געוויסנהאַפט אין בוכשטעבלעך די פאָרשריפטן פון געזעץ מיט אַלע זיינע פרטים—איז איר שפעטער געלונגען נישט האָבנדיק ווועגן דעם די קלענסטע אַנונג—ווייל די געשעענישן פון דאָזיקן אָוונט זענען פאַר איר געבליבן אונפאַרשטענדלעך אויף אייביק—צו ווענדן אויף זיך אין דאָזיקן קאָפּשווינדלדיקן טאַנץ פון די וואַנטורעס—די אויפמערקזאַמקייט פון אַזעלכע באַאַמטע, וואָס אינטערפּרעטירן דאָס געזעץ מיט אַ נעסער הומאַניטעט, אויסטיילנדיק געוויסע אומגעוויינלעכע פאַלן.

ס׳זענען גענוג געווען עטלעכע קורצע פראַגן.

באַלד איז געגעבן געוואָרן אַ באַפעל און גלייך האָט מען איר אויסגעטיילט פון דער פאַרפעסטעטער מחנה.

—מאָרגן באַלד אין דער פרי, וועל איך פאַראָרדנען זיך צו אינפאָרמירן אויף טאָרט-גאַס, און אויב ס'איז אמת דאָס וואָס איר זאָגט, וועט מען אייך גלייך באַפרייען.

ביים זעגענען זיך מיט איר האָט דער געהילף-דירעקטאָר צוגעגעבן:

— זאָל דאָס דאָזיקע מיספאַרשטענדעניש, וואָס איך באַדויער זייער, אייך ווייניקסטנס באַווייזן, אַז בנוגע צום געזעץ קאָן מען נישט שטענדיק אויסמיידן די געפאַר פון אַריינפאַלן אין אַ טעות.

אויף דעם אופן, אַנשטאָט צו זיצן אין טורמע פאַרשפּאַרט מיטן גאַנצן פינצטערן געזינדל, וואָס מען האָט אַהין אַריינגעפּאַקט נאָך פאַר איר אָנקומען—ווי ס'וואָלט געשען, ווען נישט דער קאַפּריז פון שיקזאַל—האָט זי איצט געהאַט די מעגלעכקייט זיך אַוועקצולייגן אויף אַ פּרימיטיוון געלעגער, אַן אימפּראָווי-זירטן פון אַ שטול מיט אַ טאַבורעטקע אין איינעם פון די וואַרט-צימערן.

אמת, זי איז נאָך געווען אַ געפאַנגענע, אָבער אונטער אַ גאַנץ לייכטער אויפזיכט—אַזוי, אַז אויפן אַנדערן מאָרגן האָט איר דער דעזשורירנדיקער אַגענט אפילו פראַפּאָנירט טיילן מיט איר זיין באַשיידענעם פרישטיק: אַ שטיק ווייס ברויט מיט אַ טעפעלע שאָקאָלאַד.

עס איז געווען אַ נאַכט פון פיינלעכן פאַרזינקען אין אַ תוהו-ובהו, אין אַ נירוואַנע פון וואַנען ס'האָט איר עט־עכע מאָל אַרויסגעריסן דער ציטער פון דערוואַכן... צען אַ זייגער האָט מען איר באַפרייט, ווייל מאַדאַם רוסטאַן האָט געגעבן וועגן איר די בעסטע אויסקונפט און איז זאָגאַר אליין נאָך איר געקומען.

ביידע צוזאַמען זענען זיי נאָך כפּיס באַפרייונג אַוועק אַהיים... איינאָטעמענדיק אַ צופרידענע די פרישע לופט פון וואונדער-באַרן פרימאָרגן, האָט ספּי נישט אויפגעהערט צו חזרן: „אין די אויגן פון געזעץ וועלכע אויגן, צי די, מיט וועלכע עס

משפט און פאַראורטיילט איינע, אָדער יענע, וואָס ער פאַרטיי-
דיקט און באַפרייט מיט זיי די אַנדערע?—אין אירע טרויעריקע
דערינערונגען האָט זיך דער ליאָרם פון די לעבנס-דורכברענער
ביי דער טיר פון באַר, צונויפגעגאַסן מיט די קולות און גע-
וויין פון דער אומגליקלעכער, וואָס מען האָט אוועקגעפירט
אין „סאָלאַטע-קאַרב".

# ז

צעבראָכן דורך דער גרויסער מאַסע עמאָציעס, נישט האָבנדיק נאָך אין מויל קיין לעפל וואַסער, האָט זי זיך געוואָלט צולייגן אויף איר בעט.

זי האָט זיך געשפּירט אין גאַנצן דערשלאָגן פון עפּעס אַ מין געהיימניספולן דרוק, וואָס דראָט איר נאָך פון אַלע זייטן פינצטערע שאַטנס, אומבאַמערקבאַרע, וואָס פאַרפאָלגן איר אָבער אויף שריט און טריט.

קומענדיק אַהיים האָט זי זיך דערוווּסט וועגן קוליבאַליס טויט, און זי איז לגמרי נישט געווען איבערראַשט.

געשטאָרבן איז ער אין מיטן דער נאַכט.

דער טויט הינטער דעם דערבייאיקן ווענטל האָט איצט אָנגעפילט די גאַנצע שטוב. פאַר אירע לעצטע כּאָר סו האָט ספּי באַשלאָסן צו קויפן אַ רויז און אַוועקלייגן זי אויפן טויטן קערפּער.

דער גוטער באַמבאַרע. אַ בעסערער פון אַ סך ווייסע, זיין קינדערלעכער שמייכל איז פאַרשוווּנדן פון פינצטערן, פאַרגליווערטן פּנים...

דער שאַרפער דעזינפעקציע־ריח, וואָס האָט זיך אַדורכגעריסן דורך די פאַרמאַכטע טירן האָט באַגלייט דאָס טרויעריקע בילד פון טויט. אַ מעלדונג פון דער באַנוכערן, אַז זי וועט

קומט נאָך איין מאָל... אפילו ביז א שטאַרק [illegible] — [illegible] דאָסעלבסטע פון ראַבינאָס קינדער איז געלעגן אין אַ שרעקלעכן פיבער — אויפן טובערקולאָזן באָדן — האָבן זיך די איבריקע שדים לגמרי באַרויקט און אוועקגעוואָרפן זייערע ווילדע שטיק.. אָבער ניין! ווידער קולות, אַ טומעריי מיט די פיס... ווי איז דאָ מעגלעך איינצושלאָפן!

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן איבערגעדרייטן קעסטל,— דער איינציקער שטול אין איר קאַמורע, און זיך גענומען איבערלייענען דעם בריוו, וואָס זי האָט, נישט געקוקט אויף איר גאַנצער צובראָכנקייט, געוואָלט גלייך אָנשרייבן דעם פּאַטער... אַ דאַנק דער אויפריכטיקייט פון איר ווידוי, און דעם אָפנהערציקן זיך מודה זיין אין אַלץ, וואָס זי איז דורכגעגאַנגען ביזן איצטיקן מאָמענט,וועט ער איר אָן שום ספק מוחל זיין, ווייל ער האָט איר דאָך ליב... און ער וועט זיכער איר באַדויערן.

ביים דאָזיקן געדאַנק האָט זי פּלוצלינג דערשפירט אַ שטאָך פון געוויסן... און באַלד טאַקע אַ צווייטן, זיך דערמאָנענדיק אָן יענעם, וואָס זיין אָנדענקונג האָט זי גאָר וואָס איינגעפּאָסן אין וואַליזע, צוזאַמען מיט דער גרינער קאַרטע,— צי דען פאַרדינט ער נישט מער רחמנות ווי זי?... ניין! אין משך פון לאַנגע מאָנאַטן שפירט נאָך אַזאַ פּיצעלע לגמרי גאָר נישט—ווייל די איינדרוקן דערגרייכן נישט צו זיין באַוווּסט זיין... עס זענען נישט מער ווי רעפלעקסן פון באַרירונגען, וואָס קיין פרגערע, אין וועלכע זי לעבט איצט, קאָנען שוין גאָר אויף דער וועלט נישט זיין.

שפּעטער, אפשר שפּעטער...

עס האָט זיך דערהערט אַ לייכטער קלאַפּ אין טיר.

זי האָט זיך געשווינד אַן הויב געטאָן, געעפנט און איז אָפּגעשפּרונגען צוריק זיך רויטלענדיק פון פאַרגעניגן.

—דאָס זענט איר? קומט אַריין.

עס איז געווען סימאָן בעטו. נאָר וואָס, אויסלאַדנדיק זיין שיפּצל, האָט ער זיך דערוווּסט, אַז זי האָט אים געזוכט ביים פּאָרט... ער איז זייער נייגעריק צו וויסן וועגן

האָס... ער איז נ... ...ען זיך דערוויסן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך און גלייכצייט׳ איר איבערגעבן אַ גוטע נאַכריכט.

זי וואָלט עס געוווסט מיט צוויי טעג פריער, ווען ער זאָל נישט געווען דאַרפן פירן דידאַזיקע ענגלענדער אויף קאַפּ-סיסיע... רעדנדיק האָט ער זיך צוגעקוקט צו די הוילע ווענט פון דאָזיקן פינצטערן ווינקל, צום גרויסן דלות.

—נישט קיין שטאַרקע עשירות, וואָס?—האָט זי זיך געוויצלט, שמייכלענדיק האָט זי אים אָנגעוויזן אויפן אומגעדרייטן קעסטל.

—אָט איז מיין שטול. זעצט זיך.

אַליין האָט זי זיך אַוועקגעזעצט אויפן ראַנד פון בעטל, און פאַרטרוילעך אויסגעגאָסן פאַר אים דאָס גאַנצע האַרץ.

ער האָט זי באַטראַכט מיט מיטפילנדיקע בליקן, דרייענדיק דעם מאַטראָזן-בערעט אין זיינע אויסגעצהאָרעוועטע הענט און זיך צוהערנדיק מיט אַ זיכטבאַרן פאַרגעניגן צו אירע דערציילונגען און ווייקלאָגן.

—וואָס אַנבאַלאַנגט איר נעכטיקער בקשה, איז זי שוין נישט אַקטועל, ווייל זי האָט אָפּגעגעבן דאָס קינד אין פינדלהויז.

ער האָט בלויז געמאַכט אַ הילפלאָזן זשעסט; צוזאַמען מיט דער האַרטקייט און העלדישקייט, וואָס די געפאַר אַנטוויקלט עוויינלעך ביים ים-מענטשן, האָט נאָך סימאָן בערטו אויך פאַרמאָגט די רעזיגנאַציע פון באַשיידענע, קעגן דעם אומברחמנותדיקן שיקזאַל.

אויפגעהייטערט אין אַ געוויסער מאָס, דורכן אומגעריכטן וויזיט, האָט זי איצט נישט געקלערט וועגן קיין שום זאַך, אויסער דער אָנגענעמער נאַכריכט, וואָס ער האָט איר געבראַכט.

—וואָס איז עס אַזוינס?

—אָט וואָס. אַ פּאָסטן אויפן פיש-מאַרק, אַלס פאַרקויפערין. די פרוי, וואָס האָט ביז אַהער מיטגעהאָלפן מיין קוזינע, איז פּלוצלינג קראַנק געוואָרן. איך האָב אויך רעקאָמענדירט דער

פרוי שונע... אויב איר ווילט, קאָן איך מיט אייך אַהין גיין, און פון מאָרגן אָן קאָנט איר שוין אָנהויבן אַרבעטן אין דער חיווּאַ-האַלע. עס גייט?

—וואָס פאַר אַ פראַגע? נאָך ווי! איך בין אייך זייער דאַנקבאַר, איר ווייסט!

זי האָט געהאַט חשק זיך וואַרפן אים אויפן האַלז, זי האָט אָבער נישט געוואַגט.

ער האָט באַמערקט איר אינטענציע, און אַליין אויך אַ ביסל צעטומלט—כאָטש ער האָט זיך תמיד מיט פרויען געהאַלטן אָן שום צערעמאָניעס—איז ער אויפגעשפּרונגען, געשטעלט זיך פאַר איר, נישט ווויסנדיק אַליין וואָס צו זאָגן:

—מיר מוזן איינער דעם צווייטן העלפן. איך בין צופרידן, וואָס עס מאַכט אייך פאַרגעניגן.

—נאָך ווי, איר שטעלט זיך עס אפשר גאָר נישט פאָר.

סוף כל סוף האָט זיך דאָך עמיצער פאַראינטערעסירט! און טאַקע דער, פאַר וועלכן זי האָט אַ געוויסע סימפּאַטיע... אַ זיסער געפיל, וואָס געפינט אַן אָפּקלאַנג—זי האָט עס געשפּירט—אין האַרצן פון פּאָרט-אַרבעטער... אַן אומפּרעציזירטער פאָרשלאַג נישט געגנוג דייטלעך פאָרמולירט, וואָס זי, די עלנטע, מיט איר טיפן ראַפינירטן כאַראַקטער, האָט אָבער גלייך אָפּגעשאַצט זיין גרויסן ווערט און אים אַקצעפּטירט... אַ פריינטשאַפט, פאַר וועלכער זי האָט געמאַכט אַ פּלאַץ אין איר נשמה, ווו עס האָט נאָך ערשט וואָסער צוליב איר אינערלעכער פאַרצווייפלונג, געהערשט אַ ווילדע שנאה.

—איז נויטיקט זיך נישט אין קיין שום זאַך ביז מאָרגן? ווייל פרוי שונע וועט עס אייך אַליין זאָגן—איר וועט באַקומען געצאָלט פאַר יעדן טאָג.

—ניין, איך דאַרף גאָרנישט,—האָט זי געשווינד אַ זאָג געטאָן.

זי האָט מורא געהאַט ער זאָל נישט קלערן, אַז זי וויל אים דערווייל אויסנוצן. איר שטיקל טרוקן ברויט וועט איר היינט שמעקן אַ סך בעסער אין דער זיסער האָפנונג אויף מאָרגן...

א פריילעכע האָט זי איצט גערעדט וועגן אים, וועגן זיך און מכּוח גאַנץ געוויינלעכע וואָכעדיקע אינטערעסן. אַלץ ארום האָט איצט מיטאַמאָל אָנגענומען לגמרי אַנדערע פאָרמען, ביים שיין פון דאָזיקן פייער, וואָס האָט זיך אָנגעצונדן אין זייערע הערצער און דייטלעך זיך אָפּגעשפּיגלט אין זייערע אויגן. זיי האָבן פאַרגעסן אָן די טרויעריקע ווענט, אָן זייערע ליידיקע טאַשן, אָן שווערן ביטערן לעבן און אָן טויט אין דער־בייאיקן צימער. זיי האָבן פאַרגעסן אפילו אין זיך גופא, זיך אָפּשטעלנדיק—לעת-עתּה יעדערער באַזונדער—פאַרן פאַרכשופטן גאָרטן און זיין פאַמעלעך זיך אויפעפענענדיקער טיר.

די צימער-טיר האָט זיך האַסטיק אָן עפן געטאָן פון א גערוועזן האַנט-שטויס.

עטיענעטע האָט זיך אַריינגעריסן ווי א שטורם-ווינט א פאַרבלופטע איז זי שטיין געבליבן:

—הע, הע! דאָ איז עמיצער דאָ!—און זי האָט זיך נישט בעקאָנט איינהאַלטן נישט אויסצושרייען מיט אַן איראָנישן טאָן: א!

—דו שטערסט נישט!... סימאָן בערטו, דו ווייסט דער וואָס איז געווען שטענדיק אַזוי פריינטלעך... מיין פריינדין... טיענע דוסטאַן.

מיט א קאָמישן זשעסט האָט עטיענע אַראָפּגענומען איר הוט, זוכנדיק מיט די אויגן אַן אָרט וווּ אים אַוועקצולייגן... אונטערן טיש, אויף דער ערד.

—איצט בין איך זיכער, אַז קיינער וועט אויף איר נישט אַרויף מיט די פיס! איר פאַרשטייט,—האָט זי זיך געווענדט צום יונגן מאַן,—זינט איך קען איר האָב איך נאָך קיינעם ביי איר נישט געזען. דעריבער בין איך אַזוי אַריין ווי צו זיך אַהיים.

—און איר האָט זייער גוט געטאָן,—האָט סימאָן פריילעך א זאָג געטאָן.

ער האָט געשפּירט א געפיל פון דאַנקבאַרקייט פאַר דעם־דאָזיקן מיידל, וואָס האָט אים, נישט וועלנדיק, פּרעציזירט אַן

אָנגענעמע זיכערקייט. ער האָט זיך אויפגעהויבן און געוואָלט אוועקגיין, אָבער ספּי האָט אים אויפגעהאַלטן.

—בלייבט נאָך אַ ביסל.

ווידער האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויפן קעסטל, און עסיע-נעטע, זיצנדיק אויפן בעט צוזאַמען מיט איר חברטע, האָט זיך אַ שטאַרק אויפגעמונטערטע כסדר געוויצלט.

—היינט מוז איך דיך אויך מאַכן לאַכנדיק!

ספּי האָט איר אַ ווייז געטאָן אויפן ווענטל, וואָס דאָט זיי אָפּגעטיילט פון קוליבאַליס טויטן קערפּער. טיענע האָט אָנגע-הויבן רעדן שטילער.

—אים איז שוין אַלץ איינס! ער שפּירט שוין גאָרנישט.. דאָס איז אייגענטלעך דאָס בעסטע, וואָס מיט אים האָט געקאָנט געשען... דאָס לעבן, אַך! לאָז לאָז!

—נישט געקוקט אויף אַלץ,—האָט ספּי באַמערקט,—זעסטו היינט אויס אַסך צופרידענער? שוין אין אָרדנונג?

זי האָט דערקלערט סימאָנען בערטו, אַז עטיענעטע האָט זיך אָפּגעזאָגט פון איר פּאָסטן ביי דער פּאַרפום-הענדלערין, וווּ זי האָט פריהער געאַרבעט, און טרעט היינט אַריין אַלס קאַסי-רערין אין אַ באַר-רעסטאָראַן...

—צי איז אַלץ אין אָרדנונג? אויפן בעסטן אופן. מערק-ווירדיק, וואָס ס'קומען פּאָר פּאַראַ איצידענטן. איך קום אהין היינט 11 אַ זייגער אין דער פרי; איך זעץ מיך אַוועק ביי מיין אַר-בעטס-טיש מיט אַ באַשיידענער אָבער עלעגאַנטער מינע. דער פּאַט-ראָן, שטעל דיר פאָר אַ גראָבער חזיר מיט לאַטאָ-קויקיקעך אָנ-שטאַט אויגן—דרייט זיך שוין אַרום מיר. גלייך האָב איך זיך אַ קלער געטאָן—יאָ, מיין טייערער, איך ווייס שוין מיט וואָס פאַר אַ פּראָפּאָזיציע דו ווערסט צו מיר קומען אין איינעם פון די נאָנטסטע טעג....

—איר קאָנט גוט רעכענען!—טוט ער מיר אַ פרעג מיט אַ בעסטער שטים.

—יאָ, מיין הער,—ענטפער איך מיט אַ זייער פריינטלעכער

מינע.—ווען דו זעסט מיך אין יענעם מאָמענט וואָלסטו זיכער געפּלאַצט פון געלעכטער.

—איז עס באמת אַזוי?—און נעמענדיק אַ בלייפעדער, שרייבט ער אויף אַ פּאַפּיר—10 30 40 20...—לאָמיר זען, מאַכט מיר דעמדאָזיקן חבור... נו, חכם מיינער, קלער איך מיר, אַ שווערע אויפגאַבע עס לוינט זיך צו ברעכן דעם קאָפּ. און פייערלעך שרייב איך אויף אונטערן שטריך 100 מיט שטאָלץ וואַרט איך אויף זיינע קאָמפּלימענטן פאַר מיין געשיקטקייט און קענטעניש.

—איך האָב עס פריער געוווּסט—מאַכט ער.

און צו מיין גרעסטער פאַרווּנדערונג קוקט מיר דער נפש אָן כמעט מיט פאַראַכטונג.

—איר קאָנט נישט רעכענען—טוט ער אַ זאָג.

—וואָס הייסט? דו קאָנסט זיך פאָרשטעלן מיין צורה אין יענעם מאָמענט!

און ווענדיק באַווייזן ווי זי האָט דאָן אויסגעזען, בלייבט עטיענער שטיין מיט אַן אָפענעם מויל און אויסגעגלאָצטע אויגן.

—עס איז נישט אַזוי.—נישט אַזוי? חזר איך איבער—אָבער זייט מוחל! און איך האַלט זיך פעסט ביי מיינס: 20 און 40 איז 60.—ער האָט מיר איבער דאָס וואָרט—20 און 40 איז 70 און 30 איז 120 און 10 איז 140, ווייניקסטנס דאָ, ביי אונז, איז עס אַזוי.

און נישט געקוקט אויף מיין שטוינען,—פרעגט ער זיך אַ בער:

—איר האָט פאַרשטאַנען, צי נאָך אַלץ נישט?

צי איך האָב פאַרשטאַנען?... ווי קלערסטו? און ווידער האָט ער מיך אָנגעהויבן עקזאַמענירן, און איך שווער דיר, אַז דאָ מאָל איז ער שוין געבליבן צופרידן.

און אויב עס וועלן זיין וועלכע נישט איז רעקלאַמאַציעס, וועל איך אייך אויסידלען דעם קליענט אין די אויגן און

איר טאָרט דעמאָלס דאָס מויל נישט עפענען: פאַרשטאַנען? באַווייזט אייער חכמה, מאַכט נישט קיין טעות אין חבור בעת עס קומען פאַרבעטענע געסט, איר פאַרשטייט צי נישט? נו, וואָס זאָגט איר אויף אַזאַ מין מעשה?

—אָבער עס איז דאָך פשוט גניבה!—טוט אַ זאָג ספּי, אַן אויפגעקאָכטע.

— פראָסט פשוט! און דערפאַר צאָלט ער מיר קיילעכדיקע פינף הונדערט פראַנק אַ חודש, קיין איין סו נישט מער. איך וועל אָבער אַרויסרייסן ביי אים אַ טייל פון דער צוגעקומענער הכנסה, קוים האָט ער מיך אויסגעלערנט צו רעכענען לויט זיין טעאָריע. איך וועל מאַכן טעותים ניעט בלויז אין די חשבונות פון די קליענטן.

באַלד איז זי אָבער געוואָרן אומעטיק וואָס פלעגט לעצטנס מיט איר פּאָרקומען גאַנץ אָפט—און איר געזיכט האָט אָנגענומען אַ פאַרביטערטן אויסדרוק.

—צן! ווען איך זאָל זיך איצט אַזוי נישט נויטיקן אין געלט, וואָלט איך אים גלייך אָנגעשפּיגן אין צורה!—און וואַרפענדיק אַ צוטרוילעכן בליק ספּין, האָט זי צוגעגעבן.

—ער האַלט זיך פעסט, דער שרץ... אויף אים אַרויסצופטרן פאָדערן זיך גרויסע אָרגיעס!.. נו, איך מוז זיין. איך האָב בלויז איין פרייע שעה.-זאָג דער אַ־טער, אַז איך קאָן ד־היינט נישט קומען איר פאַרבייטן ביים טויטן נעגר, פריער ווי האַלב צוועלף ביי נאַכט, ווען די קליענטן ווערט ענדליך מיאוס ווערן צו שכורן אויף ווידערזען, מיין הער!

זי האָט געדריקט די האַנט פון גאַנס און זיך צעקושט מיט ספּין.

—וואָס מען איז אַלץ געצוואונגען צו טאָן, כדי צו פאַרדינען דאָס שטיקל ברויט!.... הער, וואָס מיר איז איינגעפאַלן. דו זוכסט דאָך אַרבעט! אויב דו וועסט ביז יענער צייט גאָר נישט געפינען, וועסטו מיך פאַרבייטן אויף דער צייט, וואָס איך וועל זיין ביי דער אַלטער קוימען-קערערין.

—דאָס שוין קיין מאָל נישט! איך וואָלט זיך אַזוי געטריי-

פעלט דערלאַנגענדיק די ערשטע רעכענונג, אַז מען וואָלט מיך גלייך געכאַפּט ביי דער האַנט. אויסער דעם האָט סימאָן גע-זאָגט פאַר מיר אַרבעט, דעריבער איז ער טאַקי אַהער געקומען...

—אויב אַזוי האָט זיך היינט דיין לאַגע ענדלעך געבע-סערט. אַ סוף צו די צרות!

זי האָט אַ נעם געטאָן איר הוט און איז אַרויס אונטער-זינגענדיק:

—אַך! זאָג מיר יאָ!.. אַך, זאָג מיר ניין!.. אַך, זאָג מיר צי האָסטו מיך ליב...

די יונגע מענטשן זענען געבליבן שטיל. דער צויבער אַרום זיי האָט געפּלאַצט.

ספּיס געזיכט האָט צוריק באַקומען זיין פיבערהאַפטן אויס-דרוק, וואָס איז אויף אַ ווײַלע פאַרשוווּנדן געוואָרן... דער פּאָרט-אַרבעטער האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער.

—אפשר וועלן מיר גלייך גיין צו פרוי שונע?

—מען קאָן גיין, אָבער איין מאָמענט! איך וויל בלויז איבערגעבן די דאָזיקע גוטע נאַכריכט מיין פעטער. פאַר איינער קומען האָב איך אים אָנגעשריבן וועגן מיינע לעצטע איבערלע-בענישן און געבעטן מיר תיכף צו צו שיקן וועלכע נישט איז דאָקומענטן, אַ געבורטס-מעטריקע, אָדער עפּעס ענלעכעס. איך וואָלט נישט וועלן,—האָט זי צוגעגעבן מיט אַ טרויעריקן שמייכל —איבערלעבן נאָך איינמאָל די טראַגי-קאָמעדיע פון דער היינ-טיקער נאַכט.

זי האָט גלייכצייטיק געשריבן און גערעדט.

—ער וועט זיין גליקלעך זיך דערוויסנדיק, אַז סוף כל סוף האָב איך דאָך געפונען אַרבעט! איר וועט זען, וואָס פאַר אַ מענטש ער איז, ווען איר וועט זיך מיט אים נענטער באַקענען! מען מוז אים ליב קריגן... אַזוי! זי האָט פאַרמאַכט דעם בריוו—און פּלוצלונג געבליבן שטיין אַ צעטומלטע, זיך דערמאָנענדיק אַז זי האָט נישט אויף קיין מאַרקע.

—גיט אַהער, איך וועל עס באַזאָרגן אויף דער פּאָסט!

— ער האָט פאַרשטאַנען דעם ענין, געוואָלט איר פאָרלייגן אַ הלואה ביז מאָרגן, ער איז אָבער געפאַלן אויף אַ המצאה ווי אַזוי בעסער אויסצומיידן דידאָזיקע קיצלדיקע פראַגע.

—היינט זענט איר מיין גאַסט צום מיטאָג... יאָ! יאָ! זאָגט מיר נישט אָפּ, איך בעט אייך.

זי איז געווען גערירט.

—זייער גערן.

זיי זענען אַרויס פון צימער. אין פאָרהויז האָט זי אים אָפּגעשטעלט.

—איין מאָמענט, איך וועל נאָר אַ בליק טאָן, צי מאַדאַם רוסטאַן איז שוין צוריקגעקומען... גייט, איך וועל אייך אָניאָגן אויפן גאַס. ביי דער ווירטין איז אָבער נישט געווען קיין לעבעדיקער נפש. דערנאָך איז זי אַריין אין צימער צו קולובאַלן, וועלנדיק אים זען דאָס לעצטע מאָל איידער מען וועט אים אַריינלייגן אין טרומנע, ווייל מאָרגן שוין זייענדיק באַשעפטיגט אויפן נייעם פּאָסטן, וועט זי אפילו נישט האָבן די מעגלעכקייט גיין צו זיין לויה...

די רויז איז נאָך געווען פריש אויף דער טרויעריקער געזיכטס-מאַסקע... אין ספּיס האָרץ האָט אויפסניי אויפגעוואַכט אַזאַ שטאַרקע באַדערפעניש ווידער זיך פונאַנדערצובליען, אַז אַוועקגייענדיק פון דאַזיקן זיך אויפלייזנדיקן קערפּער, פון טויט, וואָס האָט אָנגעפילט דאָס גאַנצע עלנטע הייזל—האָט זי נישט ווילנדיק, ווייכער געמאַכט דאָס שוידערהאַפטע בילד, אַרויסטראָגנדיק פון דאָרט בלויז אַ רחמנות-געפיל, צעצויפגעמישט מיט אַ דרייסטער האָפענונג. עס איז געווען דער ערשטער ציטער פון די פאַרשטיקטע קרעפטן, וואָס האָבן זיך ווידער געריסן אַרויס צו שטרוימען ווי אַ קוואַל. אַ לעבנס-ציטער

פון דער טריומפירנדיקער יוגנט... לעבן דערזייט פון דער סימאָ-
נען האָט איר מאַרסעל צום ערשטן מאָל פאַר דער גאַנצער
צייט, אויסגעזען שיין. זיי האָבן געשפּרייזט מיט זיכערע טריט.
די זון האָט זיך אָראָפּגעלאָזן, אָבער אירע שטראַלן זענען גע-
פאַלן אויף ספין, איר געוואַרעמט, און געצערטלט מיטן אָפּ-
גלאַנץ פון דער אַגגט-רוזיטקייט.

## 8

—זעט נאָר, וואָס פאַר אַ שיינער פיש!.. נאָר וואָס געכאַפּט, לעבעדיקע צאַפּלדיקע פיש! פרישע לעבעדיקע לאַנגוסטן, ווער דאַרף מושלען, וואַסערגעוויקסן, ים-גראָז? די בעסטע מינים! קויפט, קויפט, קונים!

די קוישן פון וועלכע עס רינט נאָך דאָס ים-וואַסער ווערן ביסלעכווייז ליידיק—גאַנצע שטויסן—רויזע, גרויע, גרינע, רויטע, זענען אָנגעפּאַקט איינער אויפן אַנדערן אויף די שטיינערנע טישן, דער ריח פון פיש און וואַסער-געוויקסן פילן אָן דעם חלל פון דעם צו קליינעם בנין, ווו עס טומלען גאַנצע מחנות קונים.

צווישן ליאַרם פון דער מענטשן-מאַסע און די פאַרשידענע קולות, קלינגט אויך ספּיס שטים אַ הילכעדיקע, וואָס הערט זיך בעסער פון אַלע איבעריקע.

די פרוי שונע האָט זיך שוין ממש אָן איר גישט געקאָנט באַגיין.

שוין גאַנצע צוויי מאָנאַט ווי ספּי איז ווידער געוואָרן אַ טיכטיקע, פשוטע פויערטע. אַ זאַמלערין פון ים-יעזשן, אַ פאַרשפרייטערין פון ים-נעצן—און איז אינגאַנצן אויפן אָרט.

מען האָט געדאַרפט זען, ווי שטייענדיק פעסט אויף די פיס, ליידיקט זי אויס אויף דער באַנק גאַנצע קוישן, לייגט פון

באַנדער, סאָרטירט, צעטיילט געשיקט די סחורה אויף חלקים און רופט די קונים. כמעט שטענדיק פלעגט זי די ערשטע אויספאַרקויפן די סחורה, באַוויזן גרינדלעך ריין צו מאַכן אַלץ אַרום און צוגרייטן אויף מאָרגן — בעת אַלע איבעריקע האָבן זיך נאָך געריסן די העלדזער.

נאָך דער האַנדלונג, וואָס האָט איר אויפגעגעבינדן די הענט, האָט זי זיך כאָטש ווען נישט איז זיך געקאָנט איינרעדן, אַז די פאַרגאַנגענהייט עקזיסטירט נישט מער — ווען נישט דידאָזיקע ביטערע צו־שנעלע אַנטוויקלונג, די צו פריע רייפקייט, אַ דאַנק אירע איבערגעלעבטע שווערע ליידן.

אין גרונט גענומען פלעגט זי אָבער זאָגן, איז עס גאָר נישט אַזוי שלעכט, אָן דעם אַלעם וואָלט איך זיך קיין מאָל נישט אויסגעלערנט לאָגיש צו דענקען, וואָלט איך געבליבן אייביק געפאַנגען און פאַרשקלאַפט.

פראַנסואַ? דער אומבאַקאַנטער? איצט האָט זי וועגן זיי געקלערט מיט אַ סך קלענערער פאַרביטערונג.

איר גייסט, אירע געפילן האָבן זיך פאַרויקט, אַ דאַנק דער טעגלעכער אַרבעט און דעם באַפרידיקן די פיזישע באַדערפענישן, ווען זי האָט עס נויטיק געהאַט. סימאָן איז באַלד געוואָרן איר פריינט.

זי האָט זיך נישט באַמיט אַרויסצורייסן פון דער נייער סביבה, וווהין דער גורל האָט איר איצט צופעליק אַריינגעוואָרפן. נישט צוליב דעם, ווייל זי האָט זיך דאָ גוט געשפירט. ניין! נאָר ווייל זי האָט געפונען, אַז אויך דאָ גראָבט אונטער דער דלות, דאָס לעבן פון די אומגליקלעכע פרויען, וואָס רינגלען איר אַרום — איר קאָמפּליציטקייט, איר מיטליידספּול האַרץ האָבן אַנטוויקלט אין איר אַ שטרעבן זיך אַ נעם צו טאָן פאַר דידאָזיקע פרויען, אויפצוטרייסלען זייער פאַרטעמפּטקייט, אויפקלערן זיי און אויפוועקן זייער מענטשלעכן באַוווסטזיין.

זיך צוקוקנדיק צום אומגליק, ווי זיי זענען פאַרוואָרפן מיט קינדער, נישט האָבנדיק קיין געלט אויף גיין צו אַן אַקושערין און זיך באַפרייענדיק פון דער לאַסט צווישן זיך — העל-

פּענדיק איינע דער צווייטער—נישט וויכטיק ווי אַזוי און מיט וואָס פאַר אַ מיטלען — ביז צו אַ גאָרסעט-בענדל — ווי יענע מיידל וואָס זי האָט ערשט פאַרביטן ביי פרוי שונע, וואָס וועגעטירט איצט ערגעץ ווו אינגאַנצן אַ צעקאַליעטשעטע!

ספּי האָט זיך גענומען זיי אויפקלערן, עפענען די אויגן אָבער מיינסטנס איז עס איר נישט געלונגען—עס האָט נישט געהאָלפן—נישט קיין באַוויז, נישט קיין חוזק מאַכן. בלויז ווייניקע האָבן אָנגעהויבן זיך צוצוהערן צו אירע ווערטער. די איבעריקע פאַרטעמפּטע, פאַרעקשנטע, האָבן ווייטער פאַסיוו געוויטאָקט און געליטן — אָפּוואַרפנדיק די סאַמע איינפאַכסטע מיטלען.

איינע פון זיי, די סאַמע אינטעליגענטע פון אַלע, וועלכער זי האט געבאָרגט די בראָשור, וואָס דער פעטער האָט איר מיטגעגעבן „פרייע ליבע—פרייע מוטערשאַפט“, האָט עס איר צוריקגעגעבן מיט די ווערטער:

—איך האָט עס נישט דורכגעלייענט ביזן סוף, עפּעס איז עס פאַר מיר צו קלוג, צו וויסנשאַפטלעך!..

די דאָזיקע אַפּאַטיע, דאָס דאָזיקע שיטן מיט קינדער, וואָס איז פּשוט געוואָרן אַ רוטינע, פון וועלכער עס האָבן אַמייסטן געליטן די פרויען גופא,—האָט איר ממש אַרויסגעבראַכט פון די כלים!..

אויסער דעם האָט זי גאַנץ גוט דערשפּירט איר איינזאַמקייט.

עטיענעטען האָט זי איצט כמעט נישט געזען, ווייל זי פלעגט קומען אויף טאָרט-גאַס—אויב זי האָט זיך בכלל אַהין אַריינגעכאַפּט—ערשט עלף אַ זייגער ביינאַכט, ספּי פלעגט אָבער איצט אויפשטיין דריי פאַרטאָג.

זיי האָבן זיך געקאָנט באַגעגענען בלויז נאָכמיטאָג. אָבער נאָכן פּיש-מאַרק פלעגט ספּי גיין צום פּאָרט-אַרבעטער, ווייל זי האָט אויף זיך גענומען די פליכט צו האַלטן אין אָרדענונג זיין צימער און זיינע קליידער. זייער אָפּט האָבן זיי אויך צוזאַמען געמיטאָגט.

—זע, גיב אַכטונג אויף די פרוכט פון בעט-האַלק,—האָט איר עטיענעטע געעצהט, דערשפּירנדיק אַלס מבין, אין סימאַ-גען ספּיס קינפטיקן ליבהאָבער.

שפּעטער האָט ספּי אַוועקגעפירט איר פריינדין צו דער גראָז-הענדלערין—וועלכע האָט צייטנווייז אויך פּראַקטיצירט אַלס אַקושערין—ווייל טיענע האָט ענדלעך באַשלאָסן, ווי זי האָט זיך אויסגעדריקט „לאָזן זיך רייניקן“.

אין געשעפט איז נישט געווען קיינער אויסער דעם מאַן—אַ געוועזענער אַפּטייק-שילער, וואָס איז שפּעטער געוואָרן אַ דראָגיסט — אַ מין פאַרהושטער מאַן, וואָס האָט כלומרשט גע-שפּילט די ראָל פון אַ שאינו יודע לשאול.

—איך ווייס נישט, וואָס ווילט איר אייגנטלעך זאָגן. די אינהאַבערין איז קראַנק, ליגט צו בעט, קומט אין אַ פופצן טעג אַרום.

—אַ מין שלים-מזל! וואָס וועט פון מיר ביז יענער צייט ווערן!—האָט עטיענעטע אויסגעשריגן, אַ בלייכע ווי קאַלך.

ספּי האָט איר איינגערוימט אין אויער מאַדאַם עקקאַרט-פיגס אַדרעס, און אויפן נערוועזן געזיכט האָט זיך ווידער אָפּ-געשפּיגלט דער שיין פון אַ גוטער שטימונג. אָבער מיר מוזן ווייניקסטנס אַ נעם טאָן דאָס וואָס מיר דאַרפן שוין איצט האָבן.. צום שרייבן! האָט זי דערקלערט מיט אַ געלעכטער, און דער עקס-אַפּטייקער האָט זיי אָנגעקוקט מיט אַ תמעוואַטן בליק. זי האָט אַליין אויפגעזוכט דאָס וואָס זי האָט געדאַרפט האָבן, וויסנדיק זייער גוט ווו עס געפינען זיך די קרייטעכצער פאַר אַן אומגעפערלעכער שפּיל.

דער גראָז-הענדלערין האָט לגמרי מיט אַ גלייכגילטיקער מינע פאַרפּאַקט אין פּאַפּיר דאָס וואָס זי האָט אויסגעוויילט. אויב די אַנטי-שוואַנגערשאַפטס-פּראָפּאַגאַנדע איז געווען פאַר-באָטן—איז אָבער דער פאַרקויף פון פּרעזערוואַטיוון קעגן דער ריזיקע קראַנק צו ווערן, געשטאַנען אונטערן שוץ פון געזעץ.

אויף דעם אוכן האָבן די סוחרים, ווי די קונים, האַנדלענדיק קעגן געזעץ, דאָך געגאָסן פון זיין שוק.

—עס ווילט זיך מיר לאַכן זיך צוקוקנדיק צו די דאָזיקע אידיאָטישע פאַרבאָטן,—האָט אַ זאָג געטאָן עטיענעטע אַרויסגייענדיק פון געוועלב...—מען מאַכט דאָך פשוט פון אונז חוזק!.. קודם כל די וואָס האַלטן אין איין שרייען : „דאָט קינדער" האָבן זיי אַליין אַמווייניקסטן ! גיי נאָר, טו אַ פרעג ביים פרעזידענט פון דער רעפּובליק, וויפל האָט ער קינדער. ער איז דאָך אפילו נישט קיין פאַרהייראַטער !—אויב אַזוי ? און אַלע בורזשויען, וויפל פטרן זיי אַוועק—עס איז איבעריק צו זאָגן ! פאַרוואָס זשע זאָלן מיר נישט נאָכטאָן זייער ביישפּיל ?

ערשט שפּעטער האָט זיך ספּי דערוווּסט דורך מאַדאַם רוסטאַן, אַז אַ דאַנק דער פרוי עסקאַרטפיג האָט זיך עטיענעטע באַפרייט פון איר פעקל.

—אָבער.—האָט די אַלטע צוגעגעבן—היט זיך פון אַזעלכע עקספּערימענטן !.. מיין טאָכטער האָט דערביי אַ סך מער געליטן ווי ביי אַ געבורט. און ביז אויף היינטיקן טאָג איז זי נאָכנישט מיט אַלעמען.

—זיי רויק, מער ווען עס מיט מיר נישט געשען!

אויב זי פלעגט אָפטמאָל מיטן גוטן ווילן בלייבן נאַכטיקן ביי סימאָנען—האָט זי יעדן מאָל זיך באַנוצט מיט די זיכערסטע פאַרהיטונגס-מיטלען. איבעריקנס האָט זי נישט געשפּירט צום פאָרט-אַרבעטער קיין אַנדער געפיל ווי דאַנקבאַרקייט. די שכרות וואָס האָט זי לכתחלה פאַרכאַפּט—און מיט וועלכער עס האָט זיך אין אַ שטאַרקער מאָס צענויפגעמישט די דערינערונג אָן איר ערשטער ליבע, די דערינערונג אָן ים און פראַנסואַן — דידאָזיקע שכרות איז נישט געווען מער ווי אַ פלאַקער פון אַ בינטל שטרוי.

דאָס, וואָס זי האָט אַממייסטנס ליב געהאַט מיט סימאָנען זענען גאָר געווען די זונטיקדיקע שיף-אויספלוגן, דאָס באָדן זיך אויפן אָפענעם ים, דאָס אומבאַשרייבלעכע פאַרגעניגן איינצואָטעמען די פרישע ים-לופט, דער קאַמף מיט די וועלן און

דעם ווינט-שטורם... ס'בעט? גוט בלויז אין געוויסע צייטן. און זי פלעגט דעריבער באפרידיקן איר ליידנשאפט, אויסשליסלעך בעת זי האט געפילט דערין א באדערפעניש, אבער אן שום עקסצעסן, פונקט ווי זי האט געשטילט איר הונגער אדער דורשט.

באטראכטנדיק סימאנס אפנהארציקייט און איבערגעגעבנ-קייט, האט זיך איר זייער געוואלט זיין מיט אים נאך צערט-לעכער, אנערקענענדיק מיטן גאנצן הארצן, אז טאקע נאר אים האט זי צו פארדאנקען איר ווידערגעבורט, איר תחית-המתים.

קיין ליבע פון איר זייט איז עס אבער לחלוטין נישט געווען. אויסער דעם האט זי בשום אופן נישט געוואלט איינ-גיין אויף זיין פארשלאג זיך איינצוארדענען מיט איר צוזאמען נישט געקוקט אויף זיין אומאויפהערלעכן בעטן.

—דער פעטער באזעצט זיך קורצלעך אין מארסעל. ער שרייבט מיר, אז ער ווארט פון טאג צו טאג, אויף זיין נייע באשטימונג. איך קאן אוממעגלעך דערפילן דיין פארלאנג. אוי-סערדעם וויל איך אומבאדינגט בלייבן א פרייער מענטש.

זעענדיק ווי אנדערע פוצן זיך צו איר צו, איז ער גע-ווארן שטארק אייפערזיכטיק און געפאדערט זי זאל אים צושווערן אייביקע טריישאפט.

דערויף האט זי אים אבער געענטפערט:

—דאס איז לגמרי נישט וויכטיק. דער עיקר איז נישט זאגן קיין ליגן און בלייבן ריין.

זייער גערן האט ער געוואלט האבן מיט איר א קינד. אפשר טאקע אלס מיטל איר מער צוצובינדן.

אבער נישט קוקנדיק אויף דעם, וואס נאכן צושיידן זיך מיטן קינד פלעגט ספּי צייטנווייז שפירן א מין אומבאוווסטזיני-קע בענקעניש, א געפיל פון אומבאפרידיקטן מוטערלעכן אינ-סטינקט—האט זי זיך דערפון קאטעגאריש אפגעזאגט.

—איך וועל אים געפונען א פאטער.

—נעם מיר,—האט זיך געבעטן דער פארט-ארבעטער.

—ניין! איך פ..דער פון אים נאָך אַנדערע אייגנשאַפטן, אויסער די, וואָס דו פּאַ־מאָגסט.

און גלייך פלעגט זי אים באַרויקן.

—אָבער דאָס וועט געשען בלויז דאַן, בעת כ'וועל האָבן דערגרייכט אויך מיין פולשטענדיקע עקאָנאָמישע אומאָפּהענגיקייט.

דער פעטער, באַטראַכטנדיק, איר פּאָסטן אַלס פיש-פאַר־קויפערין בלויז אַלס צייטווייליקע באַשעפטיקונג, האָט כסדר געזוכט פאַר איר עפּעס בעסערס.

נאָך עטלעכע אומזיסטע פּרוּוון איז אים דאָך ענדלעך גע־לונגען אָנצעקניפּן שריפטלעכע אונטערהאַנדלונגען מיט איינעם פון די ברידער בערניע, אַן אײַנד־האַבער פון גרויסע זייף פאַבריקן.

דער עלטערער ברודער, לוסיען איז געווען זיין טראַנ־שייען-חבר. ער האָט אים צוגעזאָגט איינאָרדנען זיין שוועסטערן־טאָכטער ביי דער ערשטער בעסטער געלעגנהייט. עס וואָלט זיין זייער גוט, אַז זי זאָל זיך פאַר דער צייט אויסלערנען קלאַפּן אויף אַ שרייב-מאַשין.

זי האָט זיך דערצו אַ נעם געטאָן מיט דער גאַנצער ענערגיע און געאַרבעט געוויסנהאַפט טעגלעך פון פיר-ביז זעקס אָפּגעבנדיק דערויף איר גאַנצן געהאַלט.

ענדלעך האָט זי באַקומען די לאַנג דערוואַרטע איינלאַ־דונג זיך צו מעלדן אויף זשורדאַן-גאַס...

—איך האָב באַקומען אַ נייעם פּאָסטן!—האָט זי אין אָוונט איבערגעגעבן סימאָנען זיך טרעפנדיק מיט אים אין ביסטראָ.

ער האָט פאַרקנייטשט דעם שטערן פיינד האָבנדיק לגמרי אַלץ, וואָס פלעגט זי דערווייטערן פון אים און דערשפּירנדיק דאָס מאָל נאָך דייטלעכער דעם גרויסן שטח צווישן זיי ביידען.

—ביי בערניע?

—איך האָב געזען דעם שעף גופא. איך באַקום דעם פּאָסטן פון אַן אויפזעערין. ביסלעכווייז וועט מען מיך באַקענען מיט דער גאַנצער אַרבעט.. ווי נאָר איך וועל זיין מער

קוראַן וועל איך זיכער אוואַנסירן—אַזוי האָט מען מיר פאַר־זיכערט.

—עס הענגט אָפּ, אויסשליסלעך, פון אייערע אַרבעטס־פעיִקייטן... אַין אויב דו וועסט נישט געפעלן וועט מען דיר ווייזן די טיר! צי דען איז דיר ביי מיין קוזינע נישט גוט? זי איז גרייט דיך צו ־האַלטן דיין גאַנץ לעבן.

—אַ שיינעם דאַנק! איך האָב גענומען די דאָזיקע אַר־בעט בלויז כדי נישט צו שטאַרבן פון הונגער. צי דען וואָלסטו וועלן, איך זאָל אייביק בלייבן אַ פישערקע?

—און פאַרוואָס טאַקע נישט?

—שיינע פערספעקטיוון אויף דער צוקונפט!

זעענדיק אָבער, אַז ער פאַרשטייט איר נישט און נישט וועלנדיק אים מאַכן קיין איבעריקע קרענקונג האָט זי קורץ דערקלערט:

—עס איז פאַר מיר געוועזן אַ צו שווערע אַרבעט.

סימאָנס ערנסטער בליק האָט געזוכט אין ספּיס אויגן דעם פריערדיקן גאָלדענעם גלאַנץ, ער האָט אים אָבער נישט גע־פונען... ער האָט מער נישט דורכגעדרונגען און נישט דערוואַ־רעמט זייערע הערצער.

אַ דאַנק דער פאַרמיטלונג פון אַ פאַבריק־געהילף איז ספּין געלונגען צו באַקומען אַ דריי־צימערדיקע וווינונג אויף אָרפע־גאַס. דער פעטער האָט ענדלעך פאַרקויפט די נייע ווילע און צוזאַמען מיט די דריי הונדערט פראַנק אויפן אָפּגעקויפטן שלאָפצימער פון פריערדיקן לאָקאַטאָר האָט ער איר אויך אי־בערגעשיקט די נויטיקע פינף הונדערט פראַנק פראָוויזיע פאַרן פאַרמיטלער.

אויף דעם אופן האָט זיך ספּי דערוואָרבן זיין צונייגונג,

אין דער הינזיכט איז ער אָבער נישט געווען דער איינ־ציקער אין געשעפטס־הויז. איר אַנטוויקלונג, איר ראַפינירטער פאַרשטאַנד און דערפינדערישער גייסט האָבן גלייך אין די ער־שטע טעג צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון יונגערן ברודער פון בערניע, ער האָט זיך ממש אַנציקט, מיטן אומגעוויינלעכן

געזיכטס-אויסדרוק, מיט דער גראַציע און עלאַסטיציטעט פון איר יונגער פיגור.

זייער גיך האָט זי זיך אויסגעצייכנט אָריענטירט אין די אַלע געשעפטס-מאַכינאַציעס, זיך צוקוקנדיק צום אָפּנעמען און אַרויסגעבן פון די רוי-מאַטעריאַלן, קאָנטראָלירנדיק די באַנעס, באַשטעטיגקנדיק די ריכטיקייט פון געוויכט...

זי איז אַרומגעגאַנגען פון איין אָטעליע אין צווייטן, האָט שפּאַצירט איבער די אומגעהייער גרויסע פּראָדוציר-האַלעס, און זיך צוגעקוקט צו דער אויסאַרבעטונג פון איינפאַכסטן וועש-וייף ביז צו די פיינסטע טואַלעט-זייפן—ווי עס האָט אַזוי ווונ-דערבאַר געשמעקט!

די ערשטע צייט האָט איר דער צעזאַמענמיש פון די פאַרשידענע אינגרעדיענטן—ווי: פּאָטאַש,—בוימאייל, טערפּענטין, פעץ און אַמאָניאַק, ממש פאַרשכורט. איצט איז זי שוין דערצו געווען אינגאַנצן צוגעוווינט.

אויפמערקזאַם פלעגט זי זיך צוקוקן צו דער מאַשין, וואָס מישט צענויף דידאָזיקע אַלע באַשטאַנד-טיילן, איינשלינגענדיק די גאַנצע שטינקנדיקע מאַסע און אַרויסוואַרפנדיק פון דער צווייטער זייט אַן אומענדלעך לאַנג שטיק פאַרטיקע זייף, וואָס אַ צווייטע מאַשין האָט עס מאָמענטאַל אויפגעכאַפּט, צעשניטן אויף גלייכע טיילן און אויף אַ באַוועגלעכן באַנד צוגעטראָגן צום טריקענען-אַפּאַראַט, פון וואַנען זיי זענען שוין אַרויסגע-גאַנגען האַרטע, אינגאַנצן פאַרטיקע צום פאַרפּאַקן. פון דאַנען האָבן זיך די אומענדלעך לאַנגע באַוועגלעכע בענדער ווידער אַוועקגעטראָגן צו די פרויען-פּאַקערינס.

עס איז אייגנטלעך געווען די איינציקע פאַבריק מיט אַזאַ אויסגעצייכנטער עלעקטרישער אינסטאַלאַציע.

די פונקציעס פון די אַרבעטער זענען שוין דאָ געווען זיי-ער לייכטע—זיי האָבן אָבער געפאָדערט אַן אומגעוויינלעך שאַרפן אויג פאַר דער רעגלמעסיקייט פון דער מאַשין. דאָרט ווו מען האָט זיך נאָך איינוקער מאַסן באַנוצט מיט האַנט-אַרבעט האָט מען ווידער געמוזט דערגרייכן די העכסטע שטופע פון שנעל-

קייט און פרעציז אויסגעמאָסטענע באַוועגונג.

דאָס אַלץ צוזאַמענגענומען האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך אַן אומגעוויינלעך אַנגענעם בילד.

געפינענדיק צוריק דעם גלייכגעוויכט פון איר לעבנס-גאַנג איז ספּי גלייכצייטיק צוגעקומען צוריק צו איר פרימיטיווער נייגעריקייט.

שוין אויפן צווייטן מאָנאַט פלעגט זי יעדן זונטיק באַזוכן דעם מוזיי אין לאַנגשאם און כאַפּן התפעלות פון די נייע אַנטדעקונגען אין דער קונסט...

מיט אַמאָל האָבן זיך אויפגעעפנט פאַר איר גאַנץ נייע ברייטע האָריזאָנטן... ווידער האָט דערוואַכט אין איר די שטאַרקע ליבע צום לייענען און פאַרבייגייענדיק פלעגט זי אָפטמאָל קויפן ביי אַ ביקינוסט געבוצטע ביכער, וואָס האָבן געצויגן אויף זיך איר אויפמערקזאַמקייט מיט זייערע טיטלען.

ווידער איז זי געוואָרן די גייסטיקע טאָכטער פון פעטער פאַקאָ, פון וועלכן זי האָט זיך אין די חדשים פון נויט, עלנט און פאַרצווייפלונג עגאָיסטיש געד־האַט אינגאַנצן אָפּגעקערט.

מיט דער גרעסטער אומגעדולד האָט זי געוואַרט אויפן קומען פון פעטער, וואָס וועט זיך שוין איצט לאַנג נישט פאַרציען.

ביסלעכווייז האָט זי זיך אָפּגערוקט פון סימאָנען, זיך באַגעגנדיק מיט אים וואָס ווייטער אַלץ זעלטענער. אידעיש האָט זי מיט אים פּאַקטיש נישט געהאַט קיין שום שייכות, פון העפלעכקייטס וועגן פלעגט זי נאָך אַמאָל אין אַ יובל עסן מיט אים מיטאָג אין ביסטראָ ביים פּאָרט, אָבער תיכף נאָכן עסן זיך אומקערן אין איר איינזאַמקייט, וואָס איז איצט געווען איבערפולט מיט פאַרשידענע פּראָיעקטן.

דערשפירנדיק אַז זי איז פאַר אים פאַרלאָרן, איז ער אויך באַלד מיד געוואָרן און איר געלאָזן לויפן.

אין אַ שיינעם טאָג, זיך קלויבנדיק אַוועקצוגיין צו דער אַרבעט, האָט זי ענדליך באַקומען פון פעטער דעם לעצטן בריוו.

ער האָט איר געמאָלדן, אַז ער קומט ענדע וואָך, גאַנץ באַשטימט און מיט זיין גאַנץ קלאַפּער-געצייג... נאָר פינף טעג! גייענדיק איבערן גאַס האָט זי געשמייכלט ביים געדאַנק, וואָס פאַר אַ וואונדערבאַרער זונטיק עס וואַרט איצט אויף איר! אויפן וועג האָט זי נאָך אַמאָל איבערגעלייענט דעם בריוו. און איר שמחה איז באַלד פאַרשוואונדן.

—איך בין געוועזן ביי דיין פאָטער אין משוגעים-הויז..

ער האָט זיך שטאַרק פאַרענדערט און האָט מיך נישט דערקאָנט

די רוצחים האָבן זייערס דערגרייכט: דער עלנטער איז אינגאַנצן אַראָפּ פון זינען. איצט קאָנען זיי אומגעשטערט אָפּ-טאָן אַלץ וואָס זיי ווילט זיך. דיין מאַמע רעדט איצט וועגן פאַרקויפן אויך אַליוועט. איך האָב מורא אַז דו וועסט דערביי שטאַרק פאַרלירן. ווייל אירע געדאַנקען אַרבעטן איצט בלויז אין איין ריכטונג. ווי נאָר לואי קומט אַהיים פון מיליטער-דינסט עפּענען זיי צוזאַמען מיט שאַרלאָטען און רעסי אַן אַגענטור-ביורא פון פאַרקויפן און פאַרמיטלען ביי אומבאַוועגלעכע גיטער. מ׳זאָגט אַז פאַר דעם געלט וואָס זי האָט באַקומען פאַרן וועלדל האָט זי אָפּגעקויפט דאָס הויז ווו עס איז פריער געוועזן די אַלטע פּאָסט אויפן קירך-פּלאַץ...

דאָס זענען די לעצטע נייס. וואָס אַנבאַלאַנגט דער דראַ-מע אין אַראַנזשע האָסטו שוין זיכער געלייענט וועגן דעם אין די צייטונגען!.. אַ גרויסע גנבה. פאַר אַ מיליאָן פראַנק צירונג. מאַדאַם אויבריק האָט באַמערקט די גנבה מיט איין טאָג פריער איידער מען האָט איר אָפּגעפירט אַ גוססה אין אַ קליניק קיין קאַנע!.. וועגן וואָס די צייטונגען האָבן אָבער נישט געשריבן איז דער פאַקט, אַז ביי דערדאָזיקער משוגענער איז געוועזן דורכגעלעכערט די געבערמוטער. און אַז מען האָט געמיזט הרגע-נען איר באַרימטן הונט, וואָס איז נאָך איר אַוועקפאָרן ממש געוואָרן ווילד... וואָס אַנבאַלאַנגט דער גנבה איז עס, לויט די פאַרזיכערונגען פון שאָפער און דער קעכין, וועלכע מען האָט אַרעסטירט, נישט קיין אַנדערער ווי דער אָפּגעזאָגטער קאַמער-דינער איבור. די פּאָליציי זוכט אים גאַנץ שטאַרק, קאָנסט זיך

לייכט פאָרשטעלן דעם טומל, וואָס אַזאַ געשיכטע האָט אַרויס-גערופן אין שאטאָ-רוזש... אַך! ווי איך קאָן זיך שוין נישט דערוואַרטן צו זיין נאָענט לעבן דיר.

אין דעם טאָג האָט ספּי נאָכאַמאָל איבערגעלעבט אַלע אירע דערינערונגען וועגן אָליוועט.. איר אומגליקלעכער פאָ-טער... וואָס קומט איצט אָפּ פאַר זיינע זינד... איר פאַמיליע, וואָס באַציט זיך צו איר מיט דער גרעסטער שנאה... און מאַ-דאַם אויבּרוק! ווידער שטייט פאַר אירע אויגן דער חודש, זי האָט פאַרבראַכט אין אַראַנזשע, דער ערשטער קאָנטאַקט פון איר אומשולד מיט אַ געוויסער אַרט ציוויליזאַציע!..

דערנאָך האָט זי אויסשליסלעך געקלערט וועגן איין זאַך. גיין וואָס גיכער אַהיים, איינאָרדנען דעם פעטערס צימער, אויפ-נייען און אויפהענגען די פאָרהאַנגלעך אויף די פענסטער.

קומענדיק אַהיים האָט זי געפונען אויף די ערד אַ פּאַפּיר, אַריינגעשטעקט אונטער דער טיר. נאָך אַ בריוו!... זי האָט אַ קלער געטון וועגן פעטער—אפשר עפּעס אַ שלעכטע נייס... ניין.

ס'איז געווען אַן פּאָססמאַרקע... זי האָט געלייענט: „יוס-טיק-פּאַלאַץ", און, ציטערנדיק ווי אַ בלאַט, האָט זי פונאַנדער-געוויקלט דאָס פּאַפּיר.

—וואָס איז עס עפּעס אַ נייע אָנשיקעניש?

הער מערמעראַד, דער אונטערזוכונגס - ריכטער, רופט איר אַרויס צו זיך אין ביורא אַריין אויף מאָרגן דריי אַ זייגער וועגן ענין-עסקאַרטפּיג.

9

דעמזעלבן אָוונט, נישט עסנדיק אפילו קיין אָונטברויט איז זי גלייך אוועק אויף פאַנטען-ריוויער צו עטיגעטן זיך דער וויסן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך.

איר אויפרעגונג איז געווען אומבאַשרייבלעך גרויס. די, פּאָרטיערען, האָט זי באַגעגנט עפּעס מיט אַן אומגעלומפּערטער-מינע:

—דידאָזיקע פּערזאָן איז אַרעסטירט. אַ צעטומלטע איז זי אַוועקגעלאָפן צו מאַדאַם רוסטאַן און באַגעגנט אויף דו טרעפּ די דיקע פרוי ראַביאַנאַ, אַ פאַרווייַנטע און פאַרקלאָגטע, וואָס האָט זיך געקליבן אָפּצורעדן פאַר ספּין איר שווער ביטער האַרץ. נאָכן טויט פון איר עלטסטן פון אַ „טובערקולאָזן רעמינגיט” האָט זי אויך פאַרלאָרן דעם יונגסטן.. קאָנוואולסיע! זי האָט אָפּגעזיפּצט וואָס קאָן מען טאָן, מען מוז זיך טרייסטן! האָבן אַן אַנדערן?..

אַן עקעלהאַפטיקער ציטער האָט אַרומגעכאַפּט ספּין. נישט אַרויסריידנדיק קיין וואָרט איז זי אַנטלאָפן פון דער גראָבער בהמה, לאָזנדיק איר שטיין אויף די טרעפּ.. ווי אַזוי קאָנען מענטשן דערגיין צו אַזאַ מדרגה פון שטות און פאַרטעמפּטקייט!

ביי מאדאַם רוסטאַן אין שטוב איז געהען אַן אמתער חורבן... די אַלטע איז געזעסן אין אַ ווינקל. אַ פאַרקלאָגטע, אַ פאַרחלשטע.

דערהערנדיק ספּיס שטים האָט זי אָנגעהויבן קרעכצן, אַנגע־
צונדן אַ ליכט און געזאָגט:

—איר האָט גאָר נישט געוווּסט? אַך, ווי גוט וואָס איר
זענט געקומען, איך וואָלט אייך געוועזן שרייבן, נאָר איך האָב
פאַרלאָרן אייער אַדרעס...—ביי דידאָזיקע ווערטער האָט זי זיך
ווידער צעוויינט אויפן קול—יאָ, איר אומגליקלעכע טאָכטער האָט
מען אַרעסטירט מיט דער באַשולדיקונג, אַז זי האָט געמאַכט אַ
קינסטלעכן מפּיל.

די מאַדאַם עסקאַרטפּיג, ווי עס ווייזט זיך אַרויס, האָט
מען שוין לאַנג נאָכשפּיאָנירט. און צוזאַמען מיט עטיענעטן זענען
אַריינגעפאַלן נאָך דריי קליענטינס: אַן אַלמנה—אַ דאַמע פון
דער געזעלשאַפט, די פרוי פון אַ געוויסן געגאָציאַנט, און אַ
יונגע באַנע, וואָס איז מעוברת געוואָרן פון איר בעל־הבית—אַלע
דריי זענען זיי געוועזן אויף בעל־פּיי גאַס כדי זיך לאָזן „אָפּע־
רירן"...

זי האָט געבעטן ספּי, אַז אויף דער אויספאָרשונג זאָל
זי דורכאויס זאָגן, אַז זי האָט קיין מאָל נישט געזען עטיענעטן
קיין שוואַנגערע.

אַ פאַרזאָרגטע איז ספּי אַוועק צוריק אויף אורפּע-גאַס.
אין הויז-קאָרידאָר האָבן איר אָפּגעוואַרט אַ פּאָר אומבאַקאַנטע
הערן. גלייך פון ערשטן וואָרט האָט זי זיך געכאַפּט: אַגענטן
אין ציוויל־קליידער! נישט געקוקט אויף דעם וואָס איר גע־
וויסן איז געוועזן לחלוטין ריין, איז זי דאָך געוואָרן אַ פאַר־
ציטערטע... צי קען מען דען וויסן וואָס עס הייסט ביי דער יוסטיץ
שולדיק אָדער נישט...

—מיר זענען געקומען מאַכן ביי אייך אַ רעוויזיע,
פריילין.

איינער פון די צוויי הערן, וואָס האָט אויסגעזען צו זיין
דער שעף, האָט באַוויזן זיין אינספּעקטאָר-קאַרטע...

אין דער שטיל נישט וואַגנדיק אַרויסצורעדן אַ וואָרט האָט
זי זיי אַריינגעפירט אין איר וווינונג.

עפּענענדיק די טיר, האָט זי זיי געוויזן די ליידיקע דירה, אויסער די פיר קעגנשטאַנדן אין איר צימער און האָט געמורמלט:

—עס וועט ביי אייך נישט אָפּנעמען קיין סך צייט.

—מען קאָן, באמת, זאָגן, אַז אייערע מעבל ושענירן אייך נישט. עס איז טאַקע פיל באַקוועמער ביים קלענסטן גערודער קאָן מען זיך גלייך אָפּטראָגן!

מיט אַ געוויסן הוזק האָבן זיי איבערגעוואָרפן אַלץ אין די טיש-קעסטלעך, פונאַנדערגעוואָרפן דאָס בעט איבערגעדרייט מיטן קאָפּ אַראָפּ דאָס ביסל אָרעמקייט, וואָס האָט זיך געפונען אין שראַנק, כמעט אַ ליידיקן און זיך אָפּגעשטעלט ביי דער עטאַזשערקע מיט די ביכער. זיי האָבן עס דורכגעבלעטערט, אַראָפּגעוואָרפן אויף דער ערד די, וואָס האָבן זיי נישט אינטערעסירט און אַ פינף, זעקס גענומען מיט זיך... טאַקע די, וואָס זי האָט לעצטנס געקויפט!

—וואָס וועט איר מיט זיי מאַכן?

—דאָס וועט אייך שוין זאָגן דער אויספאָרשונגס-ריכטער.

ענדלעך, דערזעענדיק אַ וואַליזע האָבן זיי געפאָדערט דעם שליסל.

זיי האָבן דורכגענישטערט דעם פּעטערס פּעקל בריוו, דורכגעקוקט אַלע פּאַפּירן, אויסגעדריקט אויפן קול זייער פאַרווונדערונג אויף די בראָשורן, וואָס זי האָט געבראַכט מיט זיך פון שאַטאָרוזש און, אַריינלייגנדיק אין וואַליזע די קאָנפיסקירטע ביכער פון דער עטאַזשערקע, האָבן זיי זי צוריק פאַרשלאָסן.

זיי זענען געווען צופרידן מיט דידאָזיקע קלאַרע באַווייזן.

—לאָמיר לעת-עתה נעמען מיט זיך דאָס, וואָס מיר האָבן געפונען—האָט אַ זאָג געטאָן דער אינספּעקטאָר.

דער צווייטער האָט אַ נעם געטאָן די וואַליזע...

—אָבער...—האָט ספּי געפּרוּווט פּראָטעסטירן.

—איר דאַרפט זיך שעצן גליקלעך, וואָס איך האָב נאָך נישט היינט קיין דירעקטיוו אייך צו אַרעסטירן.

שטאָלץ אויף זייער גרויסן אויפטו זענען זיי אַוועק מיט די ווערטער:

—מאָרגן דריי אַזייגער ביים אונטערזוכונגס-ריכטער.

די גאַנצע נאַכט איז ספּי געווען אין אַ שרעקלעך אויפגערעגטן צושטאַנד און האָט געציטערט ווי אַ פיש.

אַ צושראָקענע האָט זי אָנגעהויבן אַנאַליזירן אַלע אירע מעשים פאַר דער לעצטער צייט, מיט וואָס האָט זי זיך פאַרזינדיקט?...

אַפּזוכנדיק אין לאַבירינט פון די צימערן און קאָרידאָרן פון יוסטיץ-פּאַלאַץ דעם קאַבינעט פון אויספאָרשונגס-ריכטער און אָפּוואַרטנדיק אַ גאַנצע שעה אין זיין פאָרצימער איז זי ענדלעך אַריין צום אינקוויזיטאָר אונטער די פאַראַכטונגס-פולע בליקן פון פּאָרטיער.

לכתחלה האָט זי נישט געזען קיין זאַך אויסער דעם פאַרכשופטן בליק וואָס דער אויספאָרשונגס-ריכטער, דער מערמעראָד האָט געוואָרפן אויף זיין נייעם קרבן.

ערשט מיט אַ מאָמענט שפּעטער האָט זי באַמערקט דאָס גלאַטע געלע פאַרמעט-געזיכט מיטן איינגעבויגענעם שטערן, אונטער אַ שוואַרץ טוכן היטעלע, אַ רויטן נאָז און אַ צוגעשניירט מויל, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ הינטע פון אַ הון... זי האָט געזוכט די אויגן, זי האָט זיי אָבער נישט געפונען.

הער מערמעראָד האָט זיך אַריבערגעבויגן איבערן שטויסבאַפּירן און געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ אומדורכדרינגלעכער מאַסקע.

ביים דערבייאיקן קליינעם טישל איז געזעסן הער באָרבערו דער פּראָטאָקאָליסט, מיט זיין שפּיציקער מאָרדע אין אַן אָפּוואַרטנדיקער פּאָזע. אַליין איז ער געווען לאַנג און אויסגעדאַרט ווי אַן הילצערנע פעדערהאַלטער... דער נאָמען... פאַמיליענאָמען, עלטערן? מיט אַן אייזקאַלטער מינע האָט מערמעראָד אָנגעהויבן זיין אויספאָרשונג.

דורך די אייגנטלעכע דונערן וואָס האָבן זיך געהערט

אויף דער צווייטער זייט צימער, פאַרפעסטנדיק די לופט מיט דער ווענטילאַציע פון אַ פאַרדאָרבענעם מאָגן האָט זיך ספּי דערוווסט, אַז איינע פון מאַדאַם עסקאַרטפּיגס פּענסיאָנערינס איז געשטאָרבן פון אַ קינסטלעכן מפּיל, פאַר וואָס די אַקושערין איז צוגעצויגן געוואָרן צום געריכט און צוזאַמען מיט איר אַלע, וואָס האָבן זיך אונטערגעוואָרפן דידאַזיקע קרימינעלע מאַניפּולאַציעס.

אַ מאַסע דענונציאַציעס האָבן אויפגעדעקט די נעמען פון אַלע שולדיקע... און זי, ספּיריטע אָרעלי ווערט באַזונדערס באַשולדיקט דערין וואָס זי איז געווען אַ מיטהעלפערין פון דער אַקושערין ביי אירע פאַרברעכערישע אַבאָרטן. וואָס האָט זי געקאָנט זאָגן? ווי אַזוי זיך פאַרטיידיקן און רעכטפאַרטיקן?

אַ פאַרשטיינערטע האָט זי עפּעס געמורמלט. די געדאַנקען, די ווערטער האָבן זיך אַזוי גיך געטראָגן צו אירע ליפּן, אַז זי האָט נישט געוווסט פון וואָס אָנצוהויבן.

—איר רעגט זיך אויף? אַ שלעכטער סימן! לאָמיר גיין כסדר. לויט די אינפאָרמאַציעס. וואָס מיר האָבן וועגן אייער פערזאָן ווייזט זיך אַרויס אַז איר זענט אַוועק פון דער היים ווייל איר זענט געווען שוואַנגער, צי איז עס אַזוי?

—זייער ריכטיק.

קומענדיק קיין מאַרסעל, האָט איר זיך אין די דאָזיקע, ווו איר האט געוווינט, געמאָלדן אונטער אַ פאַלשן נאָמען: לואיזע מאַטיע. פאַרוואָס?

—איך האָב נישט געוואָלט, אַז מיין פאַמיליע זאָל וויסן, ווו איך געפין זיך...

—אַ! אַ! ער האָט זיך געווענדט צום פּראָטאָקאָליסט—איר פאַרשרייבט?... איר האָט נישט געוואָלט, אַז מען זאָל וויסן וועגן אייער וויזיט ביי מאַדאַם עסקאַרטפּיג? איר לייקנט נישט דעם פאַקט, אַז איר זענט ביי איר געווען... גוט! איצט דאַרפט איר זיך בלויז מודה זיין, אין וועלכן מאָנאַט האָט זי אייך געמאַכט די שענדלעכע אָפּעראַציע... איר האָט געמאַכט אַ קינסטלעכן מפּיל?

—דורכאויס נישט, הער ריכטער. איך האָב בלויז געוואָלט וויסן, ווו איך האַלט מיט מיין שוואַנגערשאַפט... ווייל אין מאַי האָב איך געבוירן אַ קינד אין שפּיטאָל בעל-דע-מע.

ער האָט כמעט דערויף נישט רעאַגירט, נישט געקוקט אויף איר פּנים, וואָס ער האָט עס אַליין גאַנץ גוט געוווּסט. דערפאַר איז ער אָבער געווען אַ גרויסער בריה אַזוי איינצוטינקען זיינע קרבנות, אַז סוף כל סוף פּלעגט ער זיי דאָך פאַרוואַנדלען אין שולדיקע.

—ווּ איז אייער קינד?

—אין געזעלשאַפטלעכן פינדל-הויז.

—מיט וואָס קאָנט איר עס באַווייזן?

—מיט דער גרינער קאַרטע, וואָס איך זע דאָ ביי אייך אויפן טיש, וועלכע איז געלעגן צוזאַמען מיט מיין פּעטערס בריוו...

—איך האָב נאָך נישט באַוויזן זיי צו לייענען. דער בלאַנק פון פינדל-הויז איז ווירקליך פאַראַן. איר האָט אַהין אַוועקגעטראָגן א קינד. ווער קאָן מיר אָבער באַווייזן, אַז ס'איז טאַקע אייער קינד. יעדער איינער קאָן אַוועקטראָגן אין פינדל-הויז וועמענס ס איז קינד. איר וועט נעמלעך מוזן באַווייזן אַז דאָס איז כון אייער זייט נישט קיין פיקטיוו געשאַפענער אַליבי... די דאָזיקע אַרט פאַרמיטלונג פּראַקטיצירט זיך אין אַ גרויסער מאָס. אין דעם פאַל האָט עס בלויז געקאָנט זיין אַ מיטל צו באַהאַלטן דעם אויסגעפירטן קינדער-מאָרד.

וואָס בינדט ער זיך צו צו איר? אַמפּערט און איבערצייגט אין איר אומשולדיקייט, האָט ספּי שוין אָנגעהויבן זיך צו דערצערווירן.

—אָבער, הער ריכטער, זאָל מען מיר אַוועקפירן אין שפּיטאָל „מאַטערניטע". די דירעקטריסע און די אַקושערינס וועלן מיך דערקענען... איך בין דאָרט געלעגן העכער אַ מאָנאַט צייט!.. און דערצו—אויף טאַרט-גאַס—דאָס גאַנצע הויז שכנים וועלן עדות זאָגן. איך זאָל פּעיק זיין אויף אַזאַ מין זאַך!

ער האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק און איז ווידער אײַ־בערגעגאַנגען צו זיין באַשולדיקונג. אָפּטמאָל גיט אַן אומוויליק אַרויסגעזאָגט וואָרט אַ נייעם באַוויין, אויף וועלכן ס'שטיצט זיך די ווייטערדיקע אויספאָרשונג.

—פאַרוואָס האָט איר אָפּגעגעבן אייער קינד אין פינדל־הויז?

—צוליב פּערזענלעכע סבות.

—ס הייסט, מיט אַנדערע ווערטער, צוליב דעם, ווייל איר זענט אַ שלעכטע מוטער!

—מעגלעך. אָבער צי דען ווערט עס דורכן געזעץ באַשטראָפט?

—אין אייער פאַל, גאַנץ באַשטימט.

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט ספּי געשפּירט ווי ס'פאַר־כאַפּט איר דער אָטעם. מ׳ערמע־א וועלנדיק איר פאַנגען איז געגאַנגען אויפן דעדעקטיוון-וועג, פון איין השערה צו דער צווייטער.

—ווייל קומענדיק בסוד קיין מאַרסעל און אַוועקוואַרפנדיק אייער קינד, האָט איר שוין דע־מיט גופא באַוויזן, אַז איר ווילט פון אים פטור ווערן. און דעריבער זענט איר טאַקע געגאַנגען צו מאַדאַם עסקאַרטפּיג מיט דער כונה זי זאָל אייך מאַכן אַן אַבאָרט... ס'וועט אייך דעריבער נישט העלפן, װאָס איר לייקנט... די אַקושערין האָט זיך דערין מודה געווען...

—איך זאָג נישט קיין ליגן! איך האָב נישט וואָס צו באַ־האַלטן.

—גוט.—ער האָט אָנגעהויבן דיקטירן דעם פּראָטאָקאָליסט—ספּיריטצ אָר;לי איז זיך מודה, אַז זי האָט זיך געווענדט נאָך הילף צו מאַדאַם עסקאַרטפּיג...

אָ־ער ספּי האָט אים קאַטעגאָריש איבערגעהאַקט!

—איך האָב זיך נישט באַנוצט מיט איר הילף! איך האָב איר טאַקע געבעטן מאַכן מיר אַן אַבאָרט, אָבער איך דערקלער, אַז די אַקושערין האָט זיך ענערגיש אָפּגעזאָגט. דער באַווייז איז

ס'קינד, וואָס איך האָב געבוירן אין שפּיטאָל—מאַטערניטע. מער-
מעראַ האָט אָוועקגעלייגט אויפן טיש די אויספאָרשונגס-פּאַפּירן
פון דער אַקושערין: אירע טענות האָבן לגמרי געשטימט מיט
ספּיס מעלדונג. אַריינכאַפּנדיק אָבער אַ פּאַציענט, האָט ער
אים אַזוי לייכט פון זיינע הענט נישט אַרויסגעלאָזן.

אַ דורכגעטריבענער, האָט ער אויף אַ שטח פון הונדערט
ליע דערשמעקט די קלענסטע צוגעקומענע באַשולדיקונג, וואָס
האָט געקאָנט אויפבלאָזן דעם ענין און צוגעבן דעם פּראָצעס—
וואָס האָט שוין אַזוי אויך גענוג געקלונגען—אַן אימפּאָזאַנטע
באַדייטונג און געוויכט—די גרעסטע פּאָזיטיווע פאַקטאָרן פאַר אַ
באַאַמטן, אַ קאַריעריסט.

דער דאָזיקער פּראָצעס, ביי גענוי אויסגעאַרבעטע פּרטים
פון דער באַשולדיקונג, האָט געמוזט בולט אונטערשטרייכן דעם
אויסערגעוויינלעכן אייפער פון אויספאָרשונגס-ריכטער, וואָס האָט
שוין, איינגנטלעך לאַנג פאַרדינט אַ ריכטער-שטול אין ע... ער
האָט פאַרמאַכט די אויגן, פונקט ווי ער זאָל איצט פיין אין מויל
דעם טעם פון בעסטע געריכטן. און מיט אַ גלייכגילטיקן טאָן
האָט ער אַ זאָג געטון:

—ווער האָט אייך געגעבן דעם אַדרעס אויף בעל-פּיי
גאַס?

אָבער אויב ספּי איז געווען ווייט פון וויסן די געזעצן,
האָט זיך אָבער מיט איר פיינעם פאַרשטאַנד גלייך דערשפּירט,
אַז ער וויל איר אונטערשטעלן אַ פּיסל!

—קיינער נישט. איך האָב פאַרבייגייענדיק געזען אויף
דעם גאַס אַ שילדל.

—גוט, לאָמיר אָננעמען, אַז ווייניקסטנס אין דעם פאַל
קאָן דאָס געזעץ קעגן אייך גאָר נישט טאָן. אָבער לגמרי
אַנדערש זעט אויס דער ענין מכח מפּיל פון אייער פריינדין,
עטיענעטע רוסטאַן, אין וועלכן איר זענט אויך פאַרמישט.

—איך? ווי אַזוי?

ער האָט אונטערגעשמייכלט, קלאַפּנדיק מיט די פינגער-
שפּיצן אויפן נייעם אויספאָרשונגס-מאַטעריאַל, וואָס דער פּראָ-

שאָקאָליסט האָט אים דערלאַנגט.

פלוצלינג האָט ער אַ פרעג געטאָן מיט אַ שטרענגער שטים:

—איר האָט אַוועקגעפירט אייער פריינדין אויף בעל-פּיי גאַס. דאָס האָט איר אָנגעוויזן דעם דאָזיקן אַדרעס!

„וואָס האָט געזאָגט עטיענעטע״?

אַ פאַרזאָרגטע האָט זי געקוקט אויף די דאָזיקע מיט שוואַרצע פונקטן באַדעקטע פאַפּירן, פּונקט ווי זייער מלאכים-כתב, זאָל איר קאָנען ראַט ווי אַזוי זי זאָל רעדן, כדי זיך ניש קאָמפּראָמיטירן נאָך מער... מערמעראַד האָט אויך עקזאַמינירט מיט זיינע שאַרפע בליקן, שצירנדיק דערביי די ציין און די עפענונג, וואָס האָט אים געדינט אַנשטאָט אַ מויל, איז דערפון נאָך שרעקלעכער געוואָרן.

—זייט זיך מודה, מיר וועלן צו אייך נישט זיין אַזוי שטרענג, אויב איר וועט זיך נישט באַמיען אַריינצופירן אין אַ טעות די יוסטיץ. מיר זענען אויסגעצייכנט אינפאָרמירט, פאַר דעם זענט איר צוזאַמען געווען ביי אַן אַנדער אַקושערין, וועלכע מיר האָבן אויך ארעסטירט,—ביי דער גראָז-הענדלערין!...

ספּי איז רויט געוואָרן:

—מיר זענען אַהין געגאַנגען קויפן עפּעס אַזוינס, וואָס איך האָב געדאַרפט.

—דאָס ווייס איך. און איך ווייס אַפילו צו וואָס איר האָט עס געדאַרפט. היט זיך! און אויף דעם פּאַקט וועל איך אייך טאַקע פּאַקן. ער האָט אַן עפן געטון אַ שופלאָד און אַרויסגענומען די ביכער, וואָס מען האָט ביי איר געכטן קאָנפיסקירט, מיר ווייסן זייער גוט ווער איר זענט און וואָס פאַר אַ פּראָפּאַגאַנדע איר האָט געפירט צווישן די פרויען בעת איר האָט געאַרבעט אויפן פישמאַרק... איך וואָלט געקאָנט און אייגנטלעך טאַקע געדאַרפט אייך באַשולדיקן אין דעם דאָזיקן פאַרברעכן... אַ פאַרברעכערישע פּראָפּאַגאַנדע אויף אַן עפנטלעך אָרט!—און איך פאַרן פאַרשפּרייטן די דאָזיקע גיפטיקע בראָשורן!...

מיט עקל האָט ער דורכגעקוקט די טיטלען... „דער בונט פון לייב". „די אומפּרוכטבאַרקייט"—וואָס ווערט באַשטראָפט דורכן געזעץ פון ערשטן אויגוסט 1920.

—איך בין אַוועק פון פּישמאַרק מיט אַ גאַנצן חודש צוריק, און די ביכלעך האָב איך ערשט יענע וואָך געקויפט ביי אַ בוקיניסט.

—שרייבט באַרבערו!.. דער אַדרעס פון אייער בוקיניסט?

—האָט ער פּלוצלינג געביטעריש אַ געשריי געטון.

—איך ווייס נישט... איך האָב שפּאַצירט... און גייענדיק...

—איר האָט אויף אַלץ אַ גרייטן ענטפער!... און אָט, די, וואָס איר האָט באַהאַלטן אין אייער וואַליזע?.. אַ! איר שווייגט. ער האָט געלייענט און באַטאָנט יעדעס וואָרט ... „מיטלען, אויסצומיידן די שוואַנגערשאַפט. איר ווייסט וווהין עס קאָן אייך ברענגען?

—חוץ איך זאָל עס וועלן באַהאַלטן וואָלט עס קיינער אויסער מיר נישט געקאָנט געפינען... איבערקלערן זיך אַליין איז נישט קיין פאַרברעכן.

—אָבער פאַרשפּרייטן אַנטי-סאָציאַלע ידיעות איז אַ פאַרברעכן, וואָס קאָן אייך פירן... וואַרט, אָט האָט איר דאָס געזעץ: פּאַראַגראַף 3—ס'ווערט פאַראורטיילט אויף אַ חודש ביז 6 טורמע און צו אַ געלט-שטראָף פון 100 ביז 500 פראַנק יעדער איינער, וואָס פירט אַן אַ טי-געבורטס-פּראָפּאַגאַנדע מיט דער הילף פון די מיטלען, וואָס זענען אנגעוויזן אין די פּאַראַגראַפן 2 ,1... ער האָט באוויליגט צו דערקלערן: זיי רעדן וועגן דער פּראָפּאַגאַנדע פון קינסטלעכע אַבאָרטן—וואָס אין דער הינזיכט זענט איר אויך נישט אַזאַ צדיקת!... ער באַשרייבט, אָדער ער פאַרעפנטלעכט און פּראָפּאַגירט אַנצוווייזן מיטלען זיך צו פאַרהיטן פון שוואַנגערשאַפט, אָדער צו פאַרלייכטערן דאָס באנוצן זיך מיט זיי.

—דאָס געזעץ רעדט וועגן דעם?—זי האָט נישט גע אָנט באַהאַלטן איר אויפרעגונג... אָבער סאיז דאָך ממש ווילד די דעפּוטאַטן, וואָס האָבן געשאַפן דאָס דאָזיקע געזעץ האָבן זיך ...

בער נישט צוגעקוקט צום לעבן און נישט געפרעגט ביי דער פרוי!

—יאָ, יאָ, מיר ווייסן! איר זענט אַ קליינע אַנאַרכיסטין!

זי האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס און אַוועקגעוואָרפן דעם עטיקעט, וואָס ער האָט איר געוואָלט צוטשעפּען:

—אַן אַנאַרכיסטין! ווייל איך קאָן נישט זען קיין ליידן און וויל נאַרישקייט און פאַרטעמפּטקייט רופן אַרויס ביי מיר אַ געפיל פון עקל? זאָלן די פאַבריקאַנטן פון אייער געזעץ זיך ווענדן נאָך אינפאָרמאַציעס צום אָרעמען עולם! ווען זיי וואָלטן זוי איך, געזען ס'לעבן פון דערנאָענט, וואָלטן זיי פאַרשטאַנען פאַרוואָס די אַרבעטער-פרויען ווי די פּויערטעס אין די דערפער העלפן איינע דער אַנדערער זיך צו באַפרייען פון דער איבעריקער לאַסט, אויב זיי שטעכן זיך פריער אַליין נישט דורך די געבערמוטערס מיט וועלכן נישט איז שפּיציקן קעגנשטאַנד.

מער צעטומלט ווי אַמפּערט פון דאָזיקן צאָרן-אויסברוך, וואָס האָט בולט אונטערגעשטראָכן איר שולד, האָט מצרמעראַד צופרידענער געלייענט די דאָזיקע רעדע אין דער רעדאַקציע פון זיין סעקרעטאַר.

ספּי, אונטערן איינדרוק פון אירע איבערצייגונגען, האָט זיך מיט יעדן וואָרט מער פאַרשאָטן.

צוקוקנדיק זיך צו די מהנות גאַסן-קינדער, די פאַרחושכטע, די אויסגעקרענקטע—וואָס זענען פריער געבוירן געוואָרן—אָדער צו די קראַנקע דהאַלבע אידיאָטן—וואָס זענען געקומען אויף דער וועלט נישט געקוקט אויף דער פאַרניכטונגס-נאָדל—צי דען קאָן מען עס, הער ריכטער, באַטראַכטן אַלס אַ פאַרברעכן, אז מען קומט צו זיי און מען זאָגט: בהמות, אַנשטאָט צו מאַכן אַבאָרטן, ריזיקירן מיטן געזונט און אפשר פּאַקע מיטן לעבן, באַנוצט זיך בעסער מיט די פאַרזיכטס-מיטלען, וואָס זענען דאָך לכל הפּחות נישט געפערלעך! וואָס פאָדערן בלויז אַ געוויסן פּאַ־אויסזען און אַ ביסל וואַסער! און איר וועט עס ווירקלעך מעלן האָבן, וועט איר וויניקסטנס זיין בכוח אים צו פאַן

דעם מאַקסימום שאַנסן אויסצוואַקסן אַן עכטער מאַן און אַן עכ־
טע פרוי — אָנשטאָט צו ברענגען אויף דער וועלט גאַנצע מחנות
קראַנקע אָרעמע לייט!

דער ריכטער, לאָזנדיק איר רעדן אומגעשטערט, האָט אויפ־
געשריבן לעבן איר נאָמען אויפן פּאַפּיר: אַ שטאַרקער קאָפּ.
מען מוז איר האָבן אויפן אויג.

דערנאָך, — יעדע געדולד האָט דאָך אַ געוויסן גרענעץ —
האָט ער אַ פרעג געטון:

— איר האָט געזינדיקט?

— יאָ, הער ריכטער! איך בין זיך מודה, אַז איך האָב
אַזוי געטענהט. איך האָב געגלויבט, אַז איך האַנדל גוט. איך
האָב נישט געוווסט, אַז דאָס הייסט אַנאַרכיע... קיין שום אַנדערע
זאַך האָב איך נישט געטאָן.

ער האָט אויסגעשאָסן:

— דאָס איז גענוג, אַז איך זאָל אויפן גרונט פון אייערע
ווערטער גלייך געבן אַ דירעקטיוו אייך צו אַרעסטירן.

זי איז שטיל געוואָרן. ווי אַראָפּגעפאַלנדיק מיט אַמאָל פון
הימל אויף דער ערד.

טריומפירנדיק האָט מעראַמעראַד שטרענג אַ פרעג געטון:

— צי איז אמת, אַז איר האָט באַגלייט אייער פריינדין
עטי נעטע בעת זי איז אַוועק אויף בעל פּיי גאַס?

— ניין!

— אָ.... איר מאַכט זי פאַר אַ ליגנערין! ס'איז זיכער אַ
שפּיגל, כדי אויסצונוצן טיענעס אַ געמאַכטן פאַרשריט.

זי האָט פעסטגעשטעלט:

— איך זאָג דעם אמת, איך בין מיט איר געווען ביי דער
גראַנז-העבאַמערין, אָבער נישט ביי מאַדאַם עסקאַרטפיג.

— גוט. צי איז עס אמת, אַז אויפן אַנדערן טאָג נאָך
איר באַזוך ביי דעם אקושערין עסקאַרטפיג, — האָט כריילין
דו טאַן וועלכע געוווינט אויף טאָרט-גאַס, באַקומען אַ
בלוט-שטורץ?

אירע קולות האָט מען געהערט אין גאַנצן הויז.

אָט הערט די באַהויפּטונג פון פרוי ראַביאַנאַ: „איך האָב געמיינט, אַז זי גייט צו קינד, בין אריין צו זיי און דערזען, ווי זי דערלאַנגט דער מוטער אַ סערוועטקע, וואָס האָט אויסגעזען ווי מען זאָל איר נאָר וואָס האָבן אַרויסגענומען פון אַ שיסל בלוט.״

—וועגן דעם הער איך איצט צום ערשטן מאָל. אויסער דעם האָב איך שוין אין דעם מאָמענט דאָרט מער נישט געווינט.

„אין יענעם מאָמענט !...״ מערמעראַד האָט זיך דערפרייט. די איז אַריינגעפאַלן און צוזאַמען מיט איר אויך פריילין רוסטאַן!

—שרייבט, אַז פריילין אָרעלי פאַרזיכערט, אַז אין מאָמענט, ווען פריילין רוסטאַן האָט געמאַכט דעם מפּיל, האָט זי שוין מער אויף טאַרט-גאַס נישט געוווינט.

ספּי האט געפּרווט פאַרבעסערן איר פּעלטריט.

—פאַרצייט. איך האָב געזאָגט. אַז איך הער איצט צום ערשטן מאָל וועגן איר אַבאָרט.

— אַנטשולדיקט. איר האָט זיך נאָר וואָס מודה געווען, אַז איר האָט נישט געווינט אין יענעם הויז אין „דעם מאָמענט״ וועגן וועלכן מאָמענט האָט איר גערעדט?

—לגמרי וועגן קיין שום מאָמענט נישטי איך האָב פּשוט געוואָלט זאָגן, אַז בעת איך האָב זיך איבערגעצויגן פון די רוסטאַנס איז עטיענעטע נישט געווען שוואַנגער. מיר זענען ביידע אין דער זעלבער צייט געווען נישט מיט אַלעמען. און איך ווייס, אַז ווי שטענדיק, האָט זי פאַרלוירן אַ סך בלוט... דעם ערשטן טאָג פלעגט זי געווײנלעך זייער ליידן ס'איז אַלזאָ קיין וואונדער נישט, וואָס מען האָט איר געהערט זיך באַקלאָגן.

דעם ריכטערס געזיכט איז ווידער געוואָרן שטרענג.

—הייסט עס, אַז לויט אייער מיינונג, האָט עטיענעטע רוסטאַן קיין אַבאָרט נישט געמאַכט?

—ניין, הער ריכטער.

—גוט! שרייבט אונטער די דאָזיקע באַהויפּטונג. איך פֿאַ-
דויער אייך, אָבער, אייערע ענטפֿערס שטימען נישט, נישט מיט
די תּשובֿות פֿון די אנגעקלאָגטע, נישט דערמיט, וואָס אונז איז
געלונגען צו דערגיין דורך פֿאַרשידענע אינפֿאָרמאַציעס... איר
זענט אַ געפֿערלעכע פּערזאָן, און ס׳געזעץ וועט בנוגע אייך
געפֿינען דער געהעריקן וועג... מען וועט אייך נאָך אַמאָל
אַרייסרופֿן... און דעמאָלט...

ער האָט נישט פֿאַרענדיקט די פֿראַזע... לאָזנדיק איר, ווי
אַ דראָאונג, הענגען אין דער לופֿטן. ספּי איז אַוועק, אַ דער-
שיטערטע, אַ צובראָכענע אונטערן איינדרוק פֿון דער דאָזיקער
דראָאונג.

## 10

אויף ספּיס טעלעגראַמע איז סעבאַסטיאַן פּאַקאָ גלייך געקומען צו לויפן, נישט ווארטנדיק מער אויף די פורן מיטן מעבל, וואָס האָבן געזאָלט אָפּפאָרן אין צוויי טעג צרום.

דערזעענדיק ספּיס צוטראַגנקייט, איר בלייכקייט—פּינקט ווי פּאַר דער ערשטער נסיעה—האָט ער זיך שוין אינגאַנצן פאַרלאָרן.

די צווייטע אויספאָרשונג איז געווען באַשטימט אויף מאָרגן אין דערזעלבער צייט...

נאָכדעם ווי זי האָט אים דריי פיר מאָל נאָכאַנאַנד איבערגעגעבן די קלענסטע פּרטים פון דער אויספאָרשונג האָט זיך זיין אַמפּערונג פאַרוואַנדעלט אין אַזאַ ווילדן צאָרן, אַז ער האָט געביילט די פויסטן און אָנגעהויבן גיין איבערן צימער מיט אַזעלכע טריט ווי ער וואָלט גאָר קיין מאָל אין לעבן קיין אישיאַס נישט געהאַט.

אים האָט זיך געדוכט, אַז ער זעט אַלץ אין רויטער פאַרב ער האָט געוואָלט אַ נעם טאָן דעם מערדער און אים אַריינרוקן צוריק אין האַלדז זיינע אינסינואַציעס...

איבערצייגט אין ספּיס אומשולד האָט ער אָפּגערעדט מיט איר, זי זאָל לגמרי מאַכן אַ שווייג וועגן עטיענעטעס מפּיל, אויב זי ווייס אפילו יאָ עפּעס וועגן אים, און האָט באַשלאָסן

צו באַגלייטן ספּין אין יוסטיק-פּאַלאַץ כדי צו כאַפּן פריער אַ קוק אויפן דאָזיקן מין שופט.

ער האָט איבערגעלייענט דעם צעטל „הער מערמעראַ"... מערמעראַ ?.. ווי אַזוי קומט מען צו צו אים ! אויפן אַנדערן טאָג אינדערפרי, נאָך אַ שלאָפלאָזער נאַכט, האַלטנדיק אין איין קאָמבינירן פאַרשידענע פּלענער ווי אַזוי אים צו כאַפּן אומגע-ריכטערהייט, האָט ער באַגלייט ספּין אין געשעפט אַריין.

אין זיין קענגנוואַרט האָט זי זיך געשפּירט אַ סך רויקער זייענדיק פעסט איבערצייגט אַז ער וועט איר זיכער אַרויסהעלפן.

ער האָט זיך אומבאַדינגט געוואָלט פריער זען מיט זיין פריינט לוסיען בערגיע. ער האָט נישט געצווייפלט, אַז יענער וועט אים געבן אַ גוטע עצה, אָנווייזן וואָס צו טאָן.

עפּעס זיבעט זיי דאָך געוועזן חברים אין יענע געפערלעכע שטונדן, ווי צווישן לעבן און טויט איז בלויז איין איינציקער מאָמענט... אויך דער איצטיקער מאָמענט איז פאַר אים געווען העכסט קריטיש.

דאָס מאָל האָט ער אָבער געשפּירט, אַז זיין דרייסטקייט, זיין מוט וואַקסט פון מינוט : צוזאַמען מיט ספּיריטעס עקזיסטענץ איז איצט געווען אין געפאַר אויך זיין לעבן.

ביידע ברידער האָבן זיך שוין געפינען ביי דער אַרבעט. לוסיען איז געווען ביי זיך אין קאַבינעט, ווי ער האָט מיט אַן אויפריכטיקער פרייד אָנגעכאַפּט פאַקאָן פאַר ביידע הענט. פּיער איז געווען אין איינער פון די פאַבריק-האַלעס, פון וואַנען דער עלטערער האָט אים גלייך געשיקט אַ ריינרופן...

—איך בין אַזוי צופריד, וואָס איך זע דיך ווידער, מיין טייערער !— האָט לוסיען כסדר ווידערהאָלט,—ווי לעבעדיק זע-נען איצט געשטאַנען פאַר זיינע אויגן די דעמאָלדיקע איבער-לעבענישן. און דו ווייסט, דיין שוועסטערן-טאָכטער—זי איז אַן אויסגעצייכנטע אַרבעטס קראַפט ! אַן אמתער געווינס ! דו האָסט אונז פשוט געגעבן אַ שיינע מתנה... זי האָט אַ צוקונפט, מעגסט זיך שוין אויף אונז פאַרלאָזן !

—אמת? איז זענט הייסט עס, מיט איר צופרידן?

—פרעג זיך נאָר ביי מיין ברודער! —ער האָט אים פאָר־געשטעלט זיין יונגערן ברודער, וואָס איז אין דעם מאָמענט אריין—מיין טייערער פּאָקאָ, ספּיריטע אָרעליס פּעטער.

פּיער בערניע איז געווען אַנציקט פון דער אינטעליגענץ און דער האַלטונג פונם יונגן מיידל און האָט עס אָפנהאַרציק איבערגעגעבן איר פעטער.

דערשפּירנדיק דעם דאָזיקן צוטרוי, האָט פּאָקאָ אָן שום קונצן דערציילט די גאַנצע געשיכטע וועגן אומגליקלעכן צופאַל מיטן „עלנטן קי ד".

גאַנץ אומשולדיק איז זי אריינגעפאַלן אין די הענט פון אויספאָרשונג־ריכטער, דעם אויסוווּרף...

—דער עסקאַרפּיג־פּראָצעס? צום טייוול! —האָט געמורמלט לוסיען בערניע—די פּרעסע האָט אויפגעהויבן אַזאַ טומל, אַז דאָס געריכט האָט וואַרשיינלעך באַקומען דירעקטיוון פון אַ העכע־רער אינסטאַנץ, אויסצוניצן דעם דאָזיקן ענין אַלס אָפּשוע־קונגס־מיטל.

דער יונגער בערניע, אַ מענטש מיט אַ פיינעם כאַראַק־טער—וואָס האָט זיך נאָך אַליין נישט אָריענטירט, אַז ספּיס אָריגינעלע שיינקייט האָט אים שטאַרק צוגעצויגן—איז געוואָרן אַן אויפגעקאָכטער.

—אָבער דאָס איז נאָך נישט קיין גענוגנדער גרונט אויף צו באַאומרויִקן אַן אָרנטלעך מיידל!.. מען מוז איר אומבאַ־דינגט פון דער דאָזיקער אָפּערע אַרויסשלעפּן. מען קאָן גאַנץ גיך באַגיין אַן אומפאַרבעסערלעכן פעלער! די מאַכט פון די אויספאָרשונגס־ריכטער איז דאָך ממש אַ שרעקלעכע.

—דער באַשולדיקטער געפינט זיך אינגאַנצן אין ווייערע הענט—האָט צוגעגעבן דער צווייטער ברודער...—יאָ, איך וואָלט וועלן וויסן דעם נאָמען פון דאָזיקן בעל־דבר?

—מערמערא.

—מערמערא! —האָט פּיער אויסגעשריגן. —איצט פאַרשטיי

ער איז אין יוסטיץ-פּאַלאַץ באַרימט. דער דאָזיקער חברה-מאַן איז בכּוח צו גילאָטינירן זיין אייגענע מוטער!
לוסיען האָט זיך געריבן די הענט.
—אָבער עס איז דאָס בעסטע, וואָס עס האָט געדאַרפט געשען! ווייל דעם דאָזיקן חברה-מאַן האָבן מיר אין די הענט!.. וואָס אַזוינס?
אין קאַבינעט איז אַריין דער סעקרעטאַר. די פּאָסט. אַ רעקאָמענדירטער בריוו, אייער אונטערשריפט...
—גיט אַהער!.. אַט, נאַט אייך! וואָס ווייטער? איר דאַרפט מיר נאָך עפּעס איבערגעבן?
—פּאַרצייט מיר, מיין הער, אָבער איך האָב געהערט, לגמ-רי נישט ווילנדיק, אַז איר רעדט וועגן דער קליינ:ר אָרע-לי... און כ'האָב לחלוטין פאַרגעסן, אַז מיט עטלעכע טעג צוריק האָט מען דאָ פון דער פּאָליציי געמאַכט וועגן איר אַן אָנפראַגע. עס פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב געגעבן די בעסטע אינ-פאָרמאַציעס. נישט האָבנדיק די קלענסטע אַנונג וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך האָב איך אייך צוליב נאַכלעסיקייט וועגן דעם נישט איבערגעגעבן.
—זייער גוט. איר קאָנט גיין. שיקט אַהער פריילין אָרעלי.
אַז די טיר האָט זיך פאַרמאַכט האָט לוסיען דערקלערט:
—שטעל דיר פאָר, אַז מיט פערצן יאָר צוריק איז דער-זעלבער מערמעראַ געווען ריכטער אין טוראַן, וווּ עס האָט דעמאָלט געוווינט אונזער מוטער. פון אים איז מעוברת געוואָרן אונזער שטובמיידל—ניזע—וואָס איז נאָך ביי אונז עד היום—זי איז איבערגעגאַנגען בירושה פון מיין מוטער צו מיר אַלס קינדערפריילין פאַר מיין טאָכטער.. דאָס אינטערעסאַנטסטע דער-ביי איז אָבער דער פאַקט—אַז איידער ער האָט איר אַוועקגע-וואָרפן האָט ער אָנגעוויזן דער אומגליקלעכער אַן אָרט, וווּ מען וועט איר מאַכן אַ מפּיל.
—ניין!—האָט פאַקאָ אויסגעשריגן—דאָס איז דאָך פשוט אוממעגלעך!

—וואָרט. ביי ניצין געפינט זיך עד היום דער בריוו, אין וועלכן דער דאָזיקער קעמפער פאַר געזעלשאַפטלעכער מאָראַל און פאַר דער פּראָגרעסערונג פון דער באַפעלקערונג—גיט איר נוצלעכע אָנווייזונגען. דעם דאָזיקן בריוו האָט זי מיר אָנפאַרטרויט און איך האָב אים אויפבאַוואָרנט צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע שטיקלעך פּאַפּיר, וואָס קאָנען אין אַ נויטיקן פאַל אויפדעקן דעם ריכטיקן פּרצוף פון געוויסע פּערזענלעכקייטן... אין יעדן לעבנס-קאַמף איז דאָס בעסטע געווער דאָס, וואָס עס ליפערט אונז דער קעגנער גופא. דעריבער זיי גאַנץ רויק. מיר וועלן דעם דאָזיקן מ׳רמגראַ פאַרמאַכן דאָס מויל, אויב ער וועט זיך צושרייען אויפן קול. איך גלויב אָבער נישט, אַז ער וועט זיך שטאַרק אַנטקעגנשטעלן!.. שטעל דיר פאָר, אַז אין יענער צייט איז אונזער בעל-דבר שוין געווען פאַרהייראַט. ער איז עס אויך איצט, ער האָט אָבער נישט קיין קינדער. אַן אילוסטראַציע פון זיינע אויפריכטיקע אָנשויאונגען.

—איך קאָן נאָך אָבער אַלץ נישט פאַרשטיין, וואָס עפּעס אַ נוצן קאָן אונז ברענגען דער מישמאַש פון לגמרי אומבאַוווסטע פאַקטן—האָט פאַקאַ אַ זיפץ געטאָן—מיר קענען דאָך נישט שטעלן פאַרן געריכט דעם ריכטער...

—ניין אָבער מיר קאָנען אָפּנעמען ביי אים די מעגלעכקייט צו שאַטן, ווייל ער ווייס, אַז מיר ווייסן! — האָט אויסגעשריגן פּיער בערניע. — איר וועט שוין זען...—ער האָט אַרויסגענומען פון ברודעריס שאַנק אַ פירמע-קאַרטע. שרייב זיך אונטער, אַלטער, דאָס וועט אויף אים מאַכן אַ שטאַרקערן איינדרוק.

מיט אַ פעסטער שריפט האָט לוסיען בעריניע אָנגעוואָרפן עטלעכע שורות און איבערגעגעבן סעבאַסטיאַן פאַקאָן דאָס דאָזיקע אומגעריכטע פאַרטיידיקנגס געווער:

—לוסיען בערניע שטעלט פאָר דעם הער מערמעראַד זיין בוז׳ם-פריינט, סעבאַסטיאַן פאַקאָ און בעט אים אויסצוהערן מיט דער געהעריקער אויפמערקזאַמקייט.

— עס איז אַ שאַנטאַזש — האָט ער צוגעגעבן מיט אַ שמייכל — אָבער דאָס מאָל, ווייניקסטנס אויפן ריכטיקן אָרט...

מען האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר. עס איז אַריין ספּי. ביידע ברידער האָבן איר באַרויקט מיט עטלעכע פריינדלעכע ווערטער

לוסיען האָט געפרעגט, צי האָט זיך דער אויספאָרשונגס-ריכטער לגמרי נישט גערעכנט מיט די גוטע אויסקונפטן, וואָס עס האָט וועגן איר געגעבן די פירמע.

— דערויף האָט ער לגמרי נישט רעאַגירט, מיין הער, ער האָט אויסשייסלעך גערעדט מיט מיר וועגן פיש-מאַרק.

די אומאויפריכטיקע באַציונג האָט זיך ממש געוואָרפן אין די אויגן.

— זייט רויק, מיין קינד! אייער פעטער האָט גענוג מיטלען אייך צו פאַרטיידיקן.

— און אויב עס וועט נויטיק זיין, וועלן מיר אַליין אינטערווענירן! — דאָס פּיער צוגעגעבן מיט אַזאַ פייער, אַז אין ספּין האָט דערוואַכט די האָפענונג, וואָס האָט זיך גלייך כמעט פאַרוואַנדעלט אין אַן איבערצייגונג, אַז אין דעם מאָמענט האָט איר שיקזאַל אנגענומען אַן אַנדער ווענדונג און איר לעבן וועט זיך אָריענטירן אויף אַ גאַנץ נייער ריכטונג.

קומענדיק נאכמיטאָג צוריק אין קאַבינעט, איז מערמעראַד געווען אין אַ סקאַנדאַליעזער שטימונג. וואַרפנדיק, לויט דער געוווינהייט, זיין בליק אויפן ציפערבלאַט פון זייגער — אַ בראָנזיקורג אויף אַ שוואַרצן מאַרמאָר-זייל — האָט ער אַ טראַכט געטאָן:

— נישט מער ווי האַלב דריי!.. צו פרי געקומען!.. פאַרבייטנדיק זיין האַרטן הוט אויף אַ ווייך היטעלע, זייער אַן אנגענעמע פאַר זיין גרויסן פליך, האָט ער אָנגעהויבן בלעטערן די באַשולדיגונגס-אַקטן און דערביי אומבארחמנותדיק געגענעצט.. אַך! די פאַרשאָלטענע געפּילטע אינדיטשקע!

הייַנט האָט ער געמוזט מכבד זיין מיט אַ פרישטיק דעם

קינפטיקן נייעם סענאטאָר פון רייך-דעפּאַרטאַמענט – די טיילווייזע וואַלן זענען שוין לכל הדעות געווען גאַנץ נאָענט.. פון דערדאָזיקער פּערזענלעכקייט האָט ער געהאָפט צו האָבן א שטאַרקע אונטערשטיצונג אויף וואַגדאָס-פּלאַץ בנוגע זיין פינאַנסירן, וואָס האָט אים איצט ממש היפּנאָטיזירט...

ביים דעסערט האָט אים הילאָט, זיין מיטשפּייזער, מודיע געווען, אַז נאָכגעבנדיק דער דרינגענדער פאָדערונג פון זיין פרוי, האָט ער אַראָפּגענומען זיין קאַנדידאַטור!.. מיט אַנדערע ווערטער נישט זייענדיק זיכער אין דערפאָלג, האָט די דאָזיקע היה אויסגענוצט זיינע שוואַכע שאַנסן, כדי צו באַקומען אַ די־כערן געזעלשאַפטלעכן פּאָסטן, אַ דאַנק דער מיטהילף פון זיין קאָנקורענט, דעם פריערדיקן דעפּוטאַט ראַמען, צו וועלכן די רעגירונג האָט זיך באַצויגן אַ סך גינסטיקער...

מערמעראַד, איין האַנט אויפן בויך, די צווייטע אויפן צע־קרימטן מויל, האָט אויפן קיל געגעסן.

נישט די אינדעטשקע, נישט זיין שטאַרקע פּאַרצווייפלונג—האָבן אים נישט אָפּגעלאָזן. ער האָט אָנגעקלונגען, געוואָלט הייסן זיך ברענגען דעם געווינלעכן רומיאַנעק-געטראַנק.

דער פּאָרטיער, נישט וואַרטנדיק שוין אויף זיין באַפעל, האָט אים אַליין אַריינגעטראָגן, כאָטש עס איז נאָך נישט געווען קיין גאַנצע דריי פערטל דריי.

דאָס לעבן פון הער מערמעראַד איז געווען איינגעטיילט אין געוויסע אָפּשניטן—מיט אומבאַרירבאַרע פּאַרצוימונגען. בלויז צוליבן פרינציפּ האָט ער אַ ברום געטאָן:

—היינט האָט ער זיך צוגעאײלט!...

—אָבער איר אויך, הער ריכטער.

מיט אַ וויכטיקן זשעסט, האָט מערמעראַד אַ ווייז געטאָן אויפן באַרג דאָקומענטן, וואָס זענען געלעגן אויפן טיש.

—צי איז שוין דאָרט פּאַראַן אַן עולם?

—יאָ, עטלעכע אַרויסגערופענע און איין הער, וואָס וויל אויסבאַדינגט זען דעם הער ריכטער וואָס גיבער. אָט איז זיין וויזיט-קאַרטע.

ער האָט אַ וואָרף געטאָן אויף איר אַ בליק. „מיניסטער-יום פאַר לאַנדווירטשאַפט" סעבאַסטיאַן פּאַקאָ. אינספּעקטאָר איבער דער זוימען-אינדוסטריע".

—גוט. זאָל ער נאָך אונטערוואַרטן—לאַנגזאַם האָט ער געמישט מיטן לעפעלע אין גלאָז, פאַמעלעך געטרונקען און בסדר זיך געקרומט—וואָס פאַר אַ עקלהאַפטע זאַך, דערדאָזיקער רומיאַנעק!..—אַוועקשטעלנדיק די טאַסע, האָט ער ווידער געוואָרפן אַ בליק אויף דער וויזיט-קאַרטע—פּאַקאָ?.. ווו האָב איך געזען דעמדאָזיקן נאָמען? „מיניסטעריום פאַר לאַנדווירטשאַפט"?..

גוטמוטיק געשטימט האָט ער אַ זאָג געטאָן:

—נעמט צו! אייער רומיאַנעק איז נישט געווען געגנוג הייס... זייט פאָרזיכטיק אויב מיין מאָגן וועט אים, חלילה—נישט איבערקאָכן!.. הער באַרבאַרו איז שוין דאָ?

—דער הער סעקרעטאַר אוז נאָך נישט געקומען.

—ווי נאָר ער וועט קומען וואַרט איך אויף אים. דערווייל לאָזט אַריין דעמדאָזיקן הער...

ער האָט אים אָנגעוויזן אויף אַ שטול... שטילשווייגן. פּאַקאָ, זיצנדיק פעסט אויפן גרינעם פאָטעל, האָט אים אָנגעקוקט.

הער מערמעראָד האָט זיך אינפאָרמירט מיט אַ כלומרשט גוטמוטיקן טאָן:

—וואָס פאַרלאַנגט איר?

איך האָב געוואָלט מיט אייך רעדן וועגן אַ פּערזאָן, וואָס איר שיקזאַל ליגט אין אייערע הענט.

מערמעראָד האָט זיך אָנגעבלאָזן, באַלד אָבער מיט אומצופרידו זיך געווענדט צום באַזוכער און אַ זאָג געטאָן:

—איך הער אייך!...

ביי סעבאַסטיאַנס ערשטע ווערטער איז מערמעראָד געלער פּנים גלייך געוואָרן ווי פאַרשטיינערט.

נאָכדעם ווי ער האָט זיך איבערצייגט, אַז דער פאָרשטייער פון אַ גריקולטור-מיניסטעריום איז נישט מער ווי אַ נידעריקער באַאַמטער, וואָס איז געקומען אין אַ פּערזענלעכע אָנגעלעגנהייט בעטן

רחמים פאַר זיין אָרעמער קרובה, וועלכע שטייט אונטער אַ פאַר־דאַכט,—האָט דער בּאַליידיקטער יוסטיץ־פאָרשטייער מאָמענטאַל געביטן דעם טאָן.

—דערדאָזיקער קליינער פרווו צו מאַכן אַ דרוק אויף מיין געוויסן, מיין הער, קאָן אייך אַ מאָל צו טייער קאָסטן! לכּל הדעות איז עס נישט צום גונסטן פון דער באַשולדיקטער, וואָס אירע עובדות...

מיט אויטאָריטעט האָט אים פאַקאָ איבערגעהאַקט. ער האָט זיך געהאַלטן מיט אַלע קרעפטן נישט צו דערלאָזנגען אין באַק דעמדאָזיקן עקעלהאַפטיקן פאַרשוין, וואָס האָט זיך אַזוי פאַרלאָרן פון פאַקאָס אַרויסטריט, אַז ער האָט אויפן קול געגרעפּסט.

—איך האָב נישט געפּרוווט מאַכן קיין שום דרוק. איך בין אייך בלויז געקומען פרעגן, ווי איין מענטש דעם צווייטן, אין וואָס פאַרדעכטיקט איר מיין שוועסטערן־טאָכטער? איך האָב זי דערצויגן און איך קען איר. אויב זי איז געפאַלן אַלס קרבן פון אַן אויסוורוף האָט זי דאָך אָבער נישט אויפגעהערט צו זיין אַן ערנסטלעך ערלעך מיידל. עס איז אויסגעשלאָסן אַז צוליב דעם, וואָס מיט איר האָט פּאַסירט אַן אומגליק זאָל מען איר אַריינציען אין אַן אַפּערע, מיט וועלכע זי האָט לחלוטין קיין שום שייכות נישט.

קומענדיק צו זיך איז מערמעראָד אויפגעשטאַנען. ער איז געוועזן בלייך ווי קאַלך פון שלעכט באַהאַלטענעם צאָרן־אויסברוך.

—דאָס וועלן מיר נאָך זען! דערווייל בעט איך אייך פון דאַנען זיך אָפּצוטראָגן.

ער האָט געוואָלט, קלינגען אָבער פאַקאָ איז אויפגעשפּרונגען און אים אָפּגעהאַלטן. דער צושראָקענער ריכטער האָט אים אָנגעקוקט.

—מיין שוועסטערן־טאָכטער האָט לגמרי קיין שום מורא נישט פאַר דעם יוסטיץ פאַרמישט איר נישט צוליב אַ עצות אין דערדאָזיקער שמוציקער אַפּערע! צווינגט איר נישט אומזיסט צו פאַרלירן איר צייט און איר פּאָסטן! איך קאָן געלונגען איר צו

באשולדיקן, נאָר מיסבּרויכנדיק מיט אייער מאַכט! זי האָט מיר איבערגעגעבן וועגן אייערע דראָונגען... לגמרי אומבּאַגרינדעט... היט זיך, איך האָב אין דער פּרעסע גוטע פריינט.

—איר דראָט גאָר מיר! איר...—דער כּעס האָט געווירקט אויף זיין פּאַרדייאונג, ער האָט שוין לגמרי נישט געקלערט וועגן באַהאַלטן דעם ריח פון זיין גרעפּסן... איר וועט מיר האָבּן צו געדענקען! באַליידיקט דעם ריכטער ביים אויספירן זיינע פליכטן! מיר וועלן זיך מיט אייך אָפּרעכענען!...

—מיט אַ העפטיקער באַוועגונג האָט ער אַריינגערוקט אין שופלאָד פּאַקאָס וויזיט-קאַרטע און מיט אַ שטים פאַרשטיקט פון אויפרעגונג געפּישטשעט.

—אַרויס פון דאַנען!—

אָבער פּאַקאָ, זיך דערנענטערנדיק, האָט האַסטיק אַ כאַפּ געטאָן זיין האַנט וואָס האָט זיך געצויגן צום עלעקטרישן קנעפּל.

—איר מוזט מיך אָבער אויסהערן!

מערמערא, אַ דערשראָקענער פון פּאַקאָס ווילדן געזיכטס-אויסדרוק האָט געהאַלטן פאַר ריכטיקער אָפּצוואַרטן ביז וואַנען ער וועט זיך בּאַרויקן. געדולד! איצט וועט ער מיט איין קלאַפּ פּטרון דעם פּעטער מיט זיין שוועסטערן-טאָכטער! מיט אַ מינע פון אַ שטאָלצן איבערגעוויכט האָט ער זיך צוריק אַוועקגעזעצט, באַשליסנדיק לויט פּאַקאָס מינע צו כאַפּן דעם געהעריקן מאָמענט אויף אָנצוקלינגען.

יענער האָט עס אָבער פאַרשטאַנען און צורוקנדיק מיט איין האַנט דעם שטול, האָט ער זיך געזעצט אויף אַזאַ אופן, אַז מיט דער צווייטער האָט ער פאַרדעקט דאָס קנעפּל.

—דער ענין איז נוגע בלויז אונז. פּרוווט גאָר נישט עמיצן אַריינצורופן, אויב אייך איז טייער אייער לעבן!

דער באַטומלטער מערמערא האָט געזען זיין מעגלעכע רעטונג בלויז אין אָנקומען פון סעקרעטאַר. ער האָט אַ געגנעץ געטאָן,—געווויסערמאַסן צוליב די פאַרדייאונגס-שטערונגען אָבער אויך מיט דער כּוונה צו באַווייזן דער גאַנצער ענין אינטערעסירט אים ווי דער פאַראַיאָריקער שניי.

—איך זעק פאַר ; די צוויי הויפּט-חטאים, אין וועלכע איר באַשולדיקט מיט דער גאַנצער געזעלשאַפט, אויף וועלכע איך האַלט אייך פאַר פעיק—מיין שוועסטערן טאָכטער,—דאָס ערשטע : איר כלומרשט אַגיטאַציע צו מאַכן אַן אָבאָרט—האַלט לגמרי נישט אויס די מינדעסטע קריטיק. דאָס צווייטע : די אַנטי-געבורטס-פּראָפּאַגאַנדע—איז נישט דערוויזן. אייערע אינפאָרמאַציעס אויפן פישמאַרק ?

דער געפאַנגענער האָט איראָניש געשמייכלט.

—די בראָשור, וואָס מיין שוועסטערנס טאָכטער האָט געבאָרגט איינער פון אירע חברטעס ? זי אַנטהאַלט נישט קיין שום זאַך, וואָס איז פאַרבאָטן דורכן געזעץ. איך קאָן עס גוט, איך האָב איר אַליין דידאַקטישע בראָשור געגעבן.—„פרייע ליבע—פרייע מוטערשאַפט״—פון פאָל ראָבין, אַ פילאָזאָף, אַ הייליקער מענטש. קיין שום אָנווייז, אפילו נישט פון ריין וויסנשאַפטלעכן כאַראַקטער, קיינע רעצעפּטן אָדער מכשירים, אויף וועלכע איר זאָלט קאָנען שליידערן אייערע דונערן און בליצן... וואָס בלייבט אַלזאָ ? השערות פון אויער צו אויער... זיי זענען ווי דער געדאַנק, אומאָנגרייפבאַר... רעזיגנירט דעריבער פון געדאַנק צו ריינצווּשלעפּן אַהער אַ קינד, וואָס מען קאָן איר אייגנטלעך, קיין זאַך נישט פאָרוואַרפן, אויסער אפשר אַ געוויסן מין נאַרישקייט—וואָס אירע איבערצייגונגען פונקט ווי איר אויפירונג, פאַלן אָבער לגמרי נישט אַרונטער אונטער אייער קאָמפּעטענץ.

דער צוקאָכטער מערמעראָד האָט זיך פּלוצלינג דערמאָנט אָן איינעם פון די עפעקטן פון זיין רעדנער-קונסט מיט וועלכע ער פלעגט זיינער צייט נאָך זייענדיק אין טורגאַן גאַנץ אָפט אָפּערירן : ער האָט אָנגעהויבן רעדן אין נאָמען פון דער מאָראַל :

—פראַנקרייך נויטיקט זיך אין קינדער ! און אַלע, וואָס פרווון שריפטלעך אָדער מינדלעך צו ווירקן אויפן פאַרקלענערן די קינדער-פּראָדוקציע — זענען אויסגעשפּראָכענע שונאים פון דער מלוכה. דער קינסטלעכער מפיל איז אַ פאַרברעכן קעגן דער

נאַטור און די אַנטי-געבורטס-פּראָפּאַגאַנדע—אַן אַטענטאַט אויף דער געזעלשאַפט.

פּאַקאָ האָט אַ שמייכל געטאָן.

—זייער גוט, הער ריכטער! אויב איר זייט געניייגט זיך צו האַלטן ביים דאָזיקן טאָן, אָפּגעבן מיר דעם כבוד דורכן אַרויס-זאָגן אייער מיינונג מכּח דער דאָזיקער פראַגע!—וועל איך ענדיקן דערמיט, פון וואָס איך האָב בלי ספק געדאַרפט אָנהויבן. איך וויל אייך איבערגעבן אַ בריוו פון אַ פּערזאָן, וועלכע איר קענט און וואָס האָט מיך צו אייך געשיקט פאַרצייט די נאַיווקייט פון אַ דאָרפס-מאַן...

נישט אָראָפּנעמענדיק די אויגן פון עלעקטרישן קנעפּל האָט ער אויסגעזוכט אין זיין פּאָרטפעל סען-לוסיענס אָפענעם בריוו און אים דערלאַנגט דעם ריכטער.

קוים האָט מערמעראַד דורכגעלייענט די ערשטע שורות, איז ער געוואָרן רויט ווי פייער און אויף זיין געזיכט האָט זיך דייטלעך אָפּגעשפּיגלט זיין שטאַרקע אינערלעכע דערשיטערונג.

—לוסיען-בערניע, וויצע-פּרעזידענט פון דער האַנדלס-קאַמער! איר קענט זיך מיט די דאָזיקע בערניעס?—האָט ער אַ פרעג געטאָן, אַ צעטומלטער.

—צי איך קען לוסיענס! די גאַנצע פאַמיליע, אָנהויבנדיק פון פּיערן ביז לוסיענס פרוי און פון זיין טאָכטער ביז איר באָנע—פרייליין ניזע!

מערמעראַס ברעמען האָבן אַ ציטער געטאָן אונטערן טיפן איינדרוק פון דער אומגעריכטער עמאָציע.

—פאַר וואָס האָט איר נישט געזאָגט?... איך זע, אַז איר זענט אַן אַלטער פריינט פון לוסיען-בערניע!

—גוטע פריינט, שוין גאַנצע צוואַנציק יאָר!—האָט פּאַקאָ אַ ביסל מגזם געווען.

—באמת?

אַ שטאַרקער גרעפּס-אָנפאַל האָט אים לגמרי אַנטשטעלט, זיך אַרויסרייסנדיק מיט אַזאַ שאַרפן טאָן, אַז ער האָט נישט באַוויזן אָפּצושוואַכן די קראַפט פון קלאַנג...

— פאַרצייט!

אין פאַרלויף פון עטלעכע סעקונדן האָט פּאַקאָ שטאַרק הנאה געהאַט פון דער אויפרעגונג, וואָס האָט זיך אָבגעשפּיגלט אויפן ריכטערס צעטראָגענעם געזיכט.

מערמעראַד האָט זיך אָבער געכאַפּט און אַ זאָג געטאָן מיט אַ מער העפלעכער שטים.

— עס זענען אונזערע גרעסטע זייף־פאַבריקאַנטן! איינע פון די הויפּט־פירמעס אין מאַרסעל.

— מיין שוועסטערן־טאָכטער — איר האָט עס אפשר נישט געוווּסט — איז זייערס אַן אָנגעשטעלטע און איינע פון די בעסטע.

— מערמעראָד האָט אונטערגעהוסט.

— יאָ, לויט די אינפאָרמאַציעס שטימט עס ווירקלעך. דאָ רעדט זיך עפּעס אויך וועגן דעם אין די אויספאָרשונגס־פּאַפּירן.

ער האָט זיך פאַרקלערט. ווי אַזוי האָט אים געקאָנט איינפאַלן, אַז דער דאָזיקער אומנאָרמאַלער מענטש איז אין אַזעלכע נאָנטע באַציונגען מיט די פאַרפלוכטע בערניערס!... וואָס, לפּשל זייס ער אַזוינס?... וואָס האָט ער געמיינט מיט דידאָזיקע געהיימניספולע ווערטער מכוח „מיין אויסשליסלעכער אויפמערקזאַמקייט?“

צום ערשטן מאָל נאָך אַזאַ לאַנגער צייט זענען יענע געפערלעכע דערינערונגען, וואָס ער האָט זיי געהאַלטן פאַר לגמרי פאַרגעסענע און פאַרשוונדענע — ווידער געשטאַנען הינטערן רוקן פון דאָזיקן געזעלשאַפטלעכן קונצן־מאַכער און אים געצוווּנגען אַ קלער צו טאָן מכוח זיינע מעשים. ער האָט אַ זיפץ געטאָן.

— עס טוט מיר ווירקלעך וויי! איך וואָלט זייער וועלן פאַרשאַפן אייער פריינט פאַרגעניגן... אָבער עס איז זייער אַ שווערע זאַך... דער אַרעסט־באַפעל ליגט שוין אַ פאַרטיקער!...

ער האָט אַן עפן געטאָן ספּיס באַשולדיקונגס־אַקט, אים געבלעטערט, זיך קראַצנדיק דורכן היטעלע אין קאָפּ מיטן פּאַפּיר־מעסער.

— זייער שווער... ווען מען זאָל שוין אפילו אָבוואַרפן די

פאַרברעכערישע אַנטי-גאָוועטס-פראָפּאַגאַנדע—בלייבט דאָך אָבער אַלץ דער פאַקט, אַז פרייליין עטיענעטע רוסטאַן האָט געמאַכט אַ קינסטלעכן מפּיל, און אייער שוועסטערן-טאָכטער האָט זיך אַנגעוויזן דעם אָרט...

—זי לייקענט עס אָפּ.

—דערויף זענען דאָ די סאַמע ערנסטע באַווייזן... הערט מיך אויס... כדי צו דערפילן מיין פליכט, וואָלט איך אומבאַדינגט געמוזט אויך איר אַריינציען אָבער אויפן גרונט פון מיין פריינטשאַפט צו דער פאַמיליע בערניע, וועל איך מיך באַמיען מיט אַלע כחות צו געפינען וועלכן נישט איז מיטל, וואָס זאָל גלייכצייטיק באַפרידיקן און בארויקן אויך מיין געוויסן. לאָמיר אָפּלייגן די אויספאָרשונג פון אייער שוועסטערן-טאָכטער אויף מאָרגן! אפשר וועט מיר פאַר דער צייט געלונגען צו געפינען אַנאויסוועג..

מיט אַ כלומרשט פריינטלעכן טאָן האָט ער נישט ווילנדיק אַ פרעג געטאָן:

—איר וועט זיך נאָך זען היינט מיט אייערע פריינט?

—וואָס פאַרא פראַגע! זיי וואַרטן אויף אונז.

—זייט אַזוי פריינטלעך און גיט איבער דעם הער לוסיען בערניע, אַז עס וואָלט מיר מאַכן פאַרגעניגן זיך דורכצורייִדן מיט אים פערזענלעך מכּוח דערדאָזיקער אַפערע. אפשר וואָלט ער זיך וועלן אַריינקומען צו מיר מאָרגן זייגער צען פרי... אָדער— אויב ער איז פריי—אפילו היינט נאָך מיטאָג. איך וועל זיין אין דער היים.

ער איז אויפגעשטאַנען און געפרוווט אַ שמייכל טאָן. אפשר נאָך אונזער געמיינזאַמער באַראַטונג, וועל איך באַקומען די מעגלעכקייט אייך איבערצוגעבן אַן אָנגענעמע ידיעה.

—איך וועל האָפן!—האָט זיך פּאַקאָ אָנגערופן מיט אַן אומדורכדרינגלעכן בליק. איך וועל גלייך איבערגעבן אייער אויפטראָג.

—פוקס! האָט ער אַ קלער געטאָן—דו ווילסט אַרויסקריגן די בריוו!..

אויפן אַנדערן טאָג האָבן זיך דער פּעטער און זיין שוועס-טערן-טאָכטער געמאָלדן פּינקטלעך אין דער באַשטימטער שעה, דער פּאַרטיער, באַקומענדיק געוויסע אינסטרוקציעס האָט גליין, מיט גרויס דרך-ארץ אויסגערופן דעם נאָמען—הער פּאַקאַ.

דער פּעטער איז אַריין אַ סך פּעסטער, ווי דאָס ערשטע מאָל: ער האָט געהאַט ביי זיך דעם רעטונגס-אַקט נאָכן וויזיט ביי מערמעראָדן, האָט עס אים לוסיען בערניע איבערגעגעבן צו דער האַנט אין אַ פאַרמאַכטן קאָנווערט.

—דער עיקר איז, אַז דו זאָלסט אים נישט אָפּגעבן פריער דעם בריוו, ביז די קליינע וועט נישט האָבן אונטערגעשריבן אַ נייעם פּראָטאָקאָל, וואָס נעמט אַראָפּ פון איר די גאַנצע באַשולדיקונג... מיר האָבן זיך מכוה דעם פאַרשטענדיקט כמעט אָן דבורים. אָבער מיט אַזאַ מין באַאַמטן—מיט אַזעלכע חברה-לייט —מוז מען זיין פאָרזיכטיק—דער אומצוטרוי איז די מוטער פון דער זיכערקייט. לאָז זיך נישט אַרויסרייסן פון האַנט דאָס געווער. עס פאַרשטייט זיך אַז דו האָסט קיין אַנונג נישט וועגן דעם וואָס עס געפינט זיך אין דאָזיקן קאָנווערט.

פאַר מערמעראָדן זענען געלעגן אויפן טיש אַלע פּאַפּירן, ברייט פונאַנדערגעפּנט. מיט אַ גוטער מינע צום ביזן שפּיל האָט ער איינגעלאַדן דעמדאָזיקן אומגעבעטענעם שליח זיך זעצן אים קעגנאיבער. און נישט אויפהויבנדיק די אויגן פון די דאָקומענטן ווי ער זאָל ווירקליך האָבן אַנטדעקט אין זיי ספּיס געוווּנשענע אומשולד האָט ער געעפנט דאָס מויל.

—יאָ, הער בערניע האָט מיר צוגעשטעלט אַזעלכע אינפאָרמאַציעס וועגן אייער שוועסטערן-טאָכטער,—אַז אונטער אַזאַ גאַראַנטיע—און דורכשטודירנדיק נאָך איין מאָל אויפמערקזאַם דעם גאַנצן ענין,—קאָן איך זיך מיט אַ ריין געוויסן אָפּזאָגן פון מיין ערשטן איינדרוק... מיר ווען עס איינאָרדנען... מיין סעקרעטאַר איז שוין מיסטיניגלעך געקומען. איך, וועל אָנקלינגען... איר וועט דערלויבן?

—גאַנץ באַשטימט!

—אייער שוועסטערן־טאָכטער איז דאָ? יאָ? נאָך אַלעמען איז איר האנדלונג לגמרי נישט שטראָפבאַר... און עס וואָלט געווען נישט ריכטיק פון מיין זייט איך זאָל נישט נעמען אין באַטראַכט דעם אינטערעס, וואָס עס ווייזן אַרויס און באַציאונג צו איר אייערע אַלטע פריינט.

פּאַקאָ האָט זיך מיט ווירדע אַ נייג געטאָן. ער האָט שלעכט באַהאַלטן זיין טריומף איבערן שרעקלעכן ציין־קריטשן פון דער אַנטוישטער כיענע...

ספּי אַריינגייענדיק צוזאַמען מיטן הער בערבערו, האָט נישט געגלויבט אירע אויגן: הער מערמעראַ האָט זיך באַמיט צו שמייכלען.

אויסדריקנדיק זיין פלומרשטע צופרידנקייט מיט דער געלונגענער וואָל פון איר אַדוואָקאַט האָט ער איר בלויז פאָרמעל נאָך אַמאָל אַלץ אויסגעפרעגט—דערנאָך זיך געווענדט צו איר מיט אַ קורצע דרשה צו ווערן קליגער, און צום סוף איז ער אַרויס מיט אַ פּאַטריאָטישער רעדע וועגן דער נויטווענדיקייט צו פאַרגרעסערן די באַפעלקערונג.

פאַר דער צייט האָט דער סעקרעטאַר באַוויזן אויפצושטעלן אַ נייעם אויספאָרשונגס־פּראָטאָקאָל. אַ קורצער און דייטלעכער האָט ער מיט זיין אינהאַלט לחלוטין אַנולירט דעם פריערדיקן.

מיט אַ גלייכגילטיקער מינע האָט איבּ מערמעראַ פריער אַליין איבערגעלייענט אויפן קול.

—שרייבט - אונטער.

ער האָט צוגענומען די דאָקומענטן צוזאַמען מיטן נייעם פּראָטאָקאָל, אַריינגעלייגט אין אַ טעטשקע און דערנאָך אין שופלאַד, לאָזנדיק איבּ אַ ביסל אָפן, כדי אַריינצורוקן אַהין דעם קאָמפּראָמיטירנדיקן קאָנווערט... אָבער וואָס וואַרט נאָך די דאָזיקע חיה? פאַרוואָס גיט ער איבּ נישט אָפּ זיין דאָקומענט? אָנהויבנדיק זיך דענערווירן, האָט ער מיט אומרויקע בליקן נאָכגעקוקט פּאַקאָס זאָרגלאָזע באַוועגונגען, וועלכער האָט איצט פון זיין זייט שטאַרק הנאה געהאַט, לייענענדיק דעם אומגעווייני.

לעכן פסק אויף יענעמס פאַרביטערטן, פאַרצאָרגטן געזיכט. ענד־לעך האָט זיך מערמערא געווענדט צו ספין, נישט אראָפּנעמענ־דיק אָבער די אויגן פון פּאַקאָן.

—איר זענט פריי...—ער האָט אַ ווייז געטאָן אויף די פאַרבאָטענע בראָשורן—איך קאָנפיסקיר זיי... קויפט זיי מער נישט... אָ! וואַרט! דאָס איז אייערס, אומבאַדינגט...

מיט אַ שטילן פאָרוואורף האָט ער איר דערלאַנגט די גרי־נע קאַרטע... און דאָ זענען—ער האָט זיך אויסגעדרייט צו פּאַ־קאָן:

—אייערע בריוו, אַלע ביז איינעם, צוגויפגעבונדן מיטן זעלבן שטריקעלע... קיינער האָט עס נישט געעפנט...

ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט, גרייט צו באַקומען אַנ־שטאָט דעם קאָנווערט מיטן פּאַפּיר וועגן דער פריוווּיליקער טראַנזאַקציע.

און טאַקע ערשט נאָכדעם ווי פּאַקאָ האָט שוין געהאַט אין האַנט זיין בינדל בריוו, האָט ער זיך כלומרשט אַ קלאַפּ געטאָן אין שמערן.

—איך האָב לגמרי פאַרגעסן! איך האָב צו אייך אַ בריוו פון לוסיען בערניע...

אַ צופרידענע רויטקייט האָט זיך צעגאָסן איבערן אַש־גרוי־ען פּנים.

—איר וועט דערלויבן?

האָבנדיק ענדלעך צום ערשטן מאָל די זיכערקייט, אַז איצט וועט ער קאָנען רויִק שלאָפן—האָט זיי מערמעראַד באַ־גלייט מיט אַ קורצן גרוס.

—זייט אַזוי גוט און גיט איבער אַ גרוס די הערן בער־ניע. פריילין!...

ער האָט זיך העפלעך פאַרנייגט.

מאָמענטאַל האָט די מאַסקע ווידער אָנגענומען זיין אומ־דורכדרינגלעכן אויסדרוק. מיט אַן אומענדלעכער צופרידנקייט זענען פּאַקאָ און ספי שטילערהייט אַרויס פון „גערעכטיקייט־פּאַלאַץ"...

—זיי האָבן איבערגעלאָזן ביי זיך מיין וואַליזע!—זענען געווען די ערשטע ווערטער, וואָס ספּי האָט אַרויסגערעדט.

פּאַקאָ האָט אַ שמייכל געטאָן.

—מיין עצה איז, דו זאָלסט זיך נישט אומקערן נאָך איר. דו דאַרפסט זיין צופרידן וואָס דו האָסט זיך אַרויסגעדרייט פון דערדאָזיקער געפערלעכער פאַסטקע.

—שוין איין מאָל אַ שופט!—האָט זי אויסגערופן.—אייביק חעט שטיין פאַר אירע אויגן דערדאָזיקער מיאוסער פּרצוף און דאָס, וואָס עס האָט ביי אים פאַרנומען דעם אָרט פון אַ נשמה.

## 11.

אַן אָקטאָבער-זונטיק, אין וועלכן עס ציטערט נאָך כסדר דער זומערדיקער גלאַנץ. ספּין און איר פּעטער האָט זיך געדוכט, אַז דער דאָזיקער גלאַנץ זינגט און לאַכט אין אַלע הערצער... די בלענדנדיקע ליכטיקייט—כמעט ווי אינמיטן זומער— האָט אָבער דאָך אַנטהאַלטן אין איר האָפענונגסלאָזער פּראַכט אַ מין טיפע מעלאַנכאָליע.

גאַנץ פרי זענען זיי אַוועקגעפאָרן קיין ע, כדי צו פאַרברענגען דאָרט דעם גאַנצן טאָג.

זיי זענען צוריקגעקומען פריילעכע, לוסטיקע, אַ דאַנק דער פאַרשידנאַרטיקייט פון די באַקומענע איינדרוקן.

זייער גייסט האָט זיך באַרייכערט פון די באַזוכן אין די אומציילִיקע מוזעאומס. און פאַרענדיקט האָבן זיי דעם טאָג מיט אַ שפּאַציר איבערן הויף פון דער באַרימטער קירך.

דער טראַמוויי, בעתן צוריקפאָר, איז געווען איבערפולט אין דער גאַנצער וועג און האָט ממש געצווימלט פון אויטאָס, ציקליסטן און פוסגייער...

אויפן פלאַטפאָרם, לעבן זיי, האָבן עטלעכע יונגעלייט צופרידן מיט זייער פרייהייט, שיקאַנירט די פאַרבייגייער מיט זייערע ציניִשע וויצן.

זייער פריילעכקייט האָט דערגרייכט די העכסטע שטופע,

בעת אויף דער סען-אַנטואַן-סטאַציע איז צריין אין טראַמוויי אַן ענגלענדערין. זי האָט געטראָגן עפּעס אַן אומגעלומפּערטן הוט, אַן אויסגעצויגענעם ווי צוויי עראָפּלאַן-פליגלען, און אינמיטן אַ גאַנצער שטיק פעדערן, וואָס האָט כסדר אונטערגעטאַנצט...

—וואָס פאַר אַ משונהדיקע בריאה!

זי האָט זיך אויסגעדרייט צו זיי מיטן רוקן.

זיי האָבן אָבער געטייטלט מיט די פינגער אויפן שטורצנ-דיקן קנופּ און געחזרט זייער פראַגע:

—צי האָסטו שוין באַצאָלט פאַרן דאָזיקן הוט?—און דער גאַנצער עולם האָט געפּלאַצט פון געלעכטער.

אַן אויפגערעגטע האָט ספּי כראָפּאָנירט:

—אפשר וועלן מיר אויסשטייגן, עס איז בלויז געבליבן אַ דריי קילאָמעטער... דיר איז נישט שווער צו גיין צו פיס?

—ניין. מיר וועט עס באַרויקן. מען קאָן דאָך דאָ ממש פאַרטויבט ווערן פון זייערע קולות.

אַז דער טראַמוויי איז אונטער די גרויסגעוועונגס-געשרייען פון דער לוסטיקער חברה ענדלעך פאַרשוווּנדן געוואָרן, ד'האָט ספּי אַ נעם געטאָן איר באַשיצערס האַנט און זי צוגעדריקט צו איר ברוסט.

—אָ! ווען דו זאָלסט וויסן ווי גוט איך געפין ד'היינט ס'לעבן!

פּאַקאָ האָט צו איר געשמייכלט.

—וואָס איז דער וווּנדער. נאָך אַזאַ שווערן וועג, ווי דו האָסט לעצטנס דורכגעמאַכט!

ווי אַ שטורם האָבן זיך געטראָגן אין איר די דערינע-רונגען, זיך דרייענדיק, ווי די אַראָפּגעפאַלענע הערבסט-בלעטער אונטערן קאַלטן ווינט.

זיי האָבן אַרומגערינגלט ספּין מיט זייער שנעלער רונד-קייט: שאַטאָ-רוזש פון איר קינדהייט... אַליוועט אין איר פאַר-האַסטער משפחה... דער אומגליקלעכער פאָטער, אַ גוססער ווייט פון אַלע... און קאָנסטאַנטין! און פראַנסואַ!... דערנאָך, אָפּוויי-שענדיק אָט די אַלע ווייטע בילדער, די נענטערע געשטאַלט

פון יענעם וואָס זי האָט פאַרלאָזן, וואָס האָט ביי איר אַרויס־געכרופן אַ שאַרפן, שניידנדיקן ווייטיק. דערמאָנענדיק איר אַן יענעם אומבאַקאַנטן—דעם הויפּטשולדיקן פון אַלע אירע אומגליקן!

וואָס טוט ער איצט, אין דעם מאָמענט, דערדאָזיקער טיראַן, וואָס האָט איר פאַרפּגעפירט פון ריכטיקן וועג? אויף וואָס פאַר אַ ווילדן שפּיל האָט ער אויסגענוצט זיינע קרעפטן?... צי וועט זי אים נאָך וועמען נישט איז זען?.. זי האָט עס געוואָלט, זי האָט געוואָלט מיט איין פליאַסק אויסדריקן אים איר גאַנצע טיפע שמערצלעכע פאַראַכטונג.

קלערנדיק וועגן דעם האָט זי געשפּירט אַ שטאַרקן עקל צו די דאָזיקע מענער, וואָס זייערע ווילדע תאוה־געדאַנקען אַרבעטן שטענדיק אין איין ריכטונג צו פאַרשקלאַפן די פרוי.

עס האָט אַ שיין געטאָן סימאָנס בלייכער סילועט—און איז תיכף פאַרשוווּנדן.

גלייכצייטיק האָט אַ בליק געטאָן אַ ניי געזיכט—עפּעס אַן אומבאַשטימטעס, אַ נעפּלהאַפטעס, און זי האָט זאָגאַר נישט געוואָגט צוצוגעבן קיין נאָמען דעם דאָזיקן אָנגעמערקטן בילד. יע:ער האָט אויסגעזען אינטעליגענט און פיין...

ער האָט זיך אָבער געטראָגן אין דערלופטן, אויף אַזאַ ווייטן שטח, אַז זי האָט זיך קוים געקאָנט אים פאָרשטעלן...

זי האָט זיך באַמיט אים צופּצורוקן אָן אַ זייט און צוזאַמען מיט אים דאָס געפיל, וואָס עס האָט ביי איר אַרויסגערופן פיער בערניע...

זי האָט טיף אָפּגעאָטעמט. אַרום איז נישט געווען מער ווי דער וועג, באַגאָסן מיט זון, די באַלעבטע פאַרשטאָט, און לעבן איר—דער טייערער פעטער!

—ווי דאַנקבאַר בין איך דעם שיקזאַל, וואָס האָט מיר געגעבן אַזאַ פעטער ווי דו... אַזאַ גוטן, אַזאַ נאָכגיביקן...

זי האָט אַ זיפץ געטאָן. ער האָט פאַרשטאַנען.

—דו מוזט נאָך האָבן אַ געוויסע צייט, כדי צו דערגרייכן צוריק פולשטענדיקע גלייכגעוויכט... אַזעלכע נסיונות

ווערן נישט פֿאַרגעסן אַזוי לייכט—אין איין טאָג...

—איך וועל עס קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן!

— דו ווילסט דערהייסט עס, דערמיט זאָגן, אַז דו ווייסט וויסן ווי אויסצונוצן די לעקציע, וואָס זיי האָבן דיר געגעבן... דער שמערץ איז אַ צוויי-קאַנטיק געווער: ער לייגט אַוועק די שוואַכע, און פֿאַרהאַרטעוועט די שטאַרקע.. געדענק אָבער אָן דעמדאָזיקן וווּנדערבאַרן אומשטאַנד! דו ענדיקסט איצט בלויז צוואַנציק יאָר... די ספּיריטע פֿון נעכטן איז טויט, זאָל לעבן די ספּיריטע פֿון מאָרגן!

—אָבער דאָך, פֿעטער, אַז איך הייב אָן צו טראַכטן... ס'לעבן האָט אויך גוטע מאָמענטן, ווי די איצטיקע למשל... אָבער פֿאַר אַנדערע—איז עס נישט מער—ווי אומאויפֿהערלעכע ליידן—אומענדלעכע אומגליקן. אָט, למשל, די עלנטע עטיענעטע!

—יאָ, זי וועט זיך שוין זיכער נישט אַרויסדרייען: פֿון זעקס מאָנאַט ביז דריי יאָר תּפֿיסה און פֿון צווייהונדערט ביז דריי טויזנט פֿראַנק שטראָף!

— זאָג וואָס דו ווילסט, אָבער עס האָט אַזוי נישט געדאַרפֿט צו זיין, עס איז נישט יושרדיק. אַ מוטער, וואָס ווערט קעגן איר ווילן שוואַנגער, דאַרף האָבן ס'רעכט זיך צו באַפֿרייען פֿון קינד איידער עס ווערט געבאָרן, און זיך אָפּצו-זאָגן דערפֿון נאָכדעם!

—אפֿשר איז עס דער אמת פֿון מאָרגן!.. אפֿשר וועט קומען אַ צייט, וואָס אַנשטאָט די פֿאַרבאָרגענע אבאָרטן, פֿאַר וועלכע מען באַצאָלט אָפּטמאָל מיטן לעבן, ווי למשל יענע אומ-גליקלעכע וואָס צוליב איר טויט זענען אַריינגעפֿאַלן מאַדאַם עסקאַרטפֿיג און דיין עטיענעטע... אפֿשר וועסטו עס זען—פֿאַר מיר איז עס אַלץ איינס ווי איך אַליין—ווייל דו ביסט די פֿאָר-זעצונג, דער המשך פֿון מיינע אַנשויאונגען פֿון מיין איך!— ווי פּראַקטיצירנדיקע דאָקטוירים וועלן אויפֿן געזעצלעכן אופֿן מאַכן אַבאָרט-אָפּעראַציעס, לויטן פֿאַרלאַנג פֿון דער מוטער, ווי זיי מאַכן עס אויך איצט אין פֿאַל פֿון אַ קראַנקהייט אָדער ווען עס דאָט דער פּרוי אַ לעבנס-געפֿאַר... דו ווייסט אויסגעצייכנט

אַז איך בין נישט קעגן פּרינציפּ פון אַבאָרטן—אָבער איך פאַר־אורטייל אַמשטאַרקסטן די געפאַר וועלכער עס וואַרפן אונטער די אומגליקלעכע פרוי, די שמוציקע הענט און די עמפּי־רישע מעדאַטן פון די ווינקל־אַקושערינס! דער איינציקער מיטל איינצוהיטן די צוקונפט איז דער — אַז יעדע פרוי זאָל ווערן אַ מוטער בלויז דעמאָלט, ווען זי פאַרלאַנגט עס מיטן אייגענעם ווילן.

—דאָס זעלבע האָט איך טאַקע געזאָגט דעם ריכטער.

—פון היינט אָן מוז מען עס טאַקע האַלטן אין איין ווי־דערהאָלן אַלעמען אומעטום און שטענדיק. אפשר געציילטע, וואָס פאַרנעמען איצט דעם אויבנאָן—קאָנען דערביי פאַרלירן—דאָס גאַנצע מענטשלעכע געשלעכט וועט אָבער אומבאַדינגט פּראָ־פיטירן. קודם כל די פרויען! פאַר צוויי הויפּט־פאָדערונגען מוז איצט געפירט ווערן דער קאַמף פון דער פרוי! פאַר שטים און וואַל־רעכט און גלייכצייטיק פאַר דאָס רעכט צו האָבן אַ קינד ווען און ווי איר געפעלט. ערשט דאַן ווערט איר נישט בלויז גלייכבאַרעכטיקט, נאָר אויך גלייכגעשטעלט מיטן מאַן. נישט שיטן מיט קינדער ווי די בהמות—נאָר באַוווסטזיניק שאַפן אַ גענעראַציע—דאָס איז דער איינציקער וועג צו אייער דע־פיניטיווער באַפרייאונג.

פאַר ספּיס גייסטיקן בליק איז פּלוצלונג ווי אַ ליכטיקע וויזיע, געשטאַנען דאָס נייע בילד, דער פּראָדוקט פון דער גע־שילדערטער פרייהייט. זי האָט פעסטגעשטעלט:

—עס וועט נאָך אָבער לאַנג דויערן!.. אפשר ערשט דאַן, ווען מען וועט פאַרשטיין זיך צו רעכענען מיטן איכות, מיט דער קוואַליטעט, און נישט מיטן כמות—מיט דער קוואַנטיטעט!... און נאָר דעמאָלס ווען אין יעדן הויז וועט זיין אַ גוט פונק־ציאָנירנדיקע וואַסער־לייטונג!

—אַלץ מוז דויערן ביז עס ווערט. און דאָס וועט דער־ווייל די דאָזיקע צבעותדיקע אכזרישע, ווילדע געזעלשאַפט עוואָלוציאָנירן! אָך! ווען די באָמבע זאָל צום אומגליק נישט

גלייכצייטיק אויף אַ טויטברענגנדיק מיטל — וואָלט אַזאַ מין אויפטרייסלונג געבראַכט אַ גוטן אָנהייב!.. כל זמן ס'וועט נישט דורכגעפירט ווערן קיין געהעריגע דערציונג פון די מאַסן — וועט יעדע רעוואָלוציע, נישט געקוקט אויף אַלע אָנשטרענגונגען, בלויז אומעטום פאַרשטאַרקן די עקזיסטירנדיקע אָרדענונג

— הייסט עס, אַז עס איז בכלל נישטאָ קיין אויסוועג! מיר זענען אַלזאָ בהמות, פאַראורטיילט אייביק זיך אַרומצודרייען אין אַן אומענדלעכן קרייז?

— ניין! ניין! מען דאַרף נאָר האָבן דעם גלויבן. קודם כל דעם גלויבן אין גינסטיקן רעזולטאַט פון יעדער אָנשטרענגונג. בעת מען טוט אַ קלער, אַז דער מענטש איז פעיק אויסצובעסערן כל המינים פלאַנצן, אַלע אַרט חיות און בהמות — אַז עס ווערן אויסגעגעבן מיליאָנען פראַנק — צי לשם פאַלשן כבוד אָדער פשוט צוליב רוחים — כדי צו באַקומען די מעגלעכקייט אויף שאַפן אַ נייעם. בעסערן מין דהינער, קראָליקעס, דהינט, פערד, חזירים, — און אַז בלויז דער מענטש איז אויסגעמיטן, גייט לגמרי נישט אַריין אין צעטל פון די באַרימטע וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען, כדי אויסצובעסערן די מענטשלעכע ראַסן, מוז מען אָפן זאָגן: עס איבערשטייגט אַלע גרענעצן פון שטות און אידיאָטיזם! טובערקולאָז, סיפיליס, פראָסטיטוציע, דלות, — די דאָזיקע אַלע מכות, וואָס דעגראַדירן דאָס לעבן — וואָלט מען געקאָנט פאַרניכטן, בלויז מיטן פשוטן אָנווענדן פון דער איינציקער פאָרמול: — באַגרענעצן די געבורטן!.. שוין נישט רעדנדיק וועגן קריג — וועגן דער גרויסער טויט-פאַבריקאַציע — דער פראָדוקט פון דער פעלקער-פאַרבלענדקייט און זייער קורצזיכטיקייט — וואָס קאָנען זיך קיין עצה נישט געבן מיט דער איבערפּראָדוקציע פון זייער מענטשן-מאַטעריאַל! — מ מוז זיך אומבאַדינגט פונאַנדערציען, אָדער עקספּלאָדירן — פאַרגרעסערן דעם באָדן-באַזיץ, אָדער זיך אַריינרייסן ווי אַ פייער-שפּייענדיקער קעסל!.. יאָ ס'איז שוין באמת די העכסטע צייט צו פאַראַפראַזירן דעם פאַרעלטערטן ביבל-אויסדרוק, „פרוכפערט זיך און פאַרמערט אייך!“ —

אַ פּראָזע, וואָס איז געוואָרן דער אומבאַדינגטער לאָזונג פון די עקספּלאָאַטאַטאָרן — קלוגע מענטשן וואָלטן אונז איצט זיכערזאָגן:
— פּרוכפּערט זיך, — אָבער פאַרמערט אייך דווקא נישט!
ער האָט ווייטער גערעדט:
— יאָ! דאָס האָט פון איצט אָן געדאַרפט ווערן די עוואַנ־געליע פון פּראָלעטאַריאַט. אַן אַנטיקער רוף, וואָס ער גופא פאַרשטייט נישט זיין זין!
— ווי קלינגט ער אייגנטלעך? ·
— דער קבצן, וואָס מען האַלט, אַז ער עקזיסטירט בלויז דערצו כדי צוצושטעלן דעם פּאַטערלאַנד נייעם בירגער!
— עס כאַפּט אָן אַ שוידער בלויז ביים געדאַנק, אַז אַזוי איז עס געווען משׁשת ימי בראשית... אַ שאָטן האָט זיך אַדורכ־געטראָגן איבער ספּיס געזיכט...
— מ'וואָלט געדאַרפט האָבן אַ נייעם קריסטוס! כדי צו מאַכן פון אים אַ נייעם גאָט! צו וואָס? לגמרי אַן איבעריקע זאַך! וואָס פאַר אַ זין האָט עס כסדר איבערצוגיצעווען אונזע־רע פעטישן? עס איז גאַנץ געגוג, אַז יעדער אײנער זאָל אין דעם חשק, וואָס רינגלט אים אַרום, קאָנען אַנדעקן דאָס אי־בערמענטשלעכע געזעץ.
זי האָט אַ שמייכל געטאָן, נישט קיין גלויבנדיקע, אָבער דאָס אַ באַזיגטע.
— דאָס דאָזיקע געזעץ, — איז די רעליגיע פון דער ליבע!
אַ שטילשווייגן. זי האָט ווידער אָנגעהויבן:
— די ליבע... די ליבע, וואָס פאַראייניקט צוויי קערפּערס, צוויי גייסטער, צוויי הערצער אין איין געמיינזאַמען גוטן ווילן וואָס איז זיך מקריב פאַר אַלע!.. אַזאַ מין אידעאַל, צי דען עקזיסטירט ער גאָר, און צי וועל איך אים אַ מאָל קענען?
— ער עקזיסטירט! — האָט באַשטעטיקט סעבאַסטיאַן פאַקאָ, מיט דער גאַנצער ענערגיע פון זיין גלויבן, מיטן גאַנצן באַדויערן, וואָס ער האָט שוין ביים סוף פון זיין לעבן און האָט אים נאָך לעת עתה נישט געפונען... ער איז די פיזישע און גייסטיקע באַדערפעניש, דער עקזיסטענץ־פּרינציפּ און דער לעבנס קוואַל פון אַלע באַשעפעניש, — די טרייב־קראַפט פון פאַרגעסן־זיין נשמה — אַן וועלכער ס"וואָלט בכלל נישט כדאי געווען דער

גאַנצער קאַמף!... און דאָס וואָס אַ סך שטאַרבן, נישט האָבנדיק דאָס גליק די דאָזיקע ליבע פּערזענלעך צו געניסן—איז גאָר נישט קיין גענוגנדער גרונט צו צווייפלען אין איר און אין איר עקזיסטענץ. נאָר דער עגאָאיזם און די אומוויסנהייט פון דער איצטיקער מענטשהייט פאַרטויבן איר, האַלטן אויף איר גאַנג און שטופּן אָפּ דעם מאָמענט פון איר פּראַכטפולן גלאַנץ.

איר אָפּגלאַנץ האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין די אויגן פון אַלטן מאַן, האָט אָנגעפילט זיין בליק מיטן ענטוזיאַזם פון אַ גלוי-ביקן, וואָס וואַרפט זיך אהין, צו דער אומזיכטבאַרער וועלט—אין דעם סאַמע מיסטיש האַרץ פון די פאַרבאָרגענע ענער-גיעס... ער האָט איבערגעחזרט מיט אַן אָנהאַלטנדיקער עמאָציע:

—דער אידעאַל, יאָ... דו וועסט אים רעאַליזירן, מיין טייערע, טייערע קליינע, ווען מיין געדאַנק וועט בסדר אין דיר וויברירן, פּונקט ווי ער באַלעבט דיך—איך שפּיר עס—אין איצ-טיקן מאָמענט... פאַר מיר פּערזענלעך האַלט שוין די זון ביים אונטערגיין און ס'קומט אָן די נאַכט... אָבער אַ האַרץ, וואָס פאַרלירט נישט די האָפענונג און דעם גלויבן אין דער ליבע, טראָגט אין זיך גופא די זון פון מאָרגן.

זי האָט געשוויגן, וועלנדיק זיך אַריינטראַכטן אין זין פון זיינע ווערטער, מיט זיי זיך דורכדרינגען... זיי זענען צוגעקומען צום ראָגאָטקע-בנין. אַ רייע פורן האָבן פאַרשטעלט דעם וועג.

—וואָס איז געשען?—האָט זי אַ פרעג געטאָן ביי איי-נעם פון די באַאַמטע, וואָס האָט געדיריזשירט זיין פופקע פאַר דער טיר פון באַראַק אויף דער רעכטער זייט.

—גאָר נישט, אַ סטאַדע שעפּסן...

זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען פאַרן באַאַמטן, און ביידע אומעטיק געוואָרן. אַלע בהמות, אָן אויסנאַם זענען געווען גע-צייכנט מיט אַ רויטן צלם... מיט אַ פלוצלינגדיקן דרוק אין האַרצן האָט זיך ספּי דערמאָנט אָן דעם טרעפּטשן פון יאָזעף סערווינס שעפעלעך, וועלכע זי האָט באַגעגנט אין טאָג פון איר אָנקום אויפן וועג פון אַליוראַם קיין שאַטאָ-רוזש... דעם פאַס-טוכס מעלאַנכאָלישע ליד האָט ווידער געקלונגען אין איר זכרון...

זי האָט אַ קוק געטאָן אויפן פעטער און אָן ווערטער האָבן זיי איינער דעם אַנדערן פאַרשטאַנען.

די שעפסן, באַשטימט צו דער שחיטה, האָבן געשפּרייזט אונטער די קולות און קלעפּ פון לאַנגן שטעקן. אַ צופעליקער טרייבער,—אַ קיילער-יונג, וואָס האָט זיך אונטערגענומען צוצו-שטעלן די בהמות,—האָט זיי געפירט אין שלאַכט-הויז. נישט געווען אפילו קיין הונט.

פראָסט פשוט, פאַרקויפט פלייש.

באַלד וועט מען זיי אויסשחטן. גאַנצע צוויי הונדערט שטיק—צעשראָקענע זענען זיי געגאַנגען, פאַרפלייצנדיק די גאַנ-צע גאַס און די טראָטואַרן.

גלייכגילטיק האָט זיך פאַרבייגעטראָגן די גרויסע מאַסע אויטאָס מיט זייער ווילדן לויפן און אומגעלומפערטן פייפן.

מיט גוטע, טרויריקע בליקן האָבן ספּי און סעבאַסטיאַן פּאַקאָ באַגלייט די סטאַדע שעפסן, וואָס ד'האָבן זיך צעשראָקענע, בעשטויסן, געפּרוווט אַריבערשטייגן, וואָס גיכער אַנטלויפן.

—אָרעמע, עלנטע שעפעלעך—האָט ספּי געמורמלט.

זיי האָבן זיך דערמאָנט אָן די אָנגעפּיקעוועטע אָרעמע שטאָט-פערטלען, ווו גאַנצע מחנות קינדער שאַפן דעם רעזערוו איף צו פאַרגרעסערן דורך זייערע אויסגעקרענקטע, אויסגעדאַר-טע קערפּערס דעם לוקסוס פון די רייכע, אָדער דעם גלאַנץ פון די אַנדערע — בעת זייערע אומגליקלעכע שוועסטערט און מוטערס — די שעפער פון זייער אייגענער פאַרשקלאַפונג — האַלטן זיך כסדר אין איין פּרוכפּערן ממש ווי די בהמות אין זייערע פינצטערע, ענגע, פאַרפעסטעטעטעקאָנורעס—כדי פערמאַ-גענט צו שאַפן דעם נייטיקן מאַטעריאַל פאַר די פאַבריקן, קאַ-זאַרמעס און לופּאַנאַר-שאַנדהייזער... ביידע האָבן זיי, נאָכקוקנ-דיק דער בלעקענדיקער שעפסן-סטאַדע, געטראַכט מכוח דער פינצטערער פאַרשקלאַפונג פון די בהמות בצורת מענטש.

זאַקאָ האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס.

—און זיי זענען דאָך די מערהייט, דער רוב בנין און רוב מנין. ווען וועלן זיי זיך ענדלעך אויסלערנען דערציען, אַנטוויק-לען זייער קראַפט?

ס ען-מ אַ ק ס י ם-ס י ר-מ ע ר.

אָקטאָבער 1926, אַפּריל 1927.

# באַמערקונגען פון מחבר.

די באַגרענצונג פון די געבורטן און אירע גינסטיקע קאָנ־סעקווענצן—די אויסבעסערונג פון דער ראַסע, וואָס ווערט פעיק מיט אייגענע. קרעפטן צו פאַרפולקאָמען די מאַטעריעלע און מאָראַלישע ראַמען פון איר עקזיסטענץ, די דאָזיקע באַגערונג — מוז יעדער לאָגיש דענקענדער מענטש, וואָס וועט זיך כאָטש איינמאָל פאַרטראַכטן איבערן דאָזיקן פּראָבלעם— אנער־קענען אַלס איינעם פון די פרוכטבאַרסטע מיטלען פאַר דער עוואָלוציע פון דער וועלט.

און אָן שום ספק איז עס דער ווירקזאַמסטער גיפט צו טיילן די תולאתן, פון וועלכע ס'ליידט אַמייסטן שטענדיק און אומעטום דער פּראָלעטאַריאַט. דער פּראָלעטאַריער*) איז עד היום געבליבן דער קינדער־מאַכער ווי אין די צייטן פון אַלטן רוים, ווען די מלוכה האָט אים וויניקסטנס דערפאַר באַפרייט פון אַלע שטייערן, זיך באַנוגנדיק דערמיט, וואָס זי האָט מיט־וועמען פאַר אַ ביליקן פּרייז, אָנצושטאָפּן אַלע אירע מאַר־מעס!

*) פּראָלעטאַריער—קינדער־פּראָדוצירער. דאָס איז באַדייטעט די אמתע באַ־דייטונג פון וואָרט.

אַ סך באַוווסטזיניקער ווי אירע שקלאַפן, ווייס די הער־שענדע בורזשואַזיע, וואָס זי האָט צו טאָן, כדי צו באַגרענעצן ביי זיך די צאָל געבורטן, פראָפאַגאַנדירנדיק גלייכצייטיק מיט אומפאַרשעמטער צביעות די נויטווענדיקייט פון צאָלרייכע פאַ־מיליעס*), וואָס עס דאַרף אייגנטלעך, האָבן יעדע אָליגאַרכיע אויף צו באַפרידיקן אירע אַפעטיטן: וואָס מער באַאַמטע מיט וואָס קלענערע געהאַלטן, וואָס מער זעלנער, כדי זיך קענען בעסער פאַרטיידיקן פון איין זייט קעגן די שטרייקן, פון דער צווייטער—כדי בעסער צו אַטאַקירן די שכנישע אָליגאַרכיע...

אַ מאָדנע זאַך! די צווייטע שטערונג, אויף וועלכער עס שטיצט זיך אָן דער פרינציפּ פון באַוווסטזיניקן רעגולירן די געבורטן,—און לגמרי אַן אומגעריכטע—איז די אומפאַרשטענ־דעניש פון געוויסע סאָציאַליסטן גופא.

זיי ווילן אויך דווקא וואָס מער קעמפער, כדי צו וואַרפן זייער רויטע אַרמיי אויף דער האַרטער, אַמפּערנדיקער עקזיס־טענץ פון דער איצטיקער געזעלשאַפט... אַלץ וועט זיך איינאָר־דנען שפּעטער, ווען די רעוואָלוציע וועט שוין אַ דאַנק דער

---

*) ס'האָלט געווען זייער געוויינטלעך דורכצופירן אַן אַנקעטע. ווי ס'האָט געמאַכט אין 1908 דער „אינטראַנסיזשאַנט", נאָר אין אַ ברייטערע פאָרם. די ציפערן האָבן דאַן גאַנץ גענוי באַוויזן, אַז ביי פיר הונדערט פופציק באַרימטע פאַרלעך, די אַזוי גערופענע עליטע, די הויכע געזעלשאַפט, האָט די פראָצענט־נאָרמע פון קינדלען קוים דער־גרייכט ביז איינס מיט אַ דריטל קינד אויף אַ פאַמיליע. די אַנקעטע איז געווען דורכגעפירט ביי באַרימטע פערזענלעכקייטן פון דער אינ־דוסטריע, פון האַנדל. פון דער אַרמיי, פון דער קונסט, ליטעראַטור, פון דער הויכער אַדמיניסטראַציע און פון דער פאָליטיק. ס'איז אינ־טערעסאַנט אַז צווישן די ווייטער אין גאַנצן אָן קינדער פיגורירן די נעמען פון די הערן: דימערג, פּואַנקאַרע, בריאַן, רענאָלט, ביענ־ווני־מאַרטען, שעראָן, קלאָטץ, שוואַרד א. א. ה. א. א. וו. האָט אַנ־באַלאַנגט דעם פּרעזידענט פון „נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד" פאַרן וווּקס פון דער פראַנצויזישער באַפעלקערונג, הער זשאַק בערטילאָן האָט ער זיך אַרויסגעוויזן אַלס דער גרעסטער ציניקער... „טו וואָס איך זאָג, אָבער ניט וואָס איך טו!" אַזוי האָט געקלונגען זיין מאָראַלישער שפּרוך.

קראַפט פון די אַרבעטער-מאַסן, זיין אַ געשעענער פאַקט...

ס'איז אָבער נישט אַזוי! דעמאָלט וואָלט מען געמוזט אָנהויבן אַלץ פון אָנפאַנג.

קודם כל פאָדערט זיך דערציונג! די טעאָרעטיקער פאַרגעסן, אַז מיט דער עוואָלוציע פון די מוטערס, וואָלטן זיי זיבער געמאַכט אַן עקאָנאָמיע אי אין דער רעוואָלוציע, אי אין די אומפאַרמיידלעכע ווידערשטאַנדס-פּרוון. די געוואַלט פון די אויסגעהונגערטע האָט נאָך קיין מאָל נישט געשאַפן קיין אַנדער זאַך ווי געוואַלט.

פון וואַנען זשע נעמט זיך די דאָזיקע פאַטאַלע פאַרבלענדעניש וואָס דער קאַטויילישער און פּראָטעסטאַנטישער גיפט האָבן אַזוי טיף איינגעוואָרצלט אין גרעסטן טייל מענטשן דעם פאָראורטייל קעגן קערפּער, אַז עד היום איז נאָך פאַר זיי אַלץ, וואָס ס'האָט די קלענסטע שייכות מיטן חומר אַמין שענדלעכעס, וואָס שטאַמט נאָך פון אורשפּרינגלעכן חטא און מוז אומבאַדינגט פאַרניכטעט ווערן. יעדער איינער, וואָס האָט די דרייסטקייט אַראָפּ צו רייסן דעם דאָזיקן שלייער—איז אין זייערע אויגן, געוויסערמאַסן, אַ גאָטס-לעסטיקער, און זייער פאַרשטאַנד פּרוווט אַפילו נישט צו אַנאַליזירן דאָ(יקן רעפלעקס.

טאַקע אין דעם זין דאַרף מען איינציגערמאַסן פאַרשטיין די מיינונג פון ניטשען, וואָס דרוקט זיך אויס, אַז „דאס קריסטנטום וואָס האָט פאַראַכט דעם קערפּער... איז איינס פון די גרעסטע אומגליקן, וואָס האָט געטראָפן די מענטשהייט.

זי וועט נישט פּראָגרעסירן אַזוי לאַנג, כל זמן אונז וועט נישט געלונגען צו אונטערשיידן אין דעם דאָזיקן בין השמשות פון די אָפּגעטער" די סמנים פון דער נייער רעליגיע.

דער מענטש-גאָט, וואָס ביט אָפּ דעם קערפּער זיין טייל, איבערלאָזנדיק דער נשמה אַלץ, וואָס ס'קומט איר. לאָמיר אָבער נישט באַהאַלטן דעם פאַקט, אַז דער גרעסטער שונא פון יעדן

איינעם פון אונז אין דעם דאָזיקן גאַנג צו דער זון פון מאָרגן —געפינט זיך אין אונז גופא...

„איך דערמאָן זיך—האָט געשריבן זשאָרעס אין יאָר 1910—אַז קומענדיק קיין פּאַריז מיט דרייסיק יאָר צוריק נאָך אַלס אַ יונגער מענטש, בין איך אין איינעם פון די ווינטער-אָוונטן אין דער דאָזיקער אומגעהייער גרויסער שטאָדט, אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון אַ מין סאָציאַלן שרעק. ס'האָט זיך מיר געדאַכט, אַז די דאָזיקע טויזנטער, טויזנטער מענטשן, וואָס גייען דאָ פאַרביי נישט קענענדיק איינער דעם צווייטן, אַן אומצייליקע מאַסע פאַראייניזאַמטע שאָטנס—האָבן נישט צווישן זיך קיין שום שייכות, קיין שום געמיינזאַמעס.

„און עפּעס מיט אַ מין אומפּערזענלעכער מורא האָב איך זיך געפרעגט, ווי אַזוי האָבן די דאָזיקע אַלע ברואים געקאָנט מסכּים זיין אויף דער אומגערעכטער פאַרטיילונג פון גוטס און שלעכטס, ווי אַזוי האַלט זיך אָט דער דאָזיקער סאָציאַלער בנין און צעשיט זיך נישט אויף שטיקלעך?

„איך האָב נישט געזען קיין קייטן אויף זייערע הענט און פיס און האָב זיך געפרעגט: דורך וואָס פאַר אַ נסים דולדן די דאָזיקע טויזנטער באַרויבטע, עקספּלואַטירטע, ליידנדע יחידים דאָס אַלץ, וואָס ס'איז? איך האָב נישט גוט געזען: די קייט איז געווען אויפן האַרצן, אָבער אויך קייט, וואָס ס'האַרץ גופא האָט נישט געשפּירט איר לאַסט.

דער געדאַנק איז געווען געבונדן, אָבער מיט אַזעלכע שטריק, וואָס ער אַליין האָט זיי נישט געקאָנט. ס'לעבן האָט אַנגעדריקט זיינע פאָרמען אין די גייסטער און די געוווינהייטן האָבן זיי דאָרט פאַרפעסטיקט. דער סאָציאַלער סיסטעם האָט אויסגעפאָרעמט די דאָזיקע מענטשן, ער איז געווען אין זיי גופא, ער איז אין אַ געוויסער מאָס, געוואָרן זייער סובסטאַנץ, זייער מהות, און זיי האָבן זיך נישט אַנטקעגנגעשטעלט דער רעאַליטעט!, דער ווירקלעכקייט, ווייל זיי גופא האָבן זיך מיט איר צונויפגעגאָסן".

דאָ ליגט די קייט נישט אויפן האַרצן, נאָר אין די טי-

פּענישן פון אַטאַוויזם... ציין, לאַנגע דורות הערשאַפט פון פּויפּסטום, פאַרשטאַרקט דורכן קאַלוויניזם און אַנדערע צייטווייליקע קרעפטן—שטעלן זיי מיט זייער פּאָליטישן חושך, אַן עקשנות־דיקן ווידערשטאַנד דער געבורט פון מאַלטוזיאַנישן ליכט.

דאָס דאָזיקע ליכט איז נאָך אָבער כמעט אין גאַנצן באַדעקט מיט שאָטן, ווייל אויב מאַלטוס, דערפילאָזאָף, דער שטאַם־פאָטער פון אַ גאַנצער פּלעיאַדע געלערנטע, ווי דאַרווין, סטיוארט מיל, הערבערט ספּענסער, דריסדעל—האָט אפילו באַוויזן ריכטיק אויפצופאַסן דאָס געזעץ פון באַפעלקערונגס־צוּוווּקס—האָט ער זיך אָבער—אין זיין אייגענעם האָריזאָנט אַלס אַנגליקאַנישער פאַסטאָר—אָנווייזנדיק אויף די פּאָרזיכטס־מיטלען, באַגנוגנט בלויז מיט אַזאַ מין אַבסורד; ווי מאָראַלישע פּרישות, מיט אַנדערע ווערטע: אַנטהאַלטזאַמקייט וואָס פירט צו אויסשעפּונג, אויב נישט צום ריינעם אָדער אומריינעם עראָטיזם!...

ס׳איז גענוג דורכצולייענען „די מנישקע" פון דידראָ און דאָס פינפטע בוך פון „פאַנטאַגרועלס גבורות און דרשות", אַ דיאַלאָג צווישן פּאַנורגען און דעם ברודער פרעדאָן, די .דאָזיקע צינישע פּאַראָדיע אויף דער אַנטהאַלטזאַמקייט פון די מאַנאַכן!

אויף דעם אופן האָט זיך מאַלטוסגעניאַל אין אויסגאַנגס־פּונקט, לגמרי טועה געווען אין וועג.

אָבער טאַקע נאָר דעם נעאָ־מאַלטוזיאַניזם, — וואָס זיין אַפּאָסטאָל אין פראַנקרייך איז פּויל ראָבען, — וועט די צוקונפט האָבן צו פאַרדאַנקען איר מער מענטשלעכן, ברייטערן קוק, איר גרעסערן קוואַליטאַטיוון אַלס קוואַנטיטאַטיוון ווערט—ווייל דער עיקר איז שטענדיק און אומעטום נישט די כמות נאָר די איכות. איך זאָג די צוקונפט, ווייל איצט ווערט די דאָזיקע געזונטע און פּרוכטבאַרע דאָקטרינע—יאָ, די פּרוכטבאַרע!—באַטראַכט דורכן געזעץ אַלס אַ קרימינעל פאַרברעכן... אומזיסט האָט דאָסזעלבע באַוויזן די גאַנצע פילאָזאָפיע פון די פריערדיקע צייטן! ס׳איז גענוג צו דערמאָנען פּלאַטאָנען, וואָס האָט נאָך פאַרן בינע־סאַנגלען אַנטדעקט די „מענטשן־צוכט" און אונטער די אי-

דעאַלע געזעצן פון זיין רעפובליק געפאָדערט די זעלבע דערציונג און גלייכע בילדונג פאַר ביידע געשלעכטער, רעזערווירנדיק פאַר דער מלוכה ס׳רעכט צו דערציען אויף אייגענער רעכענונג די אויסדערוויילטע, וואָס זענען געבליבן נאָכן אָפּפערן די קראַנקע און קאַלעקעס! פלאַטאָן און זיין תלמיד אַריסטאָטעלעס, האָבן נאָך מיט צוויי טויזנט יאָר פאַר מאַלטוסן און זיין פּ אָ ל י ט י ק פראָפּאַגירט וועגן די געבורטס־באַגרענצונגען.

אומזיסט האָבן וועגן דעם געטענהט פון מאָנטענען ביז וואָלטערן, די פראַנצויזישע חכמה און דער פראַנצויזישער זשעני.

די באַגרענצונדיקע עצות, וואָס עס גיט די מאַדאַם דע סעוויניע אין אירע קלאַסישע בריוו דער מאַדאַם גריניאַן, זיי פלאחר־יד נאָך אין זיבצנטן יאָרהונדערט;

און דאָס, וואָס עס האָבן אין אכצנטן יאָרהונדערט געפּרעדיקט מאָנטעסקיע, מאַבלי און אין נייצנטן מישלע און אין אונזער צייט אַזעלכע פערזענלעכקייטן, ווי אַנאַטאָל פראַנס, פּאָל אַדאַן, אָקטאַוו מירבאָ, לאָראַן שיילד, רעמי דע גורמאָן, סעווערין, אַלפרעד נאקע, גוסטאַוו לע באָן, אורבען גאָיע, לוסיען־דע־קאַוו, בריע, מישעל קאָרדע און פיל אַנדערע! — דאָס אַלץ,—וועגן וואָס גרויסע גייסטער האָבן געמעגט פריי דענקען—ווערט איצט באַטראַכט אַלס שעדלעכע, אַנאַרכיסטישע פּלוידעריי!

יאָ: אין ליבעראַלן פראַנקרייך ווערט געהאַלטן פאַר שעדלעך און רעוואָלוציאָנער, דאָס וואָס ס״שרייבט אונטערן אַלגעמיינעם בייפאַל הערבערט אועלס אין ענגלאַנד:

„די געבורטן־באַגרענצונגען איז באמת, זייער אַ וויכטיקער ענין—מער נאָך!—זי איז דער יסוד פון דער קאָנצעפּציע פאַר אַ נייער פאַזע פון מענטשלעכן לעבן, וואָס וועט פייערלעך אַנערקענט ווערן פון דער אַלוועלטלעכער רעפּובליק.

דער געבורטן־קאָנטראָל וועט מיר דינען אַלס פּרוביר-

שטיין פאַר דער אָרטאָדאָקסיע צווישן ליבעראַליזם און רעאַקציע.

די אַלע, וואָס זענען פאַר דער געבורטן - באַגרענצונג— גייען מיט מיר און שוין ממילא מיט דער נייער וועלט; אַלע, וואָס זענען קעגן איר — זענען גלייכצייטיק אויך קעגן דער פּראָגרעסיווער רעוואָלוציע.

און ווייטער זאָגט ער:

„איך האָב לגמרי קיין קרענקונג נישט פון דעם פאַקט, וואָס אין יאָר 1922 איז אין ענגלאַנד די פּראָצענט-נאָרמע פון געבורטן געווען אַ סך נידעריקער ווי אין די פריערדיקע יאָרן. ביי אַנדערטהאַלבן מיליאָן אַרבעטסלאָזע וואָלט איך וועלן, זי זאָל נאָך מער פאַלן און איך האָף, אַז אַזוי וועט עס זיין איך האָף, אַז עס איז נישט ווייט די צייט, ווען יעדעס קינד אין ענגלאַנד וועט געבוירן ווערן ערשט דאַן, ווען זיינע עלטערן וועלן האָבן דעם פאַרלאַנג אים צו ברענגען אויף דער וועלט —ווייל זיי ווילן האָבן אַ קינד—און וועלן קאָנען אים דערציען. עס וועט קומען אַ טאָג ווען די וועלט וועט האָבן דורכגעגאַנגען די דאָזיקע פּראָלעטאַרישע אַנטוויקלונגס-פאַזע פון עקאָנאָמישן לעבן און ווען דאָס רעגולירן די געבורטן וועט ווערן אַ געשעענער פאַקט אויף דער גאַנצער וועלט.“

און ווייטער לייענען מיר:

„איך קאָן נישט שאַפן קיין פעסטע, אַלוועלטלעכע רעפּובליק, אויב עס וועט, נישט געקוקט אויף זיין יאָך, ווייטער דויערן דער אויטאָמאַטישער וווּקס פון דער באַפעלקערונג פּאַראַלעל מיטן באַגרענעצטן וווּקס פון די נויטווענדיקסטע נערונגס-מיטלען, און וואָס קאָן זיך בשום אופן אַנדערש נישט אָפּשטעלן ווי דורך אַן אַלגעמיינעם גרונטלעכן שטודירן און אויסנוצן די מעטאָדן און מיטלען פאַרן באַגרענעצן די צאָל געבורטן. די מאַטעריעלע דערגרייכונגען פון נייִנצנטן יאָרהונדערט זענען איינגעשלונגען געוואָרן דורכן כאַאָטישן וווּקס פון דער באַפעלקערונג. זאָל מען ווענדן די געהעריקע אויפמערקזאַמקייט דעם קאָנטראָל פון די געבורטן, און עס וועט

פאַרשווינדן דער קאַשמאַר פון אַ ציוויליזאַציע, וואָס געפינט זיך אונטערן אומאויפהערלעכן וווקס פון טרויעריקע, עלנטע, הונגעריקע קינדער—און מענטשן-מחנות... קיין שום מענטשן-אָרט איז נישט אַזוי להוט צו ברענגען אויף דער וועלט וואָס מער קינדער... ס'איז נישטאָ קיין איין אָרט מענטשן, וואָס האַלטן נישט אָנגענומען מיט שמחה די הילף און די פרייהייט, וועלכע עס וועט זיי ברענגען דאָס רעגולירן די געבורטן, די פאַרלייכטערונג פון פאַמיליען-עול. די ליבע און דער שטאָלץ צו האָבן קינדער איז אַ גאַנץ געניגנדע אַסעקוראַנץ פאַרן קיום-המין, פאַרן פאַרזעצן פון די מענטשלעכע ראַסן און די דאָזיקע עכטע ליבע, דער דאָזיקער שטאָלץ שטייען אין שטאַרקסטן ווידערשפרוך מיט דער צאָלרייכער פאַמיליע, ווו די אויסגעמאַטערטע פאַרהאָרעוועטע מאַמע מוז אַלץ אַליין פאַרזאָרגן—דאָס כאַראַקטעריסטישע בולטע בילד פון „יעדער פראָלעטאַרישער פאַמיליע".

דידאָזיקע אמת'ן, וואָס קיין שום אָבסקוראַנטיזם קאָן נישט פאַרפינצטערן זייער אומבאַפלעקטן גלאַנץ—ווערן ביי אונז דורך שטאַטס-דאָקטרינען פאַרפאָלגט, פאַראורטיילט, באַשטראָפט; אין פרינציפ, פאַלט אַרונטער דאָס פראָקלאַמירן, דאָס פראָפאַגירן דידאָזיקע אמת'ן אונטער אַ באַשטימטן געזעץ-פאַראַגראַף וואָס ווערט אָבער. פאַקטיש איגנאָרירט, דאָס טרויריקע געזעץ פון אויגוסט 1920 איז אַ שאַנדפלעק אויף די געזעץ-געבער און אויפן גאַנצן לאַנד.

די נעאָ-מאַלטוזיאַנישע פראָפאַגאַנדע איז נאָך פאַרן קריג געווען שטאַרק פאַרפאָלגט אָבער מוטיק, נישט געקוקט אויף די פאַרפאָלגונגען, איז זי אָנגעפירט געוואָרן דורך אייזשען הומבערט ביי דער מיטאַרבעט פון גאַבריעל האַרדי, זשאַן מאַרעסטאַן, מאַרינאָן, לעריקאָלע, וויקטאָר מעריק, פערנאַנד קאָלניי א. א. וו. פאַרפאָלגט איז דידאָזיקע פראָפאַגאַנדע געוואָרן אומדירעקט ווייל עס האָט נאָך נישט עקזיסטירט קיין געזעץ, וואָס זאָל געבן די מעגליכקייט דער בורזשואַזער געזעלשאַפט צו פירן קעגן איר אַן עפנטלעכן קאַמף, עס האָט דעריבער כלומרשט געהייסן דער קאַמף קעגן פאָרנאָגראַפיע.

די בראַנזשעס פון יענער עפּאָכע האָבן כּאַראַקטעריזירט דעמדאָזיקן פּרווו אויפצוקלערן די מאַסן אַלס שענדלעכן אַטענטאַט אויף דער מאָראַליטעט פון פאָלק, אַלס „זיטן־לעסטערונג", אַן עלאַסטישער באַגריף!... מיר זענען דאַן געווען אַ פּערזאָן פופציק שריפטשטעלער און שריפטשטעלערינס, דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, פּאַרלאַמענטאַריער — וואָס האָבן זיך אונטערגעשריבן אונטער אַן עפנטלעכן פּראָטעסט קעגן דעמדאָזיקן חוצפּהדיקן און נאַרישן מאַנעוור.

עס איז געווען אַן אָפענער בריוו אַדרעסירט צום „פּאָטער פון צניעות", אויסגעהאָנגען אויף די מויערן פון פּאַריז, פאַרעפנטלעכט און קאָמענטירט כמעט דורך אַלע פּראָווינציעלע צייטונגען. וויפל מענטשן וואָלטן היינט געהאַט אַזאַ מין כח?

עס איז געקומען דער קריג. אַ מיליאָן מיט זיבעציק טויזנט געהרגעטע און פּונקט אַזוי פיל פאַרוווּנדעטע וואָס דער טויט האָט זיי ביסלעכווייז אָפּגערוימט... אַ מוראדיקער פאַרלוסט נאָך וועלכן די „בעטי פּאָסידענטעס"*) האָבן געפונען פאַרנוצלעך אַ פרישן בלוט־צופלוס:

פון אַ כלומרשט מאָראַלישן שמוציקער האָט זיך פּלוצלינג די נעאָ־מאַלטוזיאַנישע דאָקטאָרינע פאַרוואַנדלט אין אַן אַנטי־פּאַטריאָטישער.

אַלס אַזעלכע האָט, איר עפנטלעך דעקלאַרירט דער נאַציאָנאַלער־בלאָק.

צו וואָס זאָל מען גיין מיט זייטיקע־וועגן? טריומפירנדיק האָבן די מאַכטהאָבער — די קצבים, געפייערט זייער נצחון.

נאָך די טרויעריקע געשעענישן פון די שרעקלעכע יאָרן און נישט געקוקט אויף די שוואַכע געבורטן־פאַרגרעסערונג, באַלד נאָך זיי, — האָט די אַבאָרטן־עפּידעמיע געווילדעוועט מיטן זעלבן טעמפּאָ ווי בעתן קריג — און די סוחרים פון „מענטשן־מאַטעריאַל" האָבן באַשלאָסן, אַז מען מוז אומבאַדינגט זען וואָס

*) בעטי פּאָסידענטעס — די גליקלעכע פאַרמעגלעכע.

גיכער צו פאַרריכטן דאָס וואָס זיי האָבן אומברחמנותדיק פאַר-ניכטעט.

אויף דעם אופן איז אין איין שיינעם פרימאָרגן, דעם 23 יולי 1920 אָן שום טרומייטן און פויקן, וואָטירט געוואָרן אין פאַלע-בורבאָן דאָס מערדערישע געזעץ—נישט געקוקט אויף דער אנטשלאָסענער אינטערווענץ פון פראָפעסאָר פינאַרד און די מוטיקע פראָטעסטן פון אַנדרע בערטאָן און דאָקטאָר סאָרוטשי — וואָס פאַרפאָלגט און דער זעלבער מאָס, סיי דאָס רעדן צו אַבאָרטן, סיי די אַנטי-געבורטס-פראָפּאַגאַנדע.

כאָטש דידאָקטיקע צוויי שטאַרק קאָמפּליצירטע און לגמרי צעטקעגנגעזעצטע פראַגן האָבן גאָרנישט פיגורירט אויף דער גע-וויינלעכער טאָג-אָרדנונג האָט מען דאָך געשווינד פאָראָרדנט אַ דיסקוסיע גלייך אויף דער ערשטער מאָרגן-סעסיע.

דורך אומדייטלעכע ביולעטענען האָט מען זיך פריער פאַר-זיכערט מיטן הסכם פון דער מערהייט. מילעראַן האָט געפירט דעם פאָרזיץ.

די אָפּשטימונג איז דורכגעפירט געוואָרן אין פאַרלויף פון דריי סעקונדן, גלייך ראַטיפיצירט געוואָרן דורכן סענאַט וועל-כער האָט אפילו נישט געהאַלטן פאַר נויטיק נאָך אַ מאָל עס דורכצוזען.

אומזיסט האָט אַנדרע בערטאָן אונטערשטרייכנדיק די אומפּינקטלעכקייטן און פעלערן פון טעקסט געפאָדערט אַ גענויע באַאַרבעטונג, וואָס איז נאַטירלעך נישט מעגלעך ביי אַ אַזעלכע אומגעלומפּערטע בהלהדיקע דעבאַטן.

דער פאָרשטאָרבענער איגנאַץ, דער פרעזידענט פון דער קאָמיסיע פאַר דער ציוויל און קרימינעלער געזעצגעבונג האָט, זיך צונויפרעדנדיק פריער מיט דער רעגירונג — אין דער שטיל צוגעשטעלט דעמדאָזיקן טעקסט אפילו אָן שום קאָנטראָלן פון דער היגיענישער קאָמיסיע...

דער יוסטיץ-מיניסטער אַרויסווייזנדיק זיין פּוועזרענע פאַר-ראַכטונג צום דאָזיקן געזעץ, האָט געהאַט די העזה צו — זאָגן.

—אז עס וועט נייטיק זיין וועלן מיר באַוויזן שפּעטער עס צו באַאַרבייטן. דערווייל שטימט, לכל הדעות!

דער צייטונגס-רעפּאָרטער אָנרופנדיק דעמדאָזיקן אויסגע-טראַכטן וואַל-רעזולטאַט: געזעלשאַפטלעכע גליקזעליקייט האָט זיך שפּעטער גאַנץ רויק מודה געווען אין ברוטאַלן געדאַנק פון דער רעגירונג:

„זייענדיק תּמיד שעדלעך און שטראָפּבאַר ווערט אָבער די אַנטי-געבורטן-פּראָפּאַגאַנדע איצט נאָכן שרעקלעכן קריג ממש אַפּאַרברעכן חייל צוליב איר פּאָרויפּבאַשטימטן וועג, מוז איצט פאַרבן קריין מיט אַלע כשרע מיטלען זיך באַמיען צו פאַרגרעסערן איר באַפעלקערונג.

דאָס איז אָבער אַ מיינונג פון בלינדע. אַ שלעכטס גע-זעץ דערגרייכט תּמיד איין איינציקן רעזולטאַט: מען דרייט זיך פון אים אַרויס.

ביים איצטיקן יקרות, ביי די איצטיקע שווערע לעבנס-באַדינגונגען וועט דאָסדאָזיקע געזעץ בשום אופן נישט זיין אימשטאַנד צו צווינגען וועמען נישט איז צו פאַבריצירן קינ-דער.

עס וועט נישט שטערן נישט דעם זאַסן גביר, נישט דעם הונגעריקן קבצן זיך צו באַנוצן אין דער שטיל מיט אַלע מעגלעכע פאָרזיכטס-מיטלען.

אַלץ מער און מער וועלן אויך סוף כל סוף—נאָכטועגדיק דעם ביישפּיל פון די אויבערשטע, פון די אויסדערוויילטע—אויך די אונטערשטע שיכטן קומען צו דער איבערצייגונג, אַז דער ערשטער פּאַליאַטיוו קעגן אָבאָרטן פון קינדער-שטערבליכקייט—איז די געבורטן—באַגרענעצונג, אַז נאָר אַ דאַנק איר קאָנען געשאַפן ווערן געזונטע נאָרמאַלע לעבנס-באַדינגונגען פאַר קינדער, וואָס מען וועט וועלן זיי ברענגען אויף דער וועלט.

בלויז פאַר קאַרפּן און קראָליקעס האָט אפשר אַ זין צו רעפּראָדוצירן אַזוי פיל קאַרפּן און קרוליקעס וויפיל עס פאָדערט דאָס מעסער פון וויוויסעקטאָר אָדער דער גאָפּל פון גאַאָס טראָנאָם!

וואָס פּראָדוצירען מענטשן—קינדער דורך מאַן און פרוי דורך די דרויסער פון דער וועלט, פאָדערט לגמרי אַנדערע באַדינגונגען!

די פינף הונדערט איין און אַכציק דעפּוטאַטן, וואָס האָבן צוזאַמען מיטן גאַנצן סענאַט, נישט רויט ווערנדיק פאַר חרפּה אונטערגעשריבן דעמדאָזיקן פאַרלאַמענטאַרישן אַבסורד, מוזן אָבער קודם כל וויסן אַט וואָס: אַ געזעץ, וואָס פאַרגלייכט דעם פּראָפּאַגאַנדיסט פאַר אַ באַוווּסטזיניקער געגנעראַציע מיט אַ מפּיל-מאַכערין מיט פאַרבלוטיקטע הענט—אַזאַ געזעץ איז אַן אומפאַר-שעמטע חוצפּהדיקע אומגערעכטיקייט!

היפּאָקריטעלפּך איז אָבער נויטיק, אַז יעדער פּראָווינץ זאָל וויסן אַט וואָס:

דאָס געשיקטע קונצשטיק מיטן דורכשמוגלען דאָס געזעץ פון 23 יולי 1920, איז אַ שענדלעכער אויפטו פון דער שטאַרק באַאומרויקטער רעאַקציאָנערער רעגירונג, וואָס וויל נאָכן שרעק-ליכן בלוטבאָד וואָס גיכער ווידער האָבן צוגעגרייט די נויטיקע מאַסע האַרמאַטן-פלייש—דערדאָזיקער אויפטו איז נישט בלויז אַן אומגעלומפּערטער אַטענטאַט אויף דער געזעלשאַפטלעכער פרייהייט, ער גלייכצייטיק אויך אַ נאַרישע אַרויספאָדערונג געוואָרפן דעם גאַנצן מענטשלעכן פּראָגרעס.

**וויקטאָר מאַרגעריט.**

# ענדע

